

ל. זאמאנקצוויטש

קוילצייכענונג פון פ. פאַצאַנאָווסקאַ

# אינהאַלט

ג



ד

# פֿאָרוואָרט

די יאָרן פון חורבן האָט דער מחבר פון דעם בוך פֿאַרבראַכט אין באַקוועמסטן אָרט פון גיהנום, וואָס פֿראַנקרייך איז דעמאָלט געווען פֿאַר אַ ייד אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע.

אין די פֿינצטערע קאַשמאַרן פון אַ פֿאַרשטעקטן ייד האָט ער געזען זיין משפחה, זיין פֿרוי און זיינע צוויי קינדער אָדער זיך אַליין, אַריינגעפֿאַלן אין דער נעץ פון די „כאַפּערס". אין געוויסע זוניקע טעג פון פֿאַר דער באַפֿרייאונג איז אים צוריקגעקומען די האָפֿענונג אויף אויסלייז, צוזאַמען מיטן חלום פון אויפֿלעב פון געדרוקטן יידישן וואָרט.

דאָס פֿעלן פון יידישן וואָרט האָט גאַנצע יאָרן געקלעמט נישט ווייניקער ווי אַלע אַנדערע פֿיזישע און מאָראַלישע יסורים.

און זיכער איז אַט דער חלום געווען פֿאַרן מענטש שוין דעמאָלט אין די פֿערציקער יאָרן דער סטימול וואָס האָט אים באַווירקט ווי נאָר דאָס יידישע וואָרט איז באַפֿרייט געוואָרן צוזאַמען מיטן יידישן לעבן, צו נעמען די שרייבערישע פֿעדער אין האַנט אַריין.

דאָס דאָזיקע בוך, דאָס צווייטע וואָס איך שיק אין דער עפֿנטלעכקייט, האָב איך לכתחילה געטראַכט אַ נאָמען צו געבן: „שיימעס אויפֿן ווינט". דער נאָמען האָט געזאָלט זיין דער אויסדרוק פון אַן אומעט און אַן אומרו וואָס נעמט אַרום און באַדאַרף אַרומנעמען אַ יידישן מחבר ווען ער שיקט אַרויס אַ בוך אויף אַ יאַריד, ווו עס רודערט זיך נישט, און אויף וויפֿל עס רודערט זיך און יאַרידערט זיך יאָ, איז עס מער מצד די מחברים ווי מצד די לייענער.

שפּעטער האָט זיך מיין מחשבה אויסגעלייטערט און פּאַראַלעל צו איר, האָט זיך אויך געמילדערט מיין שטימונג, און איך האָב באַשלאָסן אָנצורופֿן מיין בוך: „אותיות אויפֿן וואַסער". וואַסער איז דער המשך פון יבשה, און וואַסער שיקט אַמאָל צוריק וואָס עס האָט איינגעשלונגען.

און איך דערמאָן זיך: בעת מיינעם אַ באַזוך אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק פון אַמסטערדאַם, האָט מיר דער לייטער פון דער יידישער אָפּטיילונג, פֿריינד

ל. פוקס, געוויזן אַ פּאַרמעטענעם כתב־יד פון אַ הלכה־ספר „אור זרוע", וואָס איז געפאַלן אין ים אַריין בעת אַ שטורעם, און איז דערנאָך צוריק אַרויסגעשווומען ביי די ברעגעס פון האָלאַנד, אין אוטרעכט. יידן האָבן דעם מאַנוסקריפּט געפונען און פאַרעפנטלעכט. ער האָט זיך דערנאָך פאַרשפּרייט ווי אַ רבנישער „בעסט־סעלער" בכל תפוצות ישראל.

דער מחבר פון ספר איז געווען ר' יצחק פון ווין, אַ תלמיד פון מהר"ם מרוטנבערג.

נאָך די אַלע מחשבות האָב איך אויסגעקליבן פאַר מיין בוך דעם נאָמען „ווערטער און ווערטן": אייגענע ווערטער וועגן נישט אייגענע ווערטן. כמעט קריטיק. און קריטיק ווערט באַטראַכט ווי אַ שטיפקינד פון דער ליטעראַטור. פאַר מיר אַליין איז קריטיק אַ ליטעראַטור־פּרעטעקסט, אַן אויסרייד דורך „יענעם" צו זאָגן אייגנס. אָבער עס בלייבט, אַז קריטישע אָפּשאַצונגען זענען אַן אומ־דאַנקבאַרע רובריק אין דער ליטעראַטור. זיי באַפרידיקן זעלטן די מחברים איבער וועלכע עס שרייבט זיך, זיי באַפרידיקן נאָך זעלטענער דעם אָפּשאַצער גופא.

און דעם לייענער? ער איז דאָך ביי אונדז אין גאַנצן אַ ספק עקזיסטירנדיקער.

אָבער איינער פון אונדזערע בעסטע פּאָעטן און קלוגע קריטיקער האָט שוין זיינס אַ בוך אָנגערופן: „פרייד פון יידישן וואָרט". דעם יידישן מחבר בלייבט נעבן אַ מעלאַנכאָלישן אומעט די פרייד פון יידישן וואָרט.

און דאָס איז נישט ווייניק.

ל. ד.

# קולטור און פאָלק

פאַראַן יסוד־באַגריפן, איבער וועלכע עס זענען שוין אָנגעשריבן געוואָרן גאַנצע ביבליאָטעקן אין אַלע לשונות פון דער וועלט, און דאָך — און אפשר דערפאַר — ווען עס קומט אויס זיך צו באַנוצן מיט זיי, מוז מען לטובת זייער ריכטיקער אָנווענדונג יעדעס מאָל אויפסניי דעפינירן זייער מהות.

נעמט אַזעלכע פונדאַמענטאַלע באַגריפן ווי „קולטור" און „ציוויליזאַציע". אַלע הויפּנס ביכער, וואָס דעפינירן זייער כאַראַקטער, שטעלן פעסט זייערע אייגנשאַפטן, אַנטוויקלען זייערע געשיכטעס און מאַסשטאַבן פון נאַציע אָדער וועלט, צייכענען אָן זייערע גרענעצן און פירן דורך זייערע שייד־ליניעס, קענען אייך גאַנץ ווייניק דינען אין באַזונדערע קאָנקרעטע פאַלן, און צומוויניקסטן ווען עס גייט וועגן זייער אָנווענדונג אויפן געביט פון יידיש־לעבן, וווּ אַלע באַדינגונגען זענען אַזוי אַנדערש, אַזוי אומסטאַביל. דאָ מוזט איר זיך פאַרזאָרגן מיט אַן אייגענער לשמה־דעפיניציע, צוגעפּאַסט צום ענין, „אַד־האָק"־דעפיניציע.

נאַטירלעך איז עס נישט קיין וואַקאַבולערער ענין, נישט קיין פראַגע פון דערקלערן ווערטער, נאָר פון אָפּצוימען און אָפּגרענעצן דעם באַהאַנדלטן שטח, זיך נישט צו פאַרלירן אין פוסטן חלל פון ווערטער.

לאָמיר בכן, איידער מיר טרעטן אַריין אינעם תוך פון אונדזער טעמע, אויפסניי מושווה ווערן איבערן ווערט און אינהאַלט פון די גרונט־טערמינען וואָס דינען אונדז פאַר אַן אַרויסגיי־פונקט:

אונטער „קולטור" פאַרשטייען מיר, עקזיסטענץ פון אַן אומאיבערגעריסענעם שטראָם פון שאַפערישע כוחות פון אידעען, אידעאַלן, אייניציאַטיוון און ענערגיעס, אַרויספליסנדיקע פון שותפות־באָדן פון אַ געגעבענעם קאָלעקטיוו; אונטער „ציוויליזאַציע" פאַרשטייען מיר, רעאַליזירטע אידעען, אין לעבן דורכגעפירטע אידעאַלן, וואָס צוליב זייער רעאַ־

ליזירונג זענען זיי מער נישט באַהאַפטן אין זייער באָדן, נאָר זיי זענען שוין דער קנין פון דער מענטשהייט.

שותּפות־באָדן אין אונדזער פאַל מיינט: נוסח, פאָלקס־שטייגער, טאָג־טעגלעך פליסנדיקע פאָלקישקייט, אינסטינקטיווער און באַוווסטזיני־קער באַגער, פון אַלע טיילן פון געגעבענעם ציבור ממשיך צו זיין אַ קאָ־לעקטיוו־לעבן. פון דאָזיקן זאַפטיקן באָדן שטייגן אויף פעסט־שטאַמיקע פלאַנצן אין געשטאַלט פון שאַפערישע אידעען, בליען אויף און באַנייען פעריאָדנוויז זייערע פּירות. ווען די אידעען נעמען אָן ממשותדיקע פאָרמען אין לעבן, רייפן און רעאַליזירן זיך, ווערן זיי ווי די צייטיקע פרוכטן, אַראָפּגעפאַלענע פון בוים, הפקר פאַר יעדן אויפקלויבער, גרייט פאַר יעדן געניסער. זיי בילדן אַ טייל פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

ציוויליזאַציעס קען מען אָפּטיילן פון זייערע שעפערס. אַנדערש איז עס מיט קולטורן. זיי זענען באַהאַפטן אין שטאַם, פאַרוואָרצלט אינעם באָדן און מיט זייער פאַראַנענקייט זאָגן זיי עדות אויף דער עקזיסטענץ פון שטאַם און וואָרצל.

זענען מיר ייִדן — אין ליכט פון אונדזער דעפיניציע — אַ קולטור־קאָלעקטיוו, פון וועמענס שותּפותדיקן פאָלקס־באָדן עס שפּראָצן, געדייען און רייפן אידעען, אָדער געפינען מיר זיך שוין בבחינת פאַרגליווערטע ציוויליזאַציע, אַ פּרי אָן אַ באָדן, אַ פלאַנץ, אָן וואָרצלען, אָן פּערספּעק־טיוון פון אויפבלי און באַנייאונג?

עס איז געגנוג אַזוי די פראַגע צו שטעלן כּדי גלייך איינצוזען, אַז הגם מיר זענען נאָך נישט דערגאַנגען צום פּונקט פון יאוש, זענען מיר שוין דערגאַנגען צום פּונקט פון אַלאַרם־צושטאַנד.

עס איז נאָך נישטאָ קיין אָרט אויף פאַרצווייפלונג. נאָך האָט דאָס ייִדישע פאָלק אויף דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע פון זיין קאַטאַסטראָ־פעס־רייכער געשיכטע, געקענט ענטפערן מיט נאַציאָנאַלער איניציאַטיוו, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין דער וועלט־געשיכטע, מיט אַן איינזאַמ־לונג פון זיינע צעשטויבטע, צעממיתטע מאַסן אויף דער ערד פון וועלכער ער איז געווען דערוויטערט אין לויף פון הונדערטער און הונדערטער יאָרן; נאָך האָט דאָס ייִדישע פאָלק געקענט קאָנצענטרירן אַרום זיין אויס־

לייז־ווערק דעם דינאַמיזם און די ענערגיעס פון מיליאָנען יחידים פון אַלע זיינע צעשפּרייטע שבטים.

שטייען מיר אין פלוג פאַר אַן אַקט פון אַ גרויסן כלל־נאַציאָנאַלן אויפבּוי און פון זיין טאָג־טעגלעכער בשותפותדיקער רעאַליזירונג, ביידע בולטע סימנים פון אַ שאַפערישן קאָלעקטיוו. איז אָבער געגוג זיך אַ ביסל נענטער צוצוקוקן, כדי איינצוזען, אַז די מאַסן־באַטייליקטקייט פון אַלע חלקים פון יידישן פאָלק אין זיין הויפּט־ווערק איז מער אַן אויסער־לעך פילאַנטראָפּישע ווי אינערלעך־שעפערישע, איז מער פאַר „יענעם" ווי פאַר זיך. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי דאָס וועלט־יידנטום וואָלט זיך דורך ישראל געוואָלט אויפשטעלן אַ קאָלעקטיוון קדיש־זאָגער, אַ קאָלעק־טיוון משניות־לערנער. אַזאַ באַטייליקטקייט גיט נישט קיין גאַראַנטיעס פון אַן אייגענעם מיטבּוי מיטן אויפבּוי און אויף וויפל זי וואָרצלט יאָ אין אַ היסטאָרישן שותפות־סענטימענט איז זי נישט פאַרזעצט אין אַ טיפן פאָלקס־באָדן פון טאָג־טעגלעך פליסנדיקער יידישקייט, זי איז אינערטיש און נישט ספּאָנטאַניש. אינערציע קאָן נישט האָבן קיין אויסדויער־כוח, זי מוז כסדר אָפּגעשוואַכט ווערן ביז צום פאַרשווינדן, מיט דער פאַרשווינ־דונג פון דור אָדער פון די דורות, וואָס זענען נאָך געווען באַווירקט פון אַן אַמאָליקן כוח הדוחף.

דעמאָלט קאָן זיך ערשט אַרויסשטעלן די סכּנה אין איר גאַנצער פולקייט. מיר וועלן זיך דעמאָלט געפינען אין דער אָנוועזנהייט טאַקע פון אַן אויסגעבויטן צענטער מיט אַלע אַטריבוטן פון אַ קולטור־שאַפערישן שטאַם אין ארץ־ישראל, אָבער אין דער אייגענער צייט, פּנים אל פּנים מיט אַן אָפּדאַרונג פון אַלע זיינע וויַיט־אַרויסגעשיקטע צווייגן.

דער אָנשטרענג, פון וועלכן מיר זענען עדות, קומט פון אַ יידנטום, אָבער נישט פון אַ יידישקייט. מען קען בולט אָפּטיילן אַ דינאַמיזם פון יידישע יחידים באַזונדער און פון אַ יידישקייט אַן יידן באַזונדער. די סעגרעגאַציע שטעלט אונדז דערווייל אַוועק אין אַ צושטאַנד צווישן קול־טור און ציוויליזאַציע, אָבער שנעל גייען מיר צום צושטאַנד, ווען דער דינאַמישער ייד אָן יידישקייט וועט פאַרשווינדן און עס וועט בלייבן אַ

יידישקייט אָן יידן. אַ מומיפיצירטע ציוויליזאַציע אָן אַ לעבעדיקן טרעגער, אָן אַ באָדן פאַר געשיכטע.

אַנדערש איז עס געווען ביז איצט. במשך פון אונדזער לאַנגער געשיכטע האָבן מיר קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זיין אידעאיש שעפעריש. נישט אויפגעהערט צו זיין אַ נושא פירותדיקער שטאַם. לאַנגע הונדערטער יאָרן זענען מיר אייגנטלעך געווען בלויז דאָס. מיר האָבן קיין אַנדערע געשיכטע ווי אַ קולטור־געשיכטע נישט פאַרמאָגט. אויב עס זענען געווען תקופות פון אַ געוויסער גייסטיקער הוילקייט, איז אָבער קיינמאָל נישט געווען קיין תקופה אָן פּאָטענציעלער שעפערישקייט. עס איז שטענדיק און אומעטום פאַראַנען געווען דער זאַפטיקער באָדן, וואָס האָט אין זיינע טיפענישן געטראָגן אַלע זוימען פון אַרויסשפּראָץ, וואָס האָט אין זיינע לאַטענטע טיפענישן צוגעגרייט אידעען און פאָלקס־איניציאַטיווען. נביאים, משנה, תלמוד און מדרש בבלי, נוסח ספרד און נוסח אשכנז, קבלה, פילאָזאָפיע און פּאָעזיע אין שפּאַניע און פּראָווענסאַליע, קבלה אין צפת, משיח־באַוועגונגען, חסידות, השכלה, די נייע יידישע און העברעאישע ליטעראַטורן, אַלע האָבן זיי פאַרמירט אָן אומאיבערגעריסענע קייט פון יצירה, אַרויסשלאָגנדיק פון זאפטיקן באָדן, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט איבער צייטן און שטחים און אויסגעפורעמט דאָס איינהייטלעכע פּנים פון כנסת ישראל. ערשט דער חורבן האָט די קייט איבערגעריסן.

דער לעצטער און וויכטיקסטער רינג אין דער קייט פון דורותדיקער איינגעפונדעוועטער יידישקייט איז געווען דער פאַר אונדזערע אויגן חרוב־געוואָרענער מזרח־אייראָפּעאישער צענטער. זיין שפּרודלדיקייט — אָן אויסטערלישע; זיינע דערגרייכונגען — ווונדערלעכע. אַלץ ביי וואָס מיר זענען געבליבן, אַלץ וואָס מיר האָבן דעראָבערט, די גאַנצע עשירות פון גייסט, רייכקייט פון אידעען, די אַלע אוניווערסאַלע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידעען, וואָס מיר האָבן פאַר זיך און פאַר אַנדערע פונאַנדערגעטראָגן איבער דער וועלט, קומען פון זיין ירושה. אונדזער גרויסער ביישטייער צו אלע געפינסן און אויפטועך פון די לעצטע צענדליקער יאָרן, קומט אַלץ פון די קינדער און אייניקלעך פון יענע אָן תכליתדיקע „בטל־

נים״, וואָס האָבן זייערע טעג און נעכט פאַרברענגט איבער די שווערע גמרא־פּאָליאַנטן, און פון די עילויים פון אַלע שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן נאָך אַליין אין זייערע קינדער־יאָרן אַריינגעניגונט זייערע חלומות און בענקשאַפטן אין דער גמרא אַריין.

און דאָס קינד פון פאַרחושכטן בעל־מלאכה, דער שניידער־געזעלן, וועמען עס זענען מיאוס געוואָרן די ד׳ אמות פון דחקות, וויפל גרויסע טראַנספאָרמאַציעס, אָרגאַניזאַציאָנעלע אוןווירטשאַפטלעכע, וויפל שאַ־פונגען פון נייע אינדוסטריעס, פון נייע צווייגן פון מענטשלעכן געברויך, האָט די גרויסע וועלט צו פאַרדאַנקען זיינע אַטאַוויסטישע כשרונות — רעזולטאַטן פון דער מזרח־אייראָפּעאישער קוזשניע פון מוח־שאַרפעריי?

אונדזערע בנימין השלישיס, וואָס האָבן מכלומרשט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך הינטער די ראָגאַטקעס פון טונעיאַדעווקע, זענען אַרי־בער אַלע סמבטיונס פון דער וועלט. פון זייערע אָרעמע אָבער כאַראַק־טערפולע היימען האָבן זיי אַרויסגעטראָגן אַן אַ שיעור ענערגיעס, וואָס האָבן געסטייעט פונאַנדערצובויען דעם מאַטעריעל־רייכסטן יידישן ישוב פון אַלע צייטן אויף יענער זייט ים און אַפילו דאָס לאַנד פון די אָבות אַרויסצושניידן פון חומש און דערפון פונאַנדערבויען אַ היים פאַרן איי־געגעם שארית.

וואָלטן די אַלע פלאַי־פּלאַימדיקע דערגרייכונגען מעגלעך געווען אָן דער איינהייטלעכער און מאַסנהאַפטיקער שותפות, אָן יענעם זאַפטיקן באַדן דורכגעווייקט מיט תוכן, מסורה און נוסח, וואָס האָט גענערט דעם פאָלקס־כאַראַקטער און צוזאַמענגעהאַלטן אַלע שיכטן און שטאַנדן?

דאָס יידישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע האָט אויך צוליב דעם אַלעם געקענט פאַרטראָגן טיף אינערלעכע שינויים, וואָס האָבן אירע יסודות פונאַנדערגעטרייסלט אָבער נישט צעשמעטערט. ווען נישט די פיזישע קאַטאַסטראָפע, וואָלטן זיך אַלע טרייסלענישן באַרואיקט, דער גלייכוואָג וואָלט צוריק געפינען געוואָרן. שוין האָט דאָס נייע זיך אָנגעהויבן אַריינ־וועבן אין אַלטן אַריין. אַזוי גרויס איז געווען דער כוח פון פאַרוואָרצלטקייט, אַז זי האָט מעגלעך געמאַכט איבערצוטראָגן אַלע שווערסטע טראַנספאָר־מאַציעס אין די שווערסטע באַדינגונגען. די אָנגרייפערישע השכלה אַליין

האָט אונטערן דרוק פון אַ טיף־וואָרצלדיקן סדר זיך געבויגן, זיך געמיל־דערט, זיך צוגעפּאַסט און אַליין זיך איבערגעבויט אין אַ פּאָזיטיוון כוח.

און אויב די נייע העברעאישע און יידישע ליטעראַטורן האָבן גע־קענט דורכמאַכן אַזאַ ראַשיקע אַנטוויקלונג, אויב די יידישע ליטעראַטור האָט געקענט מיט זיבן מייליקע שטיוול אַריינשפּרינגען אין דער וועלט־ליטעראַטור אַריין, איז עס געווען דער כוח פון אַ דורותדיקער טיף־וואָרצלדיקער קולטור. וואָסער קליין און פּרימיטיוו פאָלק וואָלט עס גע־קענט באַוויזן? מען רעדט וועגן נס פון דער יידישער ליטעראַטור, אָבער אויך נסים ווערן צוגעגרייט. אָן אַ לאַנגן עבר פון אַן עם הספר, אָן אָנ־זאַמלונג פון פּאָטענציעלע כוחות וואָלטן די אַלע דערגרייכונגען געווען אוממעגלעך. גייסט האָט זיך קיינמאָל נישט באַוויזן צו די — סיי יחיד, סיי רבים — וואָס האָבן אים נישט צו זיך גערופן: „גאָט איז דאָרט, וווּ מען לאָזט אים אַריין״, זאָגט אַ חסידיש וואָרט. אויך אַלע אַנדערע כוחות פון אינספּיראַציע אַנטפּלעקן זיך נאָר צו די יעניקע, וואָס האָבן זיך צו זייערע קוואַלן געווענדט.

דאָס האָט אַ לאַנגע קייט פון אַ פאַרגייסטיקט און געהייליקט לעבן פון אַ גאַנץ פאָלק אין אירע טיפענישן צוגעגרייט איבערבוי און טרייסט, אָן וועלכער עס וואָלט איצט אוממעגלעך געווען ווייטער צו לעבן ווי אַ פאָלק.

גייט אָבער דאָס אַלץ נישט אָן אויך אין אַ פאַרקערטער ריכטונג? גרייטן נישט צו די הוילקייט, אָנוואָרצלדיקייט פון די לעצטע צייטן אַ פּוסטקייט, וואָס דראָט מיט אונטערגאַנג, פּונקט ווי די גאַנצקייט און פול־קייט פון די פריערדיקע דורות האָבן אונדז צוגעגרייט דאָס וואָס מיר פאַרמאָגן איצטער?

דער חורבן האָט אויף אַן אומנאַטירלעכן אופן איבערגעריסן דעם שטראָם אין מיטן זיין פליסן, עס איז געווען אַ גליק, וואָס דער פאַר־גאַנגענער שטאָם האָט שוין געהאַט אַרויסגעשיקט זיינע צווייגן איבער ימים. עס איז אָבער געווען אַן אומגליק, וואָס די קאַטאַסטראָפע איז געקומען אין אַ מאָמענט, ווען די נייע פלאַנצן זענען נאָך נישט געווען פאַר־

ווארצלט ווי געהעריק אין באָדן, אַזוי ווי מען איז געגאַנגען, אַזוי האָט מען געבויט, לויט די כוונות זענען געווען די רעזולטאַטן.

קיין אַמעריקע זענען געגאַנגען גרויסע מאַסן מיט יחידישע שטרע־בונגען; קיין ארץ־ישראל זענען געגאַנגען יחידים מיט אידעאַל פאַר מאַסן. קיין אַמעריקע איז מען געגאַנגען בויען אייגענע נעסטן „יעדער פאַר זיין ווייב און קינד, יעדער פאַר זיין הויזגעזינד", קיין ארץ־ישראל איז מען געגאַנגען בויען די נעסט פון פאָלק. האָבן מיר היינט אַן אייגן לאַנד מיט פאָלקישער איכות אָן כמות און מיר האָבן אין אַמעריקע אַ גרויסן ישוב מיט קוואַנטיטעט אָן פראָפּאָרציאָנעלער קוואַליטעט.

ישראל איז דער פאַקטישער יורש פון מזרח־אייראָפּעאישן ישוב מיט אַלע אַטריבוטן פון אַ פאָלק און מיט דעם נייטיקן באָדן פאַר אַ קולטור־שעפערישן המשך, אָבער קוואַנטיטאַטיוו צו קליין, אַז ער זאָל קענען טראָגן די פולע גייסטיקע העגעמאָניע אין דער זעלבער מאָס, ווי עס האָט זי געטראָגן ביז ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה — דער מזרח־ישוב.

אַלע אַנדערע יידישע ישובים פון דער אויסגעשפרייטקייט, מיטן אַמעריקאַנער איינגעשלאָסן, האָבן קיין יסוד פאַר גרויס־קולטור שעפע־רישקייט נישט פאַרלייגט. די האַרבע שאלה, וואָס שטעלט זיך איצט איז בכן ווי אַזוי צוריק באַהעפטן כמות מיט איכות, קוואַנטיטעט מיט קוואַ־ליטעט, אָן וואָס די סכנה פאַרן גייסטיקן קיום איז געווען גרויס סיי פאַר ישראל, סיי פאַר די תפוצות.

דערווייל געפינען מיר זיך נאָך אין צושטאַנד צווישן שעפערישער קולטור און ציוויליזאַציע, אַזוי לאַנג ווי עס זענען פאַראַן די לעבעדיקע טרעגער פון אַ ירושה, הגם זי זעט שוין אויס צו זיין איזאָלירט און אָפּ־געזונדערט פון טרעגער. אָבער באַלד קען קומען אַ מאָמענט, ווען דער לעבעדיקער טרעגער זאָל פאַרשווינדן און עס זאָל בלייבן אין זין פון וועלט־יידנטום אַ ירושה אָן אַ יורש, אַ קולטור אָן טרעגער, אַ רייפע ציוויליזאַציע אָן אַנטוויקלונג.

איצט זענען נאָך פאַראַן די פאַרבינדונגס־פעדעם. עס זענען נאָך פאַראַן רעמיניסצענצן פון אַ שותפות־קולטור און עס זענען פאַראַן מיטלען

צוריק צו פֿאַרוואַנדלען די רעמיניסצענצן אין אַ לעבעדיקער ממשות. אָבער פֿאַר אונדזערע אויגן, ממש, קומט פֿאָר אַ פּראָצעס פֿון דיסאָ־ציאַציע וואָס טראָגט אין זיך אַלע סכנות פֿון אַ לעצטן און גרעסטן חורבן.

לאָמיר נישט רעדוצירן דעם קאָמפּליצירטן פּראָבלעם צו אַ שפּראַכן־פּראַגע. עס איז מער ווי דאָס. אַוודאי איז שפּראַך פֿיל, פֿיל מער ווי אַ פֿאַרשטענדיקונגס־אינסטרומענט, עס איז פֿיל אינערלעכער, אינטימער ווי דאָס. ביי די אַלע דערגרייכונגען, וואָס מיר האָבן אויבן אויסגערעכנט האָט יידיש געשפּילט די וויכטיקסטע ראָל, אַפילו דער ווידערגעבורט פֿון העברעאיש איז אַרויס פֿון יידיש־טראַכט, אַלע קאָנטאַקטן אין דער יידישער וועלט זענען געשאַפֿן געוואָרן מיט דער הילף פֿון יידיש, וואָס איז נאָך איצט די וויכטיקסטע פֿאַרבינדלעכין צווישן יידן.

מיט אַנגסט דאַרף מען זיך פֿרעגן ווי אַזוי יידישע קיבוצים אין דער וועלט וועלן זיך פֿאַרשטענדיקן ווען דער דאָזיקער פֿאַקטאָר זאָל חלילה פֿאַרשווינדן. „כי פי המדבר אליכם” האָט יוסף געזאָגט, ווען ער האָט זיך געגעבן צו דערקענען זיינע ברידער. פֿאַר ברידער עמיגראַנטן, פֿאַר ברידער פֿאַרשפּרייטע, איז איין מויל, איין לשון, דער וויכטיקסטער באַ־העפֿטער.

# פון קוואַנטיטעט צו קוואַליטעט

דאָס איז געווען אין יענע גוטע צייטן פון ערב־רעאַליזאַציעס, ערב־געבווירנשאַפטן, ווען אידעען, אידעאַלן און אידעאָלאָגיעס — סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע — האָבן זיך שוין געפונען אין הויכער שוואַנגערשאַפט, אָבער נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעטראָגענע; אויך יידישע מחשבות און וויזיעס איבער שינויים אין יידישן לעבן האָבן זיך דעמאָלט מיטגעשליפן אין די בתי־מדרשים פון אייגענע און פרעמדע תורות און דאָקטרינעס.

דער פּקחותדיקער ה. ד. נאָמבערג עליו השלום האָט דעמאָלט גע־וואָרפן אַ שאַרפן זאַג, וואָס איז נאָך היינט גילטיק, און נישט דווקא אויפן געביט, צו וועלכן ער איז לכתחילה געווען אָנגעווענדט.

נאָמבערג האָט דעמאָלט געשריבן: „איך ווייס נישט, צי ארץ־ישראל קען און דאַרף לייזן די יידן־פראַגע, אָבער איך ווייס, אַז יידן קענען און דאַרפן לייזן די ארץ־ישראל־פראַגע".

די ציוניסטישע מטבע האָט טאַקע געהאַט צוויי זייטן: אַ היסטאָריש־ראָמאַנטישע און אַ נאַציאָנאַל־אַקטועלע. די היסטאָריש־ראָמאַנטישע זייט האָט געמאָנט ביים יידישן פאָלק אַ תיקון פאַרן אַלטן, פאַרוואַרלאָזטן, היסטאָרישן באָדן, וואָס קיין שום פרעמדער דעראָבערער האָט אים נישט געגעבן. און נאָר דאָס פאָלק, וואָס האָט אין אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן און צו אים נישט אויפגעהערט בענקען, האָט עס אים באַדאַרפט געבן. און עס האָט עקזיסטירט אַ נאַציאָנאַל־אַקטועלער פּראָבלעם: צו געפינען אַ פאַרענטפערונג פאַר דער ברענענדיקער יידן־פראַגע, וואָס האָט על פי שכל־הישר נישט געמוזט זיין געבונדן מיט ארץ־ישראל אַפילו פאַר די, וואָס האָבן נאָר געזען אַ טעריטאָריאַלע לייזונג.

היינט, וואַרפנדיק אַ בליק אויף צוריק, אָפּשאַצנדיק רעטראָספּעקטיוו אַלע געשעענישן אין יידישן לעבן פון די לעצטע 40—50 יאָר, קענען מיר יענעם זאָג אַזוי פאַרמולירן: „צי מדינת ישראל קען און באַדאַרף

לייזן די יידן־פראַגע אין איר גאַנצן היסטאָרישן און געאָגראַפישן פאַר־נעם, ווייסן מיר נאָך אַלץ נישט, אָבער מיר שטעלן פעסט, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט שוין געגעבן אַ פולן נאַציאָנאַלע תיקון דעם פּראָבלעם פון ארץ־ישראל.

האָבן איצטער די געענדערטע אומשטענדן אַרויסגעבראַנגט אַ נייעם טאָפל־פּראָבלעם, וואָס גאָרנישט האָבנדיק ענלעכס צום ערשטן, נישט אין דער פאָרעם און נישט אין אינהאַלט, פאַרמאָגט ער אָבער די זעלביקע פּאַראַדאָקסאַלע פּראָפאָרץ אין די אינערלעכע עלעמענטן, וואָס שטעלן צונויף דעם פּראָבלעם אין זיין טאָפּלקייט.

מיר מיינען יידיש און יידישקייט.

און לויטן איצטיקן מצב פון געכפּלטן פּראָבלעם וואָלטן מיר באַ־דאַרפט אַזוי פאָראָפּראַזירן יענעם נאָמבערגישן זאָג: צי יידיש קען לייזן די פּראַגע פון יידישקייט אין די תפוצות זענען מיר מסופק, אָבער מיר מוזן מיט דער גאַנצער פעסטקייט פאָדערן, אַז אין די ברייטע ראַמען פון יידישקייט זאָל געזאָרגט ווערן פאַר דער דערהאַלטונג פון יידיש. פאַר דער קאָנסערווירונג פון די פונדאַמענטאַלע ווערטן, געשאַפענע אין יידיש־לשון, אין וועלכע עס איז געקומען צום אויסדרוק אַזויפיל דורותדיק געפיל און נשמה.

אַז יידיש־לשון זאָל קענען פאָרענטפערן דעם ענין פון יידישקייט אין אונדזערע צייטן, זענען מיר מסופק. באמת זענען מיר אַפילו שוין גאָר נישט מסופק, אַז די פּלייצעס פון יידיש זענען צו שמאָל צו קענען אויף זיך טראָגן אַזאַ שווערע און איינצייטיק לויזע, צעפלאָסענע מאַסע, ווי עס שטעלט מיט זיך פאָר יידישקייט אין היינטצייטיקע באַדינגונגען. אגב, יידיש האָט זיך קיינמאָל נישט אידענטיפיצירט מיט יידישקייט. די יעניקע פון די עקסטרעמע יידישיסטן, וואָס האָבן יאָ געפרווּווט אידענטיפיצירן יידיש מיט יידישקייט, האָבן עס נאָר געקענט דערגרייכן דורך אַמפּוטירן יידישקייט פון איר היסטאָרישן תוכן און אַלגעאָגראַפישן אַרומנעם, אַנ־דערש איז אגב געווען אוממעגלעך, ווייל יידיש איז לכתחילה געווען באַשטימט צו מער באַגרענעצטע אויפגאַבן אין אָרט און אין צייט, ווי די אייביקע, אומעטומיקע, כאָטש פאָרמען־בייטנדיקע יידישקייט.

## ווערטער און ווערטן

היינט, נאָך דעם פיזישן חורבן פון יידיש־רעדנדיקן פאָלק אין מזרח־אייראָפּע און אין אָנבליק פון דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע — פרייוויליקער און געצוווּנגענער — זענען מיר מחויב ווי אַ פאָלק מיט אַ רייכער געשיכטלעכער דערפאַרונג צו קענען קוקן דעם אמת אין די אויגן אַרייַן, צו זיין פאַרזעעוודיק.

ביי אַזאַ פאָלק ווי דאָס יידישע, וואָס האָט שוין אויף זיינע וועגן און אומוועגן אַ סך געזען און אַ סך געהערט, מיינט וואָרענונג אַזוי ווייניק דעפעטיזם, ווי ווייניק אילוזיעס מיינען אָפּטימיזם. אָבער אין אונדזער יידיש־סביבה האָט זיך דווקא אַריינגעגנבעט אַ קאָנווענציאָנעלער, צביעות־דיקער אָפּטימיזם, וואָס איז זייער ווייט צו זיין באַרעכטיקט דורך די פאַקטן.

זיכער, אונדזער לשון רוישט נאָך און רעשט אין מיליאָנען יידישע אויערן און זיכער קען מען נאָך אַפילו היינט אויספאָרן מיט יידיש אין מויל פון יאָהאַנעסבורג ביז ניו־יאָרק, פון מעלבורן ביז פּאַריז און אַפילו נאָך אפשר פון בוענאָס־איירעס ביז מאָסקווע; און זיכער איז נאָך אַלץ יידיש דער פּריווילעגירטער פאַרבינדלער צווישן אַלע יידישע ישובים, פונאַנדערגעוואָרפענע איבער די פינף קאָנטינענטן פון דער גאָרער וועלט. אָבער דער דאָזיקער עכאָ פון אַ גרויסן, נאָענטן עבר קען אונדז נישט פאַרפירן. אַלע פילן מיר, ווי אָט דער עכאָ פאַרהאַלט זיך אויף דער שוועל פון אַ צוקונפט, וואָס זייענדיק פאַר אונדז פאַרהוילן, וועט זי אָבער — דאָס ווייסן מיר אויף זיכער — מיט גאָרנישט זיין ענלעך צום געוועזענעם.

דער אָפּנאַרערישער אָפּטימיזם האָט אונדז גאָרנישט געגעבן. ער האָט אין דער קלענסטער מאָס נישט פאַרמערט דעם נאָכוווּקס פון אַ יידיש־רעדנדיקער יוגנט. ער האָט נישט בייגעשטייערט צו דער פאַרגרעסערונג פון דער כסדר זינקענדיקער קוואַנטיטעט פון יידיש־לייענער און נישט — צו דער קוואַליטעט פון יידישן שרייבער. נישט ער האָט באַוויזן אין דער גאַנצער יידיש־וועלט צו שאַפן אַ שול־וועזן, וואָס זאָל ווערט זיין דעם נאָמען (אַחוץ מיט קליינע אויסנאַמען) אָדער אַ יידישע

בינע, צו וועלכער מיר זאָלן קענען פירן אונדזער יוגנט אָן רויט צו ווערן פאַר בושה.

לעבן אַ שעדלעכן, פלאַכן אָפּטימיזם איז אויך אַריין ביי אונדז אין דער מאָדע אַ מין באַוועגונג פון „איידעלער איינזעעניש". זי האָט די אויפגאַבע צו פאַרענדיקן דאָס פאַרניכטונגס־ווערק, וואָס דער גראַפאָמאַ־ניע־היישעריק האָט אָנגעהויבן.

די „איידעלע איינזעעניש" בעט זיך תחנונימדיק: „לאָמיר נישט זיין קיין מחמירים. עס איז דאָך אַזאַ ביטערע צייט. יידיש האָט דאָך נעבעך אַזאַ שווערע מערכה!" האָט דען אָבער נישט די איבערגעטריבענע איינ־זעעניש באַשווערט די מערכה? און באַדייט דען נישט דאָס אויפהערן צו שטעלן פאָדערונגען אַ קולטור — אָנערקענען איר געפאַלנקייט? עס זעט אויס, ווי אַ מבול פון גראַפאָמאַנישער הפקרות וואָלט געשטראָמט און געשטורעמט פון אַלע זייטן אויף אונדזער ליטעראַטור און באַדראָט מיט אירע כוואַליעס אָפּצוּוואַשן די איידעלע מי פון די יחידים, שאַפערס אין די שטילקייטן.

זיכער וואָלטן דאָס נישט געווען קיין אַלאַרם־סימנים מיט 60—70 יאָר צוריק, ווען אַ שטאַמלדיקע פאָלקס־מאַסע האָט, אַ געוועקטע און איבערראַשטע דורך דער גרויס־ליטעראַטור פון די קלאַסיקער און דורך די אידעען פון אונדזערע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע דענקער, דערשפּירט אין זיך אַ כּוח און מיט אַ באַחנטער אומבאַהאָלפנקייט זיך אַליין גענומען אויסשפּילן טענער אויפן אָקאָרשט אַנטפּלעקטן אינסטרומענט פון דער פאָלקסשפּראַך.

אָבער ווען היינט, נאָך יאָרן פון רייפקייט און ראַפינירטקייט אין סטיל, אין פאָרעם, אין טעמע, פאַלן מיר צוריק צו אַן אביונישער טינט־לעריי, וואָס האָט גאָרנישט אין זיך אַפילו פון אַ ראָמאַנטישער פרימיטיווי־קייט נאָר פון גרענעצלאָזער עם הארצות, זאָגט עס עדות, אַז דאָס שלעכטס ליגט ערגעץ אין יסוד פון איצטיקן מצב פון דער יידיש־קולטור.

נישט אין צושטייער געבן נאָך אַ קול צום כאָר פון די יחוס־פאַרמי־נערער פון יידיש און צו פאַרמשפּטן איר עקסיסטענץ גייט עס דאָ. דער

יחוס פון יידיש איז געווען גרויס און איר קיום האָט נאָך געווען וואַרצלען.

אדרבא, וואָס שייך מיר פּערזענלעך, גלייב איך אין דער מעגלעכקייט פון איבערראַשונגען בנוגע יידיש. און ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט אויסזען, זע איך די מעגלעכקייט פון אַזאַ איבערראַשונג דווקא און אויס־שליסלעך אין ישראל, אויפן באָדן ווו אַ פֿאָלק מאַכט אַלזייטיקע באַמיאונ־גען צו באַנייען זיין פיזישן און גייסטיקן קיום. אָבער אויך איבערראַשונגען קומען נאָר פֿאַר אין גאַנג אויפן וועג פון די היסטאָרישע טענדענצן און אַפילו נסים מוזן ווערן צוגעגרייט.

בנוגע יידיש, מיינט נאָכפאָלגן די היסטאָרישע טענדענצן — קאָנ־צענטרירן די אָנשטרענגונגען פון אַלע גייסטיקע כוחות פון פֿאָלק צו פאַרשטאַרקן די קוואַליטעט פון די יידיש־שאַפונגען אויפן חשבון פון דער פאַרשווינדערישער קוואַנטיטעט.

וואָס שייך דער פאַרשווינדערישער קוואַנטיטעט, וואָס פליִצט מיט אַזאַ שפע, קענען מיר זיך באַגנוגענען מיט שב ואל תעשה, איר אייבי־קייט וועט זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו איר מדרגה. עס מוז אָבער אָנגעווענדט ווערן פלאַנמעסיקייט, אַז דער אָפּפאַל פון כמותדיקן שטראָם זאָל זיך נישט צונויפפאַלן מיט אַ קאַטאַסטראָפאַלן אָפּפלוס פונעם איכותדיקן. אַלע באַמיאונגען מוזן גיין אין דער ריכטונג פון מאָביליזירן צו קוואַליטעט און פאַר דער שאַפונג פון אינסטיטוציעס צו דער פּראָדוצירונג פון קוואַ־ליטעט. מיט אַנדערע ווערטער — צו העלפן דעם גייענדיקן פּראָצעס פון טראַנספאָרמירן יידיש איז אַ מין לשון קודש.

מיר דאַרפן זיין צוגעגרייט דערצו, אַז ווען יידיש וועט צוליב דעם פאַרקלענערטן נאָכוווּקס בהדרגה און פּראָפּאָרציאָנעל רעדוצירן איר ראָל פון אַ גערעדטער מאַסן־שפּראַך, זאָל זי קענען בלייבן דאָס לשון פון צענדליקער טויזנטער אויסדערוויילטע יידיש־קענער, יידיש־פאַרשער, יידיש־למדנים, וואָס זאָלן זיין די איבערענטפערער פאַר קומענדיקע דורות פון דעם ספּעציפישן וואָס מיר האָבן אין משך פון אַ לאַנגער תקופה אַריינ־באַהאַלטן אין יידיש־וואָרט. און נאָך מער ווי דאָס העברעאישע לשון קודש קען אונדז דאָ דינען ווי אַ ביישפּיל דאָס אַראַמישע לשון קודש — תרגום־לשון.

נעמט מען מאַכן אַ היסטאָרישן פאַרגלייך פון יידיש צו אַראַמיש, אַזוי באַליידיקן זיך באַלד אונדזערע „חובבי יידיש״, אָבער די דאָזיקע חובבים האָבן אָן אַן ערך וויניקער געטון פאַר יידיש, איר צוצוגרייטן אַזאַ מערכה און אַזאַ לעבן (פּאַקטיש אַן אייביקס), ווי עס האָבן עס געטון די פאַרהייליקער פון לשון סורסי (תלמודישער נאָמען פאַר אַראַמיש).

הונדערטער יאָרן איז אַראַמיש געווען די גערעדטע פאָלקסשפּראַך אין ארץ־ישראל (דער עיקר אין גליל). שוין אין תנ״ך זענען פאַראַן גאַנצע קאַפּיטלען אויף אַראַמיש (דניאל און עזרא). דער גאַנצער תלמוד איז גע־שריבן כמעט אין אַראַמיש. וואָס עס איז אָבער צומייסט אינטערע־סאַנט איז דער היסטאָרישער פאַקט, וואָס הונדערטער יאָרן נאָכן אויפהערן צו זיין דאָס אומגאַנג־לשון פון פאָלק זענען נאָך אַלץ געשאַפן געוואָרן אין אַראַמיש גיגאַנטישע ווערק, ווי למשל דער זוהר און אַ גרויסע צאָל מיסטישע ווערק אַרום אים. און אַפילו שוין גאָר האַרט צו אונדזער צייט האָבן נאָך די מקובלים אין צפת געשאַפן מיסטישע און רעליגיעזע פּאָעזיע אין אַראַמיש (אין 16טן יאָרהונדערט), ווי למשל די זמירות פון אר״י הקדוש, וואָס ווערן געזונגען אין אַלע טראַדיציאָנעלע יידישע שטובן צו די שבתדיקע סעודות. (אַ זמר צו יעדער סעודה: „אזמר בשבחין״, „אסדר לסעודתא״, „בני היכלא דכסיפין״). עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז מיטן אויפלעב פון העברעיש האָט זיך אויך אַראַמיש ווי אַ לעבעדי־קער עלעמענט אויפסניי אַריינבאַקומען אין אונדזער קולטור־המשך.

מען וועט ענטפערן, אַז אַראַמיש ווי אַ שפּראַך פון אַ סעמיטישן שטאַם האָט זיך ווי צוגעקלעפּט צו העברעיש און פאַרבליבן אַ היסטאָרישער מיט־שותף. אָבער ווען און ווו האָט נאָך געהערשט אַ בעסער צוזאַמענלעבן און אַ מער נושא־פרותדיקע שותפות ווי צווישן העברעיש און יידיש במשך פון אַ סך יאָרהונדערטער? האָבן דען נישט יידישע קינדער אין לויף פון לאַנגע דורות באַקומען יעדעס וואָרט פון חומש, פון רש״י, פון משנה צוזאַמען מיטן יידישן וואָרט ווי אַ צווילינג מן השמים? און איז דען נישט אויך אַראַ־מיש אַריין אין דאָזיקן שותפות צו בילדן אַ חוט המשולש פאַר יענע דער־וואַקסענע בחורים פון בית־המדרש, וואָס האָבן יעדעס אַראַמישע וואָרט פון דער גמרא באַקומען ווי אַ באַשערטע צונויפהעפטונג מיטן יידישן וואָרט?

מיטן דאָזיקן נאַטירלעכן חוש פאַר אַלע קנינים פון פאָלק מוזן מיר צוגיין צו יידיש.

מיר גלייבן אין אייביקן ווערט פון די עיקר יצירות פון יידישן פאָלק אין זיינע פאַרשידנסטע פאָרמען. און מיר גלייבן, אַז אַלע גרויסע יצירות פון אַלע צייטן זענען אינטעגרירט אין דאָזיקן נצח. און יידיש איז אַזאַ יצירה.

דער רשעותדיקער פעסימיזם, אין וועלכן עס שטעקט אַ שמינית שבשמינית פון דעם זעלבסטאָנטיסעמיטיזם, וואָס אונדזער פאָלק פאַרמאָגט און פון וואָס אַפילו אַ סך פון זיינע מנהיגים זענען נישט ריין — וויל צוויילן דאָס פאַרשווינדן פון יידיש. פון דער צווייטער זייט גרייט צו דער לייכטזיני־ניקער אָפּטימיזם זיין מיתה בנשיקה אָן יורשים. איז די צייט פאַר אונדז צו זיין נישט דעפּעטיסטיש, נישט אָפּטימיסטיש, נאָר נאַציאָנאַל־פאָרויס־זעעוודיק.

איך בין נישט קיין חסיד פון „היסטאָרישע פּראָצעסן", ווען זיי ווערן קינסטלעך פאַבריצירט און טענדענציעז קאָמענטירט, אָבער ווען זיי שטעכן אויס די אויגן, קאָן מען זיי נישט מבטל זיין דורך אַ שפּרוך פון „חי וקים".

מיר רעזומירן: די קאָנסערווירונג פון דער יידישער שפּראַך מוז אַזוי צוגעגרייט און אָרגאַניזירט ווערן, אַז איר עווענטועלער אַרויספאַל פון דער ראַנג פון גערעדטע שפּראַכן זאָל זיך נישט צונויפפאַלן מיט אַ קאַטאַסטראָ־פאַלער פאַרשווינדונג פון דער יידיש־קולטור בכלל. אַז יידיש זאָל קאָנען בלייבן דאָס לשון, וואָס האַלט זיך ווייטער לאַנגע־לאַנגע דורות אויף די פּלייצעס און פליגלען פון אויסדערוויילטע פון יעדן דור.

מיר באַדאַרפן אָנווענדן אין אַלע ישובים און קיבוצים די מי צו שאַפן אַ יידיש־אינטעלעקטועלע עליטע פון יוגנט אין שטודיום־עלטער — דאָס קאָן גראָד זיין פיל לייכטער אַפילו ווי די גרינדונג פון אייך יידישער פאָלקס־שולע מיט קינדער, וואָס די שפּעטערדיקע שוליאָרן רייסן פון אונדז אַוועק אָן שפּורן — פון זיי צו בילדן אַ קערן פון געלערנטע און שעפער אויפן געביט פון יידיש. די רעדוצירונג פון קוואַנטיטעט, צו וועלכער מיר זענען בכל אופן פאַרמשפּט, וועט דעמאָלט קאָמפּענסירט ווערן דורך אַ קוואַליטעט, וואָס קאָן

זיין אַ ברכה פאַר דער גאַנצער יידישער קולטור מיט אַלע אירע דריי היס־
טאָרישע שפּראַכן.

ווער ווייסט, צי עס וועלן נאָך אַמאָל גרויסע מאַסן פון יידיש־לייענער
הילכיק לאַכן, הערנדיק לייענען שלום עליכמען, אָבער אין נאָך צוויי הונ־
דערט יאָר אַרום, ווען יידיש־פּראָפעסאָרן, סטודענטן, בני ישיבה, לייענענ־
דיק, פאַרשנדיק אונדזערע צייטן, דאָס שטעטל פון שלום עליכמס ווערק
אַרויס, וועלן זיך קאָנען אין זיי אַריינפילן, און אַריינפילנדיק — זיך האַרציק
צעשמייכלען, וועט דאָס זיין די גרויסע סאַטיספאַקציע און קאָמפּענסאַציע, צו
וועלכע מיר אַלע זענען זיך מכוון, ווען מיר קוקן אַרויס צו דער צוקונפט
מיט אַ מעלאַנכאָליש פרעגנדיקן בליק.

1960

## באַטייליקונג פון פאָלק אין דער חורבן־ליטעראַטור

עס וועט דאָך מוזן קומען דער מאָמענט, ווען מיר וועלן אַריבערגיין פון אינדיווידועלער איבערלעבונג צו קאָלעקטיווער איבערלעבונג — צו געשיכטע; דער דור, וואָס טראָגט דעם צאַפּלדיקן האַרצוויייטיק, דעם טיפן טרויער אין זיך, וועט פאַרשווינדן, עס וועט דעמאָלט פאַרשווינדן דער ידישער טרויער, דער, וואָס האָט זיך אינדיווידועל איבערגעגעבן פון די פאַרטיליקטע טאַטעס, ברידער און שוועסטער צו זייערע נאָענטע, און עס וועט בלייבן דער טרויער פון אַ פאָלק אויף זיין אומגליק, אויף זיין נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע.

וואַרשעווער אויפשטאַנד פאַרלייכטערט פּסיכיש דעם דאָזיקן איבערגאַנג.

דער שונא האָט אונדז נישט פאַרגונען קיין שום מענטשלעכע פאָרעם פון טויט, ער האָט אים אַנטמענטשלעכט און דער עיקר — אַנטפאָלקט. ער האָט אין זיין ראַפינירטער שנאה און אכזריות געוואָלט ביים קרבן אָפּנעמען יעדע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע פאָרעם פון אומקום.

דער וואַרשעווער אויפשטאַנד האָט דעם מאַסן־קרבן צוריקגעגעבן אַ מענטשלעכע און פאָלקישע פאָרעם פון טויט, פון מלחמה, פון געראַנגל. און אָפּגעזען פון אַלע אַספּעקטן פון כבוד־פאַרטיידיקונג, פון מענטשלעכער נקמה, האָט דער אויפשטאַנד פאַרוואַנדלט דעם טויט פון צעשטויבטע יחידים אין אַן אַקט פון פאָלקס־געראַנגל.

ער שרייבט זיך אַריין אין ספר־המלחמות פון ידישן פאָלק.

דער וואַרשעווער אויפשטאַנד ווערט די קרוינונג און דער סימבאָל פון ידישן ווידערשטאַנד בכלל, פון אַלע פּאַסיווע און אַקטיווע ווידערשטאַנדן. ער פאַרקערפּערט די עקשנות און דעם ווילן צום לעבן פון ידישן מענטש, פון דער אומגליקלעכער פרוי, פון אומשולדיקן קינד.

די פאַרטיליקונג אין די פליסיקע ראַמען פון אַזוי פיל יאָרן, דער אויסראָט, וואָס איז נאָך קיין מאָל ביז דעמאָלט מיט אַזאַ פּלאַנמעסיקייט און מע־

טאַדישקייט אין אַזאַ פאַרנעם נישט אָנגעווענדעט געוואָרן פון אַ מענטשן־גרופּע לגבי אַ מענטשן און וואָס איז דורך דעם גופא געוואָרן ווי אומרעאַל און אומבאַגרייפלעך, באַקומט דורך דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ זיין טראַגישע לאָגישע באגרייפלעכקייט.

דער שונא האָט געוואָלט אַנטמענטשלעכן און אַנטגעשיכטלעכן דעם אויסראָט. די יידישע העלדן האָבן אים מיט כוח אַריינגעשטעלט אין די טראַגישע ראַמען פון פאָלקישער גורלדיקייט.

די זעלביקע אחריות פאר פאָלקישקייט, פאַר געשיכטע, די זעלביקע טריישאַפט צו נאַציאָנאַל־היסטאָרישן המשך, האָט דאָס צעוואָרפענע און צעשפרייטע, צעשלאָגענע יידנטום אויך באַוויזן אויף צומאָרגנס נאָך דער באַפרייאונג.

אין דער ערשטער פאַזע פון נאָך־באַפרייאונג האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אינדיווידועלע זכרונות. מען איז אַרויס מיט דעם, אין לויף פון יאָרן, געצוימטן געשריי און מיטן פאַרשניטענעם געשריי פון די אומגעקומענע. עס איז געווען די צייט פון אַרויסרוקן די אייגענע איבערלעבענישן און די איבערלעבענישן פון די צום טויט־פאַרפייניקטע.

אָבער באַלד האָט זיך ביי די רעשטלעך, ביי די שרידי הפליטה, דערוועקט דער אינסטינקט פון היסטאָרישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, דער זעלבער אינסטינקט, וואָס האָט באַוויגן די ווידערשטענדלער, און זיי האָבן, ווי די אויפשטענדלער, מיט זייער בלוט אָנגעהויבן פאַרצייכענען, איבערשרייבן, איבעררעגיסטרירן און צוריק אויפלעבן דעם דורכן שונא דערמאָרדעטן עבר.

די וואַנדאַלן האָבן מיט זייער טאָטאַלער פאַרטיליקונג פון אַלע הייליקע קהילות, פון אַלע שטעט און שטעטלעך, אויך זיך מכוון געווען צו פאַרניכטן דעם טויט, צו אַנטגעשיכטלעכן אונדזער געשיכטע, אויסצורייסן מיטן וואָרצל יעדן שפור פון פאַרגאַנגענהייט, פון אָנגעזאַמלטן גייסט, פון היסטאָריע, פון שותפותדיקער מי, פון ציוויליזאַציע.

די ערשטע אַרבעט פון די געראַטעוועטע פון בלוטיקן מבול, איז געווען אַרויסראַטעווען פון דער בלוטיקער פאַרשווענקונג דאָס שוין איין מאָל נאָרמאַל געשטאָרבענע לעבן, און דורכן חורבן נאָך אַמאָל אָפּגעטויטן עברדיקן לעבן, מיט אַלעם, וואָס ער האָט אַנטהאַלטן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינסטינקטיוו־קאָלעקטיווע אַרבעט פון פּשוטע פאָלקס־מענטשן צוריק אַריבערצופירן אין לעבעדיקן טויט אַריין פון נאַציאָנאַלער געשיכטע די פאַרגאַנגענע לעבנס פון שטאָט און שטעטל, מיט די לעבנס פון יחידים און קהילות, מיט די לעבנס, וואָס זענען דורכן חורבן איבערגעריסן געוואָרן אין זייער פולער שטראָמיקייט, און מיט די לעבנס, וואָס זענען פרידלעך באַגראָבן געוואָרן און אַרויסגעריסן געוואָרן פון די יידישע בית־עלמינס פון פאַרטיליקער פון אונדזער פאָלק.

און ווען עס וועט קומען די צייט און די באַרופענע היסטאָריקער וועלן קומען אָנשרייבן דאָס נייע קאַפּיטל פון אונדזער געשיכטע, דאָס בלוטיקסטע פון אַלע קאַפּיטלעך, וועלן זיי אָנטרעפן נישט בלויז חורבן און אונטערגאַנג, נאָר אויך לעבן פון המשך. זיי וועלן זיך באַקענען מיט היסטאָרישער פאַרשטענדעניש פון יידן פון פאָלק, פון פּשוטע יידן אין אַמעריקע, יידן אין ישראל, יידן פון לאַנדסמאַנשאַפטן, פון סאָסיעטעס, צו וועלכע מען באַציט זיך אָפטמאָל מיט גרינגשעצונג, וואָס האָבן מיטגעטראָגן מיט זיך געשיכטע, זי איבערגעשריבן מיט געפיל, מיט האָפענונג, מיט באַציאונג, מיט ליבשאַפט און אָפטמאָל אַפילו מיט שטוינענדיקער זאַכקענטעניש און צוריקגעשטעלט אַ קאָנטינואיטעט, וואָס איז דורכן אכזר איבערגעהאַקט געוואָרן אין זיין אָטעם.

זיי, די פּשוטע שטעטלדיקע מענטשן, די, וואָס זענען געבליבן פון חורבן, אָדער די, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק צו זיין פון אים דערווייטערט און שוין געווען צוביסלעך פאַרפרעמדטע, האָבן זיך פּלוצעם דערהויבן צו דער מדרגה פון קאָנען פאַרוואַנדלען די חורבות פון זייערע היימען אין ירו־שלימס של מעלה, אין הייליקער היסטאָריע, אין ספרים־מאָנומענטן, וואָס דאָס פאָלק וועט מיט זיך אַוועקטראָגן אין זיינע נייע וועגן.

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז קלענערע שטעטלעך האָבן אויף דעם געביט מער דערגרייכט, ווי גרויסע שטעט, ווו האָט איר די יזכור־ביכער פון וואַרשע, לאָדזש, לעמבערג, קראָקע? עס האָט זיי געפעלט די אינטימיטעט, די משפּחהדיקע ליבשאַפט, וואָס עס האָבן די שטעטלדיקע. וואַרטן נאָך די גרויסע קהילות אויף זייערע פּריוווילעקע אַמאַטאָרן־כראָניקער.

וואָלטן ווייטער באַדאַרפט פאָרגעזעצט ווערן די פאַר־היסטאָרישע אַר־

בעטן פון די קאָלעקטיוון, זאַמלונגען פון קאָרפּאָראַציעס, אָרגאַניזאַציעס, פאַרבאַנדן און סאָציאַלע קערפּערשאַפטן. יעדער אויף זיין געביט, ווי לע־רער, דאָקטוירים, פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס.

דאָס פאָלק, וואָס האָט שטענדיק געהאַט דעם גרעסטן, אינסטינקטיווסטן געפיל פאַר קאָלעקטיווקייט, וואָס האָט אין יעדן ישוב, אין יעדן שטעטל אָרגאַניזירט זיינע אינסטיטוציעס, רעליגיעזע און דערציאונגס־אַנשטאַלטן און לעצטנס סאָציאַל־וועלטלעכע אָרגאַניזמען, קעגנזייטיקע הילף, אָרעמע־פאַרזאָרגונג א. אַ. וו. מוז פאַרזעצן די געזעלשאַפטלעך־היסטאָרישע אַרבעט, וואָס עס האָט ספּאָנטאַן אויף זיך גענומען.

עס מוזן געשאַפן ווערן רעגיאָנעלע היסטאָרישע קאָמיטעטן, דאָרט, וווּ עס קאָן נישט געשאַפן ווערן קיין קאָמיטעט פאַר יעדער שטאָט באַזונדער, כדי קיין שום קהילה זאָל נישט אַרויספאַלן פון דער גרויסער אַרבעט פאַר זאַמלען, פאַראייביקן און איבערגעבן לדורות די גייסטיקע מי פון אונדזער פאָלק.

דווקא איצט, ווען נייע שונאים ווילן אונדז, נאָך דער פיזישער דער־מאָרדונג, נאַציאָנאַל דערמאָרדן, ווען מען וויל אונדז אָפּזאָגן די פעאיקייט זיך קאָלעקטיוו צו אָרגאַניזירן, ווען די שונאים, וואָס צעשטערן אונדזער נאַ־ציאָנאַל לעבן קומען דערנאָך באַרעכטיקן זייער וואַנדאַליזם דורך לעסטע־רונגען אויפן חשבון פון אונדזער זין פאַר קאָלעקטיווע איינריכטונגען, דווקא דעמאָלט, מוזן מיר מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען, זאַמלען אַלע אונדזערע כוחות צוריק אויפצושטעלן דעם שטראָמיקן פלוס פון אונדזער געשיכטע, פול מיט רומרייכע קאָלעקטיווע לייסטונגען.

1958

# שלום־עליכמס יידישע קאָמעדיע

שלום־עליכם איז פאַר אַלעם געווען דער געניאַלער אימיטאַטאָר. ער איז געווען דער גלענצנדיקסטער נאָכזאָגער פון די רייד פון פאָלק, פון וועלכע קיין שום ניואַנס איז אים נישט געווען פאַרהוילן; ער איז געווען דער נאָכגעסטיקולירער פון פאָלקס־תנועות, פון וועלכע נאָר ער האָט צום בעסטן געקאָנט אַלע טייטשן און אָנצוהערענישן וואָס דאָס פאָלק האָט אין זיי אין משך פון יאָרהונדערטער באַהאַלטן.

דאָס איז צו אים געקומען פון פיל ווייטער ווי פון בלויזער אָבסערוואַציע; דאָס איז געווען אַ גאָטס מתנה צו קענען אינטויטיוו אַריינבליקן אין דער נשמה פון פאָלק, פון וואָס אַלע ווערטער, אַלע ווערטלעך, אַלע תנועות, זענען געווען דער אויסדרוק.

דאָס אויער האָט דאָ געהאַט מער חלק ווי ס'אויג. אין דער שלום־עליכ־שער קונסט האָט דאָס געהער בכלל זיך אינטענסיווער באַטייליקט ווי די ראיה. די אָבסערוואַציע. שלום־עליכם האָט ווי דערהערט דעם תמציתדיקן קלאַנג, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון קאָסרילעווקע און אים ווייטער איבער־געגעבן צו אונדזער אויער.

פון אויער צו אויער איז געגאַנגען שלום־עליכמס קונסט. און די כוואַ־ליעס וואָס האָבן צו אים געברענגט דעם ניגון פון יעהופעץ, האָט ער ווייטער געשיקט צו זיינע הערער, וועלכע האָבן זיי אויפגעכאַפּט, דערקענט זייער ני־גון, זייער קלאַנג, און דערקענענדיק — זיך האַרציק צעלאַכט.

דאָס איז געווען אַ פרייד, וואָס האָט זיך נישט פאַרגונען די פולע שמחה, דעם גאַנצן נחת, ווי אויף אַ יידישער חתונה, ווו מאַמעס און באָבעס האָבן זייער נחת געמישט מיט טרערן.

היינט ווייסן מיר אַלע, אַז שלום־עליכם האָט גאַנץ באַוווסטזיניק און מיט דער פולער כוונה זיך איבערגעגעבן דער שאַפונג פון אַ פולער, גוטער, ריינער יידישער ליטעראַטור. אַ באַוויז: די מלחמה וואָס ער האָט געפירט קעגן די שמירער־שמ"רס, און פון דער צווייטער זייט — זיין האַרציקע

באַציאונג און ברייטע האַנט צו שרייבער מיט טאַלאַנט, וועלכע ער האָט ליב געהאַט צו זאַמלען אַרום זיינע צופעליקע, אָבער אָפטע אויסגאַבעס.

אָבער אין פּראָצעס גופא פון שאַפן האָט דער אינסטינקט פיל מער פלאַץ פאַרנומען ווי דאָס באַוווסטזיין, און די ליבשאַפט צום גאַנצן נוסח קאַסרי־לעווקע האָט אים פיל מער באַגייסטערט ווי די ליידנשאַפט צו זיין אַ שריי־בער. דאָרט ווו אַנדערע האָבן געשפּאָט, האָט שלום־עליכם געשמייכלט, נאָכ־געשפּירט נאָכן טעם און ריח פון פאָלקס־לשון — דעם רייכן און איינציקן לאָמבאַרד, אין וועלכן דאָס פאָלק האָט פאַרמשכונט אַלע זיינע אייגנטימער און אייגנטימלעכקייטן.

ווי אַ געניטער וויין־עקספּערט, וואָס פּראָבירט און שאַצט אָפּ די טראָ־פּנס משקה אויף זיינע ליפּן און שפּיץ צונג, אַזוי האָט שלום־עליכם נאָכ־פּראָבירט און נאָכגעשפּירט דעם טעם און דעם ריח פון פאָלקישע זאָגעכצן, כדי זיי קענען צוריק איבערגעבן מיט זייער טעם, מיט זייער טראָפּ און זייער ניגון.

עס איז געווען דער באַזונדערער סוד פון שלום־עליכמס קונסט צו קאָנען וויקלען די ווערטער פון פאָלק אין זייער אייגענעם, נאַטירלעכן קלימאַט, נעמען פון דורות און איבערגעבן צו דורות.

פון דורות צו דורות האָט פאַרמיטלט שלום־עליכם. און פאַרשריבן האָט ער נישט דאָס געשריבענע וואָרט, נאָר דאָס גערעדטע וואָרט, נישט ווי ער, נישט ווי אַ יחיד וואָלט זיי געשריבן מיט אַ פּען פון אַ מענטשן, מיט או־תיות פון טינט אויף פּאַפּיר, נייערט ווי ס׳פאָלק אַליין וואָלט זיין נוסח, זיין שטייגער, זיינע „פּאָסטעמקעס" רעגיסטרירט אין פּליטעס פון אייביקייטס־שטאָף.

דורך שלום־עליכמס פּנקס־קאַסרילעווקע האָבן יענע רירעוודיקע, רע־דעוודיקע, טומלדיקע מאַסן זיך אַליין אַריינגעשריבן אין ספר פון די איי־ביקייטן אין אַלע זייערע מנחם־מענדלדיקע און טביהדיקע גלגולים, זיך אַליין אַריינגעשריבן אין ספר פון די אייביקייטן מיט אַלע תנועות, און מיט דעם גאַנצן סכום פון דורותדיקער דערפאַרונג.

און איצט, ווען קאַסרילעווקע ליגט אין חורבות, ווען פּערעיעסלאַוו איז כמיעלניצקי, ווען יעהופּעץ שווייגט אין טראַגישער פאַרשטומעניש,

רוט די דאָזיקע וועלט מיט אַ שלווהדיקן שמייכל אויף די ליפּן אין די בלעטער פון פּנקס, וואָס שלום־עליכם האָט פאַר זיי צוזאַמענגעשטעלט ווי אַ קאַסרילעווקע של מעלה. סימבאָל און זכרון פאַר אַלע צייטן.

נישט אַלץ וואָס שלום־עליכם האָט געשאַפן וועט אויסהאַלטן די פּראָבע פון אייביקייט, נישט אַלץ האָט שוין אויסגעהאַלטן די פּראָבע פון דער צייט. דער רוח הקודש וואָס רוט אויף שאַפערישע גייסטער האָט זיך זיינע באַזונדערע דרכים; ער בלייבט תמיד אינדיווידועל און ספּעציפיש, הגם ער איז אַ טייל פון דער אַלגעטלעכער שעפערישקייט. און ער האָט נאָך אַן אייגנשאַפט, וואָס ער רוט נישט תמיד אַפילו אויף די, וועלכע ער האָט ליב אָפּט צו באַזוכן.

שלום־עליכמס ספּעציפישקייט איז געלעגן, ווי שוין דערמאָנט, אין דער אינטויִטיווער אַנונג, וואָס ער האָט באַקומען איבער די עיקר־אייגנשאַפטן פון פאָלק. און נאָר דאָרט ווו ער איז נאָכגעגאַנגען אָט דער אינטויִטיווער אַנונג, דאָרט איז ער געבליבן אויף זיין אמתער מדרגה. ער האָט אָבער אויך געשריבן, ווען ער האָט נישט געקאָנט גייסטיק און פיזיש אויסשפּיצן זיין דינעם געהער צום תמציתדיקן קלאַנג פון קאַסרילעווקע. די מעשיות און מאָנאָלאָגן, געשריבענע אין אַזעלכע מאָמענטן אָן השראה, זענען געבליבן אויסערלעכע אימיטאַציעס, באַשרייבונגען פון אַן איבערגייענדיקן ווערט.

דאָרט אָבער ווו שלום־עליכם איז טריי נאָכגעגאַנגען דער ספּעציפישקייט פון זיין זשעני און דאָרט ווו ער האָט געשאַפן לויט דער אינספּיראַציע פון זיין נאַטור, דאָרט זענען זיינע פּערסאָנאַזשן, ווי זיי זאָלן נישט האָבן געהייסן, תמיד געווען רעפּרעזענטאַנטן פון דער פאָלקס־נשמה, דאָרט בלייבט ער דער גאונישער אַריינדרינגער אין דער פּסיכאָלאָגיע פון קאָלעקטיוו, דער רעוועלאַטאָר פון דער אייביקער יידישער נשמה.

זיינע הויפּט־פּערסאָנאַזשן זענען אין דער אמתן נישט געבונדן מיט אָרט און מיט צייט. מיר זענען אין אַלע צייטן, אויף אַלע וועלט־בערזעס געווען די נאַיִווע שפּילער אויפן ווערט פון די וועלט־אַקציעס. די וואָס פאַלן, הויבן זיך, פאַלן ווייטער און הויבן זיך ווייטער דורך די מנחם־מענדלשע פּלי־אָפּעראַציעס (און דאָס האָט די וועלט זיין פּלי גענומען ווי אַ צייכן פאַר זיין באַדנלאָזיקייט), און מיר האָבן אין אַלע צייטן אַ דאַנק טביהס

בטחונדיקן פסוק — דער נייער מתן תורה פון קאַסרילעווקע — געקענט אין אַלע באַדינגונגען און אומשטענדן איינהאַלטן גענוג זעלישע מנוחה צו קענען פאַרזעצן דעם אייביקן „לך לך" לויטן באַפעל פון „הראַמאַדע".

און ווי וואָלטן מיר איצט נאָך אַזוי פיל חורבן און וויסטעניש, ווי אַזוי וואָלטן מיר פּלוצעם צוריקגעשפּרונגען אין חומשדיקן פּייזאַזש אַן אַ טביה אין די אויערן און אַ מנחם־מענדל אין די לענדן?

שלום־עליכם דערקענט די צוויי עיקר־שטריכן פון יידישן פאָלקס־כאַראַקטער און פאַרקערפּערנדיק זיי אין זיינע צוויי הויפּט־געשטאַלטן, מנחם־מענדל און טביה, האָט ער אין זיי דערזען זייער טיפּישקייט און רעפּ־רעזענטיווקייט פון כאַראַקטער. אַז עס איז אַזוי, אַז ער אַליין האָט זיינע הויפּט־פּערסאָנאַזשן געשאַפן אין מאַסן פון פאָלק און נישט פון יחידים, אין קאַטעגאָריעס פון נאַציאָנאַלער רעפּרעזענטאַנץ און נישט אין קאַטעגאָ־ריעס פון אינדיווידועלע כאַראַקטערן, דערקענט זיך צום בעסטן פון הומאָ־ריסטישן לבוש, אין וועלכן ער האָט זיי געוויקלט.

נישטאָ קיין אומגליק וואָס זאָל זיך נישט טרעפן מיט טביהס טעכטער. איינע שמדט זיך, אַ צווייטע טרינקט זיך, אַ דריטע גייט אין סיביר און אַ פערטע פאַלט אַ קרבן פון אַ בלאָפער, אַ פינפטע ווערט אַ יונגע אלמנה און די מאַמע גאָלדע־סערצע שטאַרבט אַזש פון צרות.

וואָלטן די צרות געווען יחידישע, וואָלטן זיי געווען סתם צרות פון אַ טאַטן, וואָס הייסט טביה, וואָלט אַפילו א שלום־עליכם אַליין נישט געקענט פועלן, אַז טביה דער טאַטע זאָל זיי דערציילן מיט הומאָר, און אַז מיר, די לייענער, זאָלן לאַכן הערנדיק וועגן זיי דערציילן. אָבער טביהס צרות זענען יידישע, צרות פון אַ כלל, וואָס דערמיט אַליין וואָס זיי זענען פון אַ כלל ווערט זייער טראַגיזם געמילדערט און מען קאָן וועגן זיי רעדן מיט אַ שמייכל און הערן מיט געלעכטער.

נאָר דער הומאָר מאַכט שלום־עליכמס סיטואַציעס און פּערסאָנאַזשן ציבורדיק; הומאָר איז בכלל ציבורדיק. עס וויינט זיך גוט ביחידות, אָבער עס לאַכט זיך צום בעסטן בציבור. שלום־עליכם, הילנדיק די רייד פון זיינע מענטשן אין לבוש פון הומאָר, אַריינשטעלנדיק די סיטואַציעס אין דעקאָר פון

קאָמיזם, האָט זיי אויפֿן אָרט פֿון טראַגישע יחידים מיט טראַגישע איבער־לעבענישן טראַנספֿאָרמירט אין רעפּרעזענטאַנטן פֿון אַ קאָלעקטיוו.

בעת איינער פֿון די פֿיל פֿייערונגען וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין פּאַריז צום הונדערטסטן געבוירן־טאָג פֿון גרויסן שרייבער, איז מיר אויס־געקומען צו זען שפּילן „טביה דער מילכיקער“ אין דער פֿראַנצויזישער שפּראַך דורך אַ גרופּע יוגנטלעכע אַמאַטאָרן. זיי האָבן געשפּילט מיט האַרץ און פֿאַרשטענדעניש, אָבער אָן הומאָר. דער הומאָר איז ערגעץ־ווו פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין די קנייטשן פֿון טבֿהיס יידישן לשון, ער האָט זיך אויפֿן וועג פֿון יידיש צו פֿראַנצויזיש פֿאַרלוירן. דער לבֿוש פֿון הומאָר איז אַראָפּ, געבליבן איז לויטער טראַגעדיע. צוגלייך מיטן הומאָר איז אָבער אויך פֿאַרשוווּנדן דאָס פֿאָלקישע, דאָס רעפּרעזענטאַטיווע און עס האָט זיך געזען בלויז אַ יחיד — אין דעם פֿאַל אַ ייד אַ יחיד — דערציילן זיינע פּערזענלעכע טראַ־גישע איבערלעבענישן.

זיכער האָט מען געקאָנט געדאַנקלעך קומען צום אויספֿיר, אַז דאָס זענען צרות — דער עיקר בעת דער סצענע פֿון „לך לך“ — (מיט דער הראַמאַדע), וואָס טרעפֿן זיך נאָר אַ יידן, אָבער דאָס וואָלט געווען אַ רע־זולטאַט פֿון אַ געדאַנקען־אַסאָציאַציע און נישט קיין ספּאָנטאַנער געפֿיל. איז טאַקע שווער געווען אין זאָל זיך איינצוהאַלטן פֿון וויינען, אָבער פֿון לאַכן איז נישט געווען קיין רייד.

ווי אונטערן צייכן פֿון אַ צויבער־שטעקעלע איז אין זאָל, ווו עס איז גע־שפּילט געוואָרן שלום־עליכם, פֿאַרשוווּנדן הומאָר און געלעכטער און עס האָט אַלעמען באַהערשט טיפֿער טרויער. עס איז קלאָר געוואָרן אין דעם מאָמענט מער ווי תּמיד פֿריער, אַז דער הומאָר איז ביי שלום־עליכמען דער פֿאָלקס־לבֿוש אין וועלכן ער וויקלט זיינע פּערסאָנאַזשן און פֿאַרוואַנדלט דורך דעם גלייך אַלע יחידישע מעשׂים, איבערלעבענישן און רייד אין מע־שׂים, איבערלעבענישן און רייד פֿון פֿאָלק.

נישט טביה דערציילט, נאָר אַ פֿאָלק דערציילט וועגן זיינע טראַגישע איבערלעבענישן מיט הומאָר, מיט אַ שמייכל. דער הומאָר איז דער ניגון פֿון גלויבן און בטחון, מיט וועלכן אַ גאַנץ פֿאָלק האָט זיך אויסגעלערנט רעדן וועגן זיינע צרות, צו באַגלייטן און באַקליידן זיין טרויער.

דאָס געלעכטער, דעם הומאָר, מיט וועלכן דער ייד רעדט וועגן זיך און דעם שמייכל, מיט וועלכן ער שמייכלט צו זיינע וועלט־אַוואַנטורעס, האָט טאַקע קיינער ביז שלום־עליכמען נישט דערהערט און אַ פּשיטא נישט געבערענגט צום אויסדרוק.

די נביאים האָבן זייערע שטרענגע רייד געמישט מיט איראָניע, אָבער נישט מיט הומאָר; די בעלי־אגדה האָבן פּאַרזיסט די שטרענגקייט פון דער הלכה מיט פאַנטאַזיע, אָבער נישט מיט געלעכטער; נישט די רבנישע לי־טעראַטור און נישט אונדזערע דיכטער פון מיטלאַלטער (אחוץ עמנואל הרו־מי), נישט די מקובלים און נישט די חסידים האָבן ערגעץ־ווו ארויסגע־ברענגט דעם שמייכל פון פאָלק. די משכילים האָבן געוווסט בלויז פון שפּאָט. זיי האָבן געקענט אויסלאַכן אָבער נישט מיטלאַכן.

ערשט דער מענדעלע פון טיפן עלטער האָט געמישט זיין סאַטירע מיט הומאָר און ערשט זיין „אייניקל" האָט נאָך אים פונאַנדערגערוקט ברייט די שלוזן פון געלעכטער און אַרויסגעברענגט דעם פולן פאַרשטוי־סענעם, לאַנג־פאַרדרענגטן און ווי פאַרשעמטן יידישן פאָלקס־הומאָר.

שלום־עליכם האָט אַרויסגעצויגן דעם געלעכטער פון קאַסרילעווקע און אים קאָנסערווירט אין זיינע ווערק פאַר אַלע צייטן. דאָס פאָלק, וועמענס געלעכטער ער האָט דערהערט מתוך אהבה, האָט אים אָפּגעענטפערט מיט דער זעלביקער ליבשאַפט און סימפּאַטיע. נישט געווען אַזאַ שרייבער ביי יידן, וואָס זאָל האָבן אַזוי אָפּגעשאַפט אַלע ליטעראַרישע מחיצות צווישן זיינע ווערק און זיינע לייענער ווי שלום־עליכם. נאָר אונדזער דור, דער נאָכמבולדיקער, איז געראָפן אָפּצושאַצן דעם הומאָריסט, וועלכער האָט אויסגעהאַלטן אַלע בלוטפּראָבעס. פון אַ פּערספּעקטיוו, וואָס איז טיפער ווי צייט, ברייטער ווי אָרט, קוקט אונדזער שווער געפּרוווטער דור אויפן ווערק פון מייסטער און זעט אין אים דעם אַרכיטעקט, דעם קאָנסטרוקטאָר פון אַ פאָלקס־כאַראַקטער אויף דור דורות.

אין זיינע מעמואַרן דערציילט וואָלף ראַבינאָוויטש וועגן אַ באַזוך פון זיין גרויסן ברודער צוזאַמען מיט אים אין בערדיטשעוו. דורכגייענדיק די ערטער ווו באַלזאַק האָט זיך אַ צייט דאָרט אויפגעהאַלטן, רעדט ער מיט ענטוזיאַזם וועגן באַלזאַקס ווערק און שטעלט זיך באַזונדער אָפּ אויף דעם

טיטל מיט וועלכן דער גרויסער פראַנצויזישער דערציילער האָט אַרומגענומען זיין גאַנצע שאַפונג: „די מענטשלעכע קאָמעדיע״. צו עפּעס ווייניקער האָט טאַקע שלום־עליכם נישט געשטרעבט. ער האָט זיך מכוון געווען, אַז זיין שאַפונג זאָל ווערט זיין דעם אַרומנעמענדיקן טיטל „די יידישע קאָמעדיע״, ווי אַ טייל פון דער מענטשלעכער קאָמעדיע — אַליין אַ זייט פון דער גרויסער טראַגי־קאָמעדיע פון דער מענטשהייט.

שלום־עליכם איז געווען דער צומייסט־ספּאָנטאַנער קינסטלער; ער האָט געשריבן ווי אין טראַנס. אָבער אָן באַוווסטזיין איז נישטאָ קיין שלימותדיקע שאַפונג. און אין מאָמענטן פון קאָנצענטרירטער מחשבה האָט שלום־עליכם זיכער געזוכט די אידעיִשע צעמענטירונג פון זיין ווערק, אויסצושמידן פון זיינע יאָסעלע סאָלאָוויטשיקס, שימעלע סאַראָקערס, פון אַלע „בלאָנדזשענדיקע שטערן״ און „פאַרכישופטע שניידערלעך״ די יידישע קאָמעדיע אויף דער גרויסער בינע פון דער וועלט־קאָמעדיע.

האָט ער פון תמציתדיקן פון אַלע זיינע ווערק געשאַפן זיינע הויפּטגעשטאַלטן: טביה און מנחם מענדל. דורך די מאָנאָלאָגן פון דאָזיקן דאָרפס־ייד מיט דער בייטש אין האַנט און פסוק אין מויל און דורך דער אויסטערלישער קאָרעספּאָנדענץ צווישן יעהופּעצער בעל־חלומות און זיין מיושבדיקע ווייב, פאַרענדיקט ער די קאָנסטרוקציע פון אַ יידישער קאָמעדיע, וואָס איז אַזוי אייביק, ווי אייביק עס איז די ראָל פון יידישן פאָלק אויף דער בינע פון דער מענטשלעכער קאָמעדיע.

# פּרץ דער פּובליציסט

אַלע ווייסן און גיבן זיך אָפּ אַ רעכענונג, אַז פּרץ איז געווען אַ נאָוואַ־טאָר, אַ באַנייער. ער האָט באַנייט דאָס יידישע וואָרט, באַנייט, אויב נישט געשאַפן, אַ יידישע נאָוועליסטיק, אַ יידישע דראַמאַטורגיע, געגעבן זיי שוווּנג, סטיל און פאָרעם אין אַ פאַרנעם און אין אַ מאָס, וואָס איז ביז צו אים נישט געווען באַקאַנט. און אַפילו דאָרט, ווו ער איז געווען ווי די אַנדערע פון זיינע בני־דור, שטייגעריש־באַשרייבעריש, איז ער געווען ניי און אָפּפרישעריש אין סטיל.

אָבער גאָרנישט, אָדער זייער ווייניק איז דערמאָנט געוואָרן וועגן פּרצן דעם פּובליציסט, דעם באַנייער אין דער פּובליציסטיק, אין דער תּו־כיקער קעמפערישער, פולבלוטיקער זשורנאַליסטיק.

דאָ האָט י. ל. פּרץ פּשוט געשאַפן אַ יש מאין, פאַר אים איז די יידישע פּובליציסטיק געווען כמעט אַ נישט עקזיסטירנדיקע.

עס האָט, און נאָר אין דער העברעישער פּרעסע, עקזיסטירט, אַ מאַ־מריסטיק, אַן אָפּגעריסענע פון דער טעגלעכערווירקלעכקייט, אָבער אַן אַקטועלע פּובליציסטיק, וואָס זאָל זיך אָפּרופן מיט היץ, מיט ברען, מיט טיפער, וויטיקלעכער פאַראינטערעסירונג און וואָס זאָל מיט אינערלעכער באַציאונג רעאַגירן אַלזייטיק און ניי אויף די פּראָבלעמען, וואָס די מאָ־דערנע גזירות האָט אַרויסגערוקט, איז בעיקר געווען דאָס ווערק פון פּרצן.

פּרץ איז געווען דאָס, וואָס מיר רופן היינט אָן אַן „אַנגאַזשירטער״. ער איז געווען ברענענדיק, בלוטיק אַנגאַזשירט. ער איז עס שוין געווען אין זיינע נאָוועלן, אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״, אין „חסידיש״, און אין אַנדערע דערציילונגען, ווו ער האָט זיך מכוון געווען קינסטלעריש אַרויס־צוברענגען יידן גאַנצע, מיט אַ וועג, מיט אַ גאַנג, יידן, וואָס פאָדערן פון זיך און מאָנען פון אַנדערע.

אָבער ווי אַ טאָג־טעגלעכער קעמפער קעגן אַלץ, וואָס איז געווען אָפּגע־שטאַנען, דעגענערירט, ברוטאַל אין דער יידישער גאַס איז ער געווען בעי־קר אין דער פּובליציסטיק. ער האָט נישט געשוינט קיינעם. נישט די „פּראָג־רעסיווע״ פון זיין צייט, די „פּאַליאַקן פון משהס גלויבן״, וואָס זענען גע־

קומען ברענגען ליכט צו די „פינצטערע מאַסן", פול מיט פאַראַכטונג צו אַט די מאַסן. ער האָט אויך נישט געשוינט די אָרטאָדאָקסיע, אָנווייזנדיק אויף איר פאַרשטאַרטקייט, פאַרגליווערקייט, שלעכטע מעטאָדן פון דערציאונג, אין גאַנצן אַן אָפּגעריסענע פון לעבן פאַר די זין, אין גאַנצן אַן אָפּגעריסענע פון ייִדישקייט פאַר די טעכטער. אָבער אין דער צייט, וואָס די ערשטע, די אַנטיפאָלקישע פּראָגרעסיווע, וואָס האָבן זיך כסדר געמישט אין ייִדישן לעבן, האָט ער באַטראַכט ווי שונאים, האָט ער די אָרטאָדאָקסן געשעצט ווי קאָנסערוואַטאָרן, וואָס היטן אָפּ דעם נעכטן, בילדן דעם וואָרצל, אָבער ווע־מען עס פעלט דער מאָרגן, טראָגן נישט קיין בלעטער און נישט קיין פרוכטן און פאַר דעם זיי געשטראָפט.

איך מיש דעם באַנד 17 פון זיינע ווערק, אַרויסגעגעבן אין ווילנע אין יאָר 1926, וואָס אַנטהאַלט אַרטיקלען, געדרוקטע אין וואַרשעווער „היינט" ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטערן אַלגעמיינעם קעפּל „אין מיין ווינקעלע" און אַנדערע אַרטיקלען, פאַרעפנטלעכטע נאָך אין סוף פון פרי־ערדיקן יאָרהונדערט און אין אָנהויב פון לויפנדיקן און באַוווּנדער דעם מאָדערנעם אופן פון פּרצעס באַהאַנדלען די ייִדישע פּראָבלעמאַטיק פון זיין צייט. און בנאמנות, זי איז שוין נישט געווען אַזוי פּשוט. קיין קאָמפּליקאַ־ציעס און צרות האָבן אויך דעמאָלט נישט געפעלט. פון אינעווייניק: מאַסנ־האַפטע אָפּגעשטאַנענקייט, אַריסטאָקראַטישע שמד־אַסימילאַציע, רעוואָ־לוציאָנער־פּראָלעטאַרישע דערווייטערטקייט; גזירות, באָיקאָט, פּאָגראָמען פון אויסנווייניק. און צו די אַלע פּראָבלעמען איז פּרץ געקומען מיט אַן אומ־פּשרהדיקן ייִדישן צוגאַנג, אַפילו צו דער שול (סינאַגאָגע), צו רעליגיע און אַפילו צו ארץ־ישראל, הגם פּרץ איז קיינמאָל קיין ציוניסט נישט געווען, אָבער אומעטום האָט ער אָפּגעשלאָגן די ברוטאַלע איינזייטיקייט און גע־ציטערט פאַר דער דערהאַלטונג פון שטאַמיק־פאָלקישן.

זיכער איז פּרץ אַ מענטש פון זיין צייט און ער קומט אָפּטמאָל אונדז אויס אַרכייאיש לויט דער פאָרעם, לויט די דייטשמעריזמען, לויט די זשאַר־גאָניזמען. יאָ, דער באַנייער, דער קעמפער קעגן באַטראַכטן ייִדיש ווי אַ „זשאַרגאָן", האָט נאָך אַליין אַ היפּש ביסל זשאַרגאָניזירט. אָבער ווי שאַרף אין תוך און ווי אַקטועל און ווי בילדעריש אין די פאַרגלייכן, און ווי בצמ־

צומדיק און קאָנדענסירט אין דער פֿאָרעם, און ווי דרייסט אין דער טעמאַטיק, און ווי אומדערשראָקן קעגן זיינע פּאַטראָנען־אַסימילאַטאָרן פֿון דער וואַר־שעווער גמינע, און מיט וויפֿל איינזעעניש און פּשוטער מענטשלעכער יידי־שער רחמנות פֿאַר די פֿאַראָרעמטע, פֿאַרחושכטע יידישע מאַסן, דעם פּאָ־טענציעלן באַזיצער פֿון דער גאַנצער פֿאָלקס־עשירות!

הערט בלויז ווי אַקטועל עס קלינגען די קעפּלעך פֿון זיינע אַר־טיקלען: „וועגן, וואָס פּירן אָפּ פֿון יידישקייט", „די פֿאַרפֿרעמדטע אינטע־ליגענץ", „חומש מיט רש"י", „נאָך שמחת תורה". און אַזוי זייער גאַנצער תּוך און דער אופֿן פֿון באַהאַנדלען און פּאָלעמיזירן.

אין אַרטיקל „נאָך שמחת תורה" שרייבט ער שאַרף און בייסיק וועגן די גרויסע שמחות אויף די קעפּ פֿון יידישע פּאַרטייען. יעדע פּאַרטיי פֿרייט זיך מיט דער מפּלה פֿון די אַנדערע, אָבער דער געשלאָגענער איז דאָס יידישע פֿאָלק אַלס גאַנצעס.

יידישיסטן פֿרייען זיך, אַז אין ארץ־ישראל רעדט מען נישט העב־רעיש, נאָר אַראַביש, העברעיסטן פֿרייען זיך, אַז די קינדער פֿון יידישע רעדאַקטאָרן קענען אַליין נישט קיין יידיש (שוין דעמאָלט...). אַסימילאַ־טאָרן אין פּוילן פֿרייען זיך, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז געווענדט קעגן ליטוואַקעס. יעדער אָבער קריגט געשלאָגן באַזונדער און פֿילט באַזונדער, אָבער וועמענס איז דער גוף? און ער פֿאַרענדיקט:

„אין סך־הכל האָט אַפֿילו מיט דער צייט באַקומען דער גאַנצער גוף, אַלע אברים — צעקיילט, צעביילט, געניזוקט געוואָרן כל ישראל — —
אָבער וועמען גייט אָן כל ישראל?

וואָס פֿאַרא כל ישראל? אַ בלבול. „כל ישראל" האָבן אויסגעטראַכט אַנטיסעמיטן..."

מען האָט דעמאָלט גערעדט וועגן שאַפֿן אַ יידישן מוזיי. ווו זאָל מען אים שאַפֿן? אין וואַרשע, ירושלים, פּעטערבורג, פּאַריז, בערלין, לאָנדאָן? דיסקוסיעס און וויכוחים.

פּרץ זאָגט: נישט וואַרשע, ווו די דאָזיקע פֿאַראַכטן יידן, נישט אין ירושלים, וואָס איז נישט קיין צענטער פֿון לעבעדיקער יידישקייט, נישט אין לאָנדאָן, נישט אין פּעטערבורג, נאָר אין ירושלים דליטא, אין ווילנע,

ווייל... פּאָרט ווילנע. אַזוי הייסט דער אַרטיקל: „פּאָרט ווילנע".

געווען אַ געוויסע צייט אַן עפּידעמיע פון שמד אין וואַרשע. פּרץ באַרואיקט, אַז קיין פאָלקס־סכנה איז דער שמד נישט געוואָרן.

„אָבער נישט אין דער צאָל פון די אָפּטריניקעס ליגט די געפאַר, נאָר אין דער לייכטזיניקייט פון שמד... אונדזער געשיכטע האָט ביז אַהער געוווּסט פון אַנוסים, מאַרטירער, וואָס האָבן פאַרלוירן די קראַפט אומצוקומען אויף קידוש השם...

מיר זענען געוווינט צו שמד אלס רעאַקציע נאָך אַ פאַלשער משיח־באַוועגונג"...

און ווייטער: „מיר ווייסן און פאַרשטייען קאָנטאַניסטן און די אַלטע חייבי מיתות אין די פינצטערע קאַזאַמאַטן פאַר פאַלשע בלבולים"...

נישט מיט שפּינאָזאַס, זאָגט ער, וואָס אונדזער אייגענער פאַנאַטיזם האָט פון מחנה אַרויסגעטריבן, האָבן מיר צו טאָן... מיר האָבן צו טאָן מיט קליינינקייטן. און ער ענדיקט:

„אין אונדזער שוואַכקייט שטעקט די געפאַר" און די שוואַכקייט אַוועקצוגיין צוליב קליינינקייטן, צוליב לייכטזיניקייטן. פּרץ האָט אַליאַרמירט שוין דעמאָלט אויך קעגן די פשרהדיקע ככל־הגויימדיקייט, „די קאָנטראַבאַנדיסטן, שמוגלער פון פרעמדע קולטור־ווערטן, מיט אַ שטיקל „חובת הלבבות" פון גראַף טאָלסטאָי"; און ער רעקאָמענדירט בעסער אויפלעבן אַ יידיש לעבן. „די ביבל מוז געטראָגן ווערן צום פאָלק. די יידישע פאָלקס־טימלעכע לעגענדן און סימבאָלן".

„אויפגעהויבן מוז ווערן די פאָן פון יידישער רענעסאַנס, פון משיח און וועלט־משפּט און וועלט־באַפרייאונג".

און ער האָט עס אַליין געפּרוּווט קינסטלעריש רעאַליזירן אין „חסידיש", אין זיינע דראַמעס און פאָלקסטימלעכע געשיכטן.

וואָס ער האָט געפאָדערט אין דער פּובליציסטיק, האָט ער געפּרוּווט מיט אייגענע כוחות רעאַליזירן אין דער קונסט.

און ער האָט אויפגעהויבן די פאָן פון יידישן רענעסאַנס, און נישט זיין שולד איז עס וואָס דער זיווג מיט דער וועלט־באַפרייאונג איז נישט געווען אַזאַ געלונגענער...

# ה. לייוויק — דראַמאַטורג פון אונדזער תקופה

ה. לייוויק האָט אויך זיין אויבנאָן אין דער יידישער דיכטונג דערוואָרבן מיטן טיפן ערנסט פון זיין פּאָעטיש וואָרט און מיט דער איינגעשפּאַרטקייט פון זיין טעמאַטיק.

עס איז באמת שווער צו געפינען אַ צווייטן יידישן דיכטער מיט אַזאַ טעמאַטישער קאָנטינויטעט, מיט אַזאַ אידעישן המשך איבער אַלע זיינע ווערק ווי לייוויק.

אַלע זיינע לידער, אַלע זיינע דראַמעס זענען איינטעמיקע וואַריאַנטן אויפן מאָטיוו: קרבן, יסורים און אויף איר צווייט האַלב־פּנים: גאולה, באַפרייאונג פון יסורים.

ער איז שטענדיק געווען און פאַרבליבן דורכגעדרונגען פון אַן אַנגסטיקן וועלט־קוק, וואָס האָט אויסגעפילט אַלע זיינע געדאַנקען און געפילן, באַ־הערשט אַלע זיינע שטימונגען און געמיטס־צושטאַנדן, גענערט אַלע זיינע פּאָעטישע וויזיעס און פאָרשטעלונגען.

אין די אַריינפיר־ווערטער צו זיין דראַמאַטישן ווערק „אין די טעג פון איוב" שרייבט לייוויק: „גאָטס געבן פול רשות דעם שטן אומצוברענגען איובס אַלע קינדער, פאַרברענען אַלע זיינע גיטער און אים אַליין, דעם אַלטן איובן, אַריינוואַרפן זיין לייב אין גרויל פון צרות און וווּנדן — פאַר־פּאָלגט דעם מחבר זינט זיינע חדר־יאָרן; נאָך מער פאַרפאָלגט אים זינט יענע טעג, דעם יונגן יצחקס גיין צו דער עקדה און זיין ליגן אויפן מזבח אין דער־וואַרטונג געבראַכט צו ווערן פאַר אַ קרבן".

אַזוי ווי זיין לעבן וואָלט אים געגעבן געוואָרן ווי אַ צייכן און אַ סימבאָל, דערוואַרטן אים אַליין אַנגסטיקע איבערלעבענישן אין די גאָר יונגע יאָרן, וואָס יאָגן נאָך מער אויף אים אַן עקדה־מחשבות און איוב־שטימונגען.

ווי אַ סך יונגע מענטשן פון זיין דור און טאַקע ווי אַן איוב, רעוואָל־טירט ער זיך קעגן סדר־העולם. דאָס פירט אים אין תפיסה און אויף קאַ־

טאָרגע אין סיביר. אָט די איבערלעבענישן, די דערנידעריקונגען פון אַ קאַטאָרזשניק, דאָס מאוימדיקע בילד פון די אומענדלעכע שניי־סטעפּעס, די צרות, וואָס ער זעט זיך צו דאָרט, דאָס קאַטעוועז די לייבער פון זיינע מיטפאַרשיקטע, און צום סוף דאָס אַנטלויפן אין אַ שליטעלע געשפּאַנט אין אַן אָרעמער, קראַנקער שקאַפּע, איבער די פאַרכטיקע שניי־בערג, לאָזן איבער אייביקע שפּורן אויף זיין פּסיכיק און געמיט און מאַכן פון אים אויף תמיד דעם דיכטער פון ליידן.

ווען באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה דערשיינט זיין „גולם", אַקצעפּטירט עס גלייך די יידישע וועלט, ווי אַ יסוד פאַר דער פּראָבלעמאַטיק פון דער תקופה, יידישער ווי אוניווערסאַלער, ווי די פילזייטיקע און פיל־געשטאַלטיקע דראַמע פון אונדזער צייט. אַזוי האָט אויך געהאַלטן די ערנסטע יידישע בינע, וואָס האָט דעם „גולם" אויפגעפירט.

עס קומט נאָך די „גאולה־קאָמעדיע", געדאַנקלעך זייער שטאַרק — שוואַכער פון דער פּאָעטישער זייט — ווו די מענטשלעכע דראַמע פון ליידן און אויסלייז ווערן געגעבן פון אַספּעקט — באַציאונג צווישן קרבן און תלין; צווישן קרבן פון נעכטן, וואָס ווערט הענקער, און הענקער, וואָס איז געוואָרן קרבן — אַ פּראָבלעם פון אויסלייזער, וואָס לייזט זיך אַליין נישט אויס.

אַזוי ווערט די טעמע ליידן, קרבן און אויסלייז דער טעמאַטישער חוט־המשולש פון זיינע דראַמעס. יעדע דראַמע מערט די אַספּעקטן פון דער טעמע, אָבער ענדערט זי נישט. אויך די סימבאָלן און אַ טייל פון די פּערסאָנאַזשן בלייבן די זעלביקע.

די וועלט־דראַמע איז תמיד די זעלביקע און די ראָלן אויף דער וועלט־בינע פון ליידן ווערן געהאַלטן דורך די זעלבע שוישפּילער: דער תלין, זיינע קרבנות, זיינע „נביאים", „משיחים" און משיח באחרית הימים.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די דעזאָריענטירטע יידישע וועלט אַקצעפּטירט — ווי שוין געזאָגט — לייוויקס טעמאַטיק, ווי דעם פונדאַמענט פון יידישער און וועלט־דראַמע; נאָך דער צווייטער, נאָר דער גרויסער, גרעסטער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע האָט די זיך־פאַרלירנדיקע יידישע וועלט שוין פּשוט געוואַרט אויף זיין וואָרט. נישט בלויז אויף זיין

שטעלן די דראַמע ווי אַ פראַגע, נאָר געוואָרט אויף זיין תשובה. איז ער דאָך שוין מיט אַזוי פיל יאָרן פריער געווען פאַרהיימישט מיט עקדה, מיט משיח, מיט אליהו הנביא.

לייוויק, ווי ער וואָלט אויפגענומען דעם אַרויסרוף, האָט געענטפערט מיט פאַנאַנדערדרוקן די גרענעצן פון צייטן און די גרענעצן צווישן טויט און לעבן. אין זיינע נאָך־מלחמהדיקע דראַמעס מאַכט ער דורכדרינגען ס׳לעבן דורכן טויט און ער שאַפט אָפּ די מחיצות צווישן יאָרהונדערטער. ווי דער ענטפער וואָלט געווען: עס איז דאָ בלויז איין גורל פאַר אַלע צייטן און עס איז נישטאָ קיין גרענעצן צווישן די מיליאָנען, וואָס זענען אַוועק אויפן שייטער־הויפן און דער שארית־הפליטה, וואָס איז געבליבן.

אין „מהר״ם פון רוטענבערג״ — דאָס ערשטע דראַמאַטישע ווערק, וואָס איז דערשינען נאָך דער מלחמה, קומט די אַקציע פאָר אין אונדזערע צייטן און גלייכצייטיק אין 13טן יאָרהונדערט. יידן פון די היטלער־לאַגערן שטעלן אָפּ אַ וויזיט צוזאַמען מיטן „אייביקן ייד״ אין מאַינצער געטאָ פון מיטלאַלטער און זיי טרעפן דאָרט גראָד אָן אַ פּאָגראָם. „ווייל אומעטום, ווו איך שפּאַן, איז דאָ פּאָגראָם״.

אין „אַ חתונה אין פערנוואַלד״, צווייטע דראַמאַטישע פּאָעמע פון לייוויקן נאָך דער מלחמה, זענען פאַראַן פּערסאָנאַזשן פון „גולם״, אליהו הנביא און משיח. זיי שפּאַנען צווישן די לאַגער־יידן און די מחנות אומגעקומענע שפּאַנען צוזאַמען מיט די איבערגעבליבענע. אַלע באַריערעס זענען געבראָכן. דער טויט איז נישט קיין גרענעץ.

מיט דער נחמה פון נצחיות איז לייוויק געקומען צו דער שארית־הפליטה.

אין דער דראַמע „אין די טעג פון איוב״, קומט יצחק פון דער עקדה צו איוב דעם בעל־יסורים, הבל און קין זענען באַטייליקט אין דיאַלאָג. אַלץ, וואָסליידט אין אַלע צייטן, פאַרשטייט זיך און טרעפט זיך.

אויב אין „גולם״ האָט נאָך לייוויק צוגעלאָזן דעם געדאַנק פון ענטפערן מיט קראַפט קעגן געוואַלד, מיטן שטעקן פון גולם איבערן רוקן פון כומר טאַדעאוש, אַ פּרווו, וואָס געלינגט נישט און צווינגט דעם מהר״ל אָפּצונעמען ביים גולם דעם שם המפורש, ווערט שוין אין „מהר״ם פון רו־

טענבערג״ אַנטקעגנגעשטעלט דער געוואַלד פון די רוצחים די פּאַסיווע גבורה פון קידוש־השם, די דורותדיקע יידישע סבלנות פון מאַרטירער.

עס קומען אַפילו פאַר וויכוחים פון מהר״ם, וואָס געפינט זיך אין דער תפיסה, און זיין גאונישן תלמיד ר׳ אשר (באַרימט אונטערן נאָמען דער ראש) מיט די תלמידים פון ראש־הקהל וועגן אַ היתר אויף אַן אַקטיוון ווי־דערשטאַנד קעגן שונא, וואָס ווערט אָפּגעוואָרפן דורך די מנהיגים.

די דראַמע „מהר״ם פון רוטענבערג״ בלייבט דער אַפּאָטעאָז פון גורל־דיקייט, קעגן וועלכער עס קען נאָר אַנגעווענדעט ווערן די גבורה פון קידוש השם, אָבער נישט די „גויאישע״ גבורה.

לייוויק איז דאָ, אגב, דער גרויסער סניגור פון די זעקס מיליאָן פּאַסיווע קדושים, וועמען עס ווערט פון פאַרשידענע זייטן אַנטקעגנגעשטעלט דער אַקטיווער העראָיזם פון די געטאָ־קעמפער, אַ שטייגער ווי דער קידוש השם־טויט וואָלט זיך גענויטיקט אין אַ פאַרענטפערונג.

נישט צו דער אַקצעפּטירונג פון פּאָגראָם איז זיך לייוויק מכוון, נאָר צום לויב פון בעסער נעמען אויף זיך די ראָל פון קרבן, איידער די ראָל פון תלין. לייוויק וויל אָפּווישן די חרפּה פון נעמען אויף זיך די שעפּסן־ראָל, די ראָל פון כצאן לטבח יובל, וואָס עס איז די חרפּה פון מערדער, אָבער נישט די בושה פון דערמאָרדעטן.

אינעם ווערק „אין די טעג פון איוב״ איז די דראַמע ליידן פון אַן אַנ־דערן אַספּעקט — באַציאונגען פון קרבן צו קרבן. עס זענען דאָ „מיינע ליידן״, עס זענען פאַראַן „אונדזערע ליידן״, עס זענען אָבער אויך דאָ „יע־נעמס״ ליידן.

עס איז פאַראַן אַ טענה פון איוב צו גאָט: באַשעפער פון דער וועלט, פאַרוואָס האָסטו פון מיר געמאַכט דיין פיינט? (דורך יסורים אויף מיר אָנגעשיקטע); און עס איז דאָ די טענה פון קרבן צום הענקער, דער רע־וואָלט פון אונטערדריקטן צום אונטערדריקער. עס איז אָבער אויך דאָ די טענה פון קרבן צום קרבן, פון קרבן פון היינט צום קרבן פון נעכטן, וואָס פאַרשטייט שוין נישט די ליידן פון יענעם, ווי נאָר זיינע זענען אַוועק.

איוב ליגט אין זיינע יסורים, ער פאַרשילט דעם טאָג פון זיין גע־בוירן. ער שטעלט אויף הימל און ערד מיט זיינע קללות. זיין קול צעגייט

איבער דער גאַנצער וועלט און אַלע געפּייניקטע אוןליידנדיקע זאַמלען זיך אַרום איובן, אים און — זיין... זייער... רעוואָלט. אָבער עס בלייבן גלייכגילטיק די געזונטע, די אַלע, וואָס ליידן נישט, זיי פּילן נישט, זיי פּילן נישט מיט.

נאָך בעסער, איוב אליין, ווי נאָר ער ווערט געזונט דורך אַ שפּיצל, וואָס דער שטן טוט אים אָפּ, כדי פון אים פּלוצעם אָפּצוווענדן אַלע רעוואָלטירנדיקע, דער זעלבער שטן, וואָס האָט אים פריער אַריינגעוואָרפן אין די יסורים... ער אַליין פּילט מער נישט די ליידן פון די אַנדערע. ער פּילט מער נישט מיט זייערע ווייטיקן.

ביי לייוויקן, וואָס האָט זיך ליב אויסצודריקן דורך אַלעגאָריעס, וואָלטן מיר דאָס אפשר געקענט פאַרשטיין ווי אַ פאָרוווּרף צו די יעניקע, וואָס פאַרגעסן די ערשט־דורכגעגאַנגענע יסורים בימי היטלער, הערן מיר אָבער אין אַ פריערדיקער דראַמע „אַ חתונה אין פערנוואַלד" לייוויקן אויסדריקן זיין צופרידנקייט צו דעם, וואָס דאָס לעבן גייט ווידער אין זיין סדר, און ער לאָזט קומען אליהו הנביא זיך מיטפרייען מיט דער ערשטער חתונה צווישן געראַטעוועטע לאַגער־יידן. לאָמיר דעריבער נישט זוכן קיין סתירות. דער דיכטער איז נישט קיין פאַרענטפערער פון פּראָבלעמען.

אויף דער דראַמע מענטש, אַ געשליידערטער צווישן די העכסטע הויכן פון אויסדערוויילטקייט און כף הקלע פון די נידעריקסטע אינסטינקטן; אויף דער דראַמע ייד, געשליידערט צווישן דער ברכה פון נצח ישראל און קללה פון בדמיך חיי, ענטפערט ער דורך קאָנפראָנטירן דעם אונטערדריקער מיטן אונטערדריקטן, דורך דיאַלאָגן, וואָס פאַרענטפערן נישט, אָבער ענטפערן מיט קראַפט צו אונדזער געמיט און מאַכן פון אים דעם דיכטער־דראַמאַטורג פון אונדזער צייט, וואָס פרעגט זיך אָן ביי די מיט אייביקייטס־אָנגעפּילטע מיטאָסן וועגן זין פון די מענטשלעכע און יידישע ליידן.

# דאָס קול פון יידישן מאַנער

אַלע אָנגעצויגענע סטרונעס פון דעם איבער ברעגעס אויסגעפילטן גרויסן אַמפּיטעאַטער „רישעליע" פון דער פּאַריזער סאָרבאָנע האָבן אַ וויבריר־געטאָן, ווען די קלאָרע קלינגענדיקע שטימע פון אַלטן מאַן האָט ארויסגעזאָגט די ווערטער: „לויט מיין עלטער האָב איך שוין באַדאַרפט שווייגן און זיכער רעד איך אין דער עפנטלעכקייט צום לעצטן מאָל"...

ניינציק פּראָצענט פון זיינע הערער זענען זיכער געווען יידן. אָבער אין די ערשטע רייען האָט מען געקענט זען קעפּ פון קריסטלעכע געלערנטע און פון גייסטלעכע און אויפן זאַל אויך הייליקע שוועסטערן. אַלע איבער־רייסן אָפט די רייד פון זקן מיט אַפּלאָדיסמענטן, מיט שאָקלען די קעפּ צו אַפּראָבאַציע און טיילמאָל אויך מיט גרימאַסן פון זשענירונג, אָבער תמיד דריקן אַלע פּנימער אויס אָנשטרענג פון ערנסט און אַלע אויערן זענען אָנ־געשפּיצט מיט שפּאַנונג און אינטערעס צו די רייד פון שטראָפער און באַ־שולדיקער.

דער דאָזיקער רעדנער, וואָס האָט צענדליקער יאָרן געלערנט מערערע דורות פראַנצויזן זייער אייגענע געשיכטע, קנעלט איצט מיט זיי דורך שריפט און וואָרט, אין לויף פון 15 יאָר, די געשיכטע פון זיין אייגענעם שטאַם, וועלכע ער צווינגט זיי צו הערן מיט פאַרפלאָמטע פּנימער.

דער דאָזיקער אַלטער מאַן איז זשיל איזאַק.

די טעזע פון זשיל איזאַק, געוועזענער גענעראַל־אינספּעקטאָר פון פראַנצויזישן שול־וועזן אין משך פון פיל יאָרן ביז צו דער ווישי־תקופה, איז אַלגעמיין באַקאַנט:

דער באַרבאַרישער טעווטאָנישער ראַסיזם איז אין זיין תוך געווען אַזוי אַנטי־קריסטלעך ווי אַנטיסעמיטיש, אָבער אין דער הילף און אין דעם נאָכפאָלג, וואָס ער האָט געפונען ביי אַלע המונים פון די אייראָפּעישע פעל־קער, ליגט די שולד פון דער קירכלעכער השפּעה, וואָס האָט כסדר און פּערמאַנענט פון דור צו דור, פון טאַטע צו קינד, געזייט און געפלאַנצט

שנאה און פאַראַכטונג צום פאָלק, וואָס האָט זיי געגעבן אַ גאָט און וואָס זיי האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלק „גאָטס־מערדער".

מען וועט פרעגן, זאָגט דער רעפערענט: האָט דען נישט עקזיסטירט קיין פאַר־קריסטלעכער יידן־האַס?

און ווו איז די שקלאַפעריי פון מצרים, וועגן וועלכער עס דערציילט שוין די תורה? און ווו איז די פּאָגראָם־שרעק אין די צייטן פון פערסיע, וועגן וועלכער עס באַריכטעט מגילת אסתר? און ווו איז דער גרויסער אַנטי־סעמיטיזם פון אַלעקסאַנדריע אין די צייטן פון פילאָן? די בלבולים וואָס דער גריך אַפּיאָן האָט אין יענע צייטן שוין געמאַכט אויף יידן? (דער היס־טאָריקער פון די צייטן פון חורבן בית שני, פלאַוויוס, האָט אים אָפּגעענט־פערט מיט אַן אַנטי־אַפּיאָן שריפט — ל. ד.). און ווו זענען די אונטערדרי־קונגען פון פאַר דער חשמונאים־צייט, אויף וועלכע די מכבים האָבן גע־ענטפערט מיט אַן אויפשטאַנד? און ווו זענען די רדיפות פון די צעזאַרן?

אָבער אַלע זענען זיי געווען — ענטפערט דער היסטאָריקער — לאָקאַ־ליזירט און, איבעריקנס, אַן ענטפער אויף אַ רעאַלער יידישער פּאָליטיש־מיליטערישער מאַכט. דאָס זענען נישט געווען קיין אונטערדריקונגען נאָך מלחמות. (אַ חוץ אין פרס ומדי, וואָס איז אין גאַנצן היסטאָריש נישט באַ־וויזן).

די העלענער און די רוימער האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ זייער גרויסן ווידערשטאַנד מצד יידן, וואָס האָט באַדראָט די עקזיסטענץ פון זייערע אימפּעריעס. סיי פאַר דער קריסטלעכער ערע, סיי נאָך איר אָנהויב זענען פאָרגעקומען גרויסע רעוואָלטן אין ישראל, וואָס האָבן זיך אַפילו אויסגע־שפּרייט אויף געוויסע אינדזלען פון רוימישן באַזיץ און האָבן אָנגעהויבן אונטערגראָבן דעם אָנזען פון רוים; און אין אַלעקסאַנדריע האָט די יידישע עקאָנאָמישע מאַכט באַדראָט דעם העלעניש־רוימישן קאָלאָניאַליזם.

און ביי דעם אַלעם האָבן די יידן, וואָס זענען שוין אין יענע צייטן געווען פונאַנדערגעשפּרייט איבער די לענדער פון דער רוימישער אימפּעריע, גע־נאָסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וואָס די צעזאַרן האָבן זיי געגעבן.

ראַדיקאַל האָט זיך די לאַגע געענדערט זינט דאָס קייזערלעכע רוים פון קאָנסטאַנטין איז איבערגעגאַנגען צום קריסטנטום. צו געווינען די געצנדינע־

רישע מאַסן, האָט זיך דאָס קריסטנטום אָפּגעזאָגט פון שבת און פון אַלע געזעצן פון דער תורה. דער צופלוס פון יידן צום קריסטנטום האָט זיך דע־מאָלט אָפּגעשטעלט, ווייל עפּעס ערגערס ווי אָפּזאָגן זיך פון געזעץ פון דער תורה, האָט ביי קיין שום ייד נישט עקזיסטירט, אַפילו ביי די, וואָס האָבן אָנערקענט דעם נוצרי אַלס משיח.

גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן די איזאָלירונג פון יידן, די פאַרפאָל־גונגען און דאָס דערנידעריקן זיי צו דער מדרגה פון פּאַריאַס.

פון 11־טן יאָרהונדערט אָן, פון די צייטן פון די קרייץ־צוגן, ווען נייע היידנישע מאַסן האָבן אָנגעהויבן צופליסן צום קריסטנטום, וואָס האָבן נאָך אַלץ נישט זיך שטאַרק אָריענטירט אין אונטערשיד צווישן יידנטום און קריסטנטום, צווישן דער סינאַגאָגע און דער קירך, האָט די קירך, כדי אָפּ־צוציען די צוגעפלאָסענע מאַסן פון יידנטום, נאָך מער פאַרשטאַרקט די רדי־פות און די דערנידעריקונג דורך בלוט־בלבולים, שאַנד־אָפּצייכענונגען און שפּעטער געטאָס פאַרן „פאָלק עדות", וואָס האָט אָפּגעוואָרפן די אמונה אין גאָטס־זון און באַדאַרף דערפאַר צוזען זיין שאַנדע.

זשיל איזאַק גיט דאָ אַלע תחבולות, וואָס די קירך האָט צוגעטראַכט, אַלע טעמעס, וואָס זי האָט אַנטוויקלט, כדי צו פאַרוואָרצלען די שנאה און די פאַראַכטונג צו יידן פון דור צו דור.

דער באַרבאַרישער נאַציזם האָט געטראָפן אַ גוט־צוגעגרייטן באָדן און האָט זיינע מעשים געטאָן אויף קריסטלעכער ערד.

און ווי דערשטוינט ווערן אַלע אין זאַל, ווען דער גריז־גרויער זקן ציטירט פון נייע קריסטלעכע האַנט־ביכער, שוין דערשינענע אין פראַנקרייך און אין איטאַליע לעצטנס, 15 יאָר נאָך אוישוויץ, ווו מען חזרט איבער אַלע בלבולים וועגן „דעגענערירטן פאָלק אָן גלויבן", וועגן די גאָטס־מערדער, וואָס זענען שוין אין די צייטן פון יעזוסן געווען פאַרדאָרבן.

דער רעדנער דערמאָנט דערנאָך די אויפגאַבן פון דער געזעלשאַפט פאַר קריסטלעך־יידישער פריינדשאַפט. ער דערמאָנט דעם זשעסט פון הייליקן פּויפּסט, וועלכער האָט אָפּגעשאַפט געוויסע פסוקים אין די תפילות פון הייליקן פרייטיק, וואָס האָבן באַליידיקט יידן און ער רופט די געוויסנהאַפטע קריסטן צו געדענקען, אַז די קריסטלעכע שנאה האָט דערפירט צו אוישוויץ.

אין מאָמענט, ווען עס וואַרפט זיך אָן, ווי פון זיך אַליין, דער פאַרגלייך צווישן דעם עלטסטן יידישן קעמפער און דעם ייִנגסטן, וואָס ביידע האָבן זיי געשוווירן נישט צו פאַרגעסן אוישוויץ און דערביי האָבן זיי געקעמפט אין דער פראַנצויזישער שפּראַך מיט די מיטלען, וואָס זענען זיי אייגן, מיר מיי־נען נאַטירלעך דעם יונגן שוואַרץ־באַרט, אין דאָזיקן מאָמענט, רייסט זיך טאַקע פון מויל פון היסטאָריקער־קעמפער אַליין אַרויס דער פאַרגלייך און ער ציטירט דעם מחבר פון „דער לעצטער צדיק״, ווי אַ ביישפּיל פון מוט.

עס בלייבט בלויז אויסצודריקן דעם ווונטש, וואָס דער רעדנער אַליין האָט אויסגעדריקט, אַז די דאָזיקע ווערטער זאָלן זיך פאַררוואַנדלען אין מעשים און זאָלן געפינען זייער עכאָ ווייט איבער די ווענט פון דער סאָרבאָנע.

1959

# דער מקונן פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק

דעם מחבר פון „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק״ האָט זיך אין די צייטן פון דער טראַגישער ווירקלעכקייט זיכער נישט געחלומט, אַז אויף דער וואַנט פון האָטעל אין שיינעם פראַנצויזישן קוראָרט וויטעל, וואָס איז דורך די נאַציס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, וועט איינגעמויערט ווערן אַ טאָוול פאַר זיין אָנדענק וועגן, און אַז אַ פייערלעכע און רירנדיקע צערעמאָניע וועט אויפן אָרט איינגעאָרדנט ווערן.

וואָלט ער געקענט האָבן די קלענסטע אָנונג דערפון, וואָלט דער בעל איכה פון דריטן חורבן אפשר געגאַנגען צום אומקום אַ געטרייסטער, ווייל פאַרצווייפלונג איז זייער ווייט געווען פון זיין אמתער נאַטור. אָבער ער איז אַוועק פון דער וועלט אַ פאַריאושטער, אָן האָפענונג זיך אויסגעלאָשן. ער האָט געענדיקט ווי אין זיין ליד „אַזוי פאַרגייט מיין האָפענונג, אַזוי פאַרגייט מיין טרוים״.

עס איז דעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן באַשערט געווען צו טראָגן זיין אייגענעם מאַרטירער־גורל אין גרויסן ים פון פיין. איבערגעלעבט דעם אומקום פון וואַרשעווער געטאָ, עדות פון דער דעפּאָרטאַציע פון זיין פרוי און צוויי זין, ווערט ער מיט זיין עלטסטן זון און דריי הונדערט יידן, וואָס האָבן אַזוי ווי ער אויסלענדישע פּעסער פון אַ מלוכה אין צענטראַל־אַמעריקע, איבערגעשיקט אין פראַנצויזישן קוראָרט וויטעל, ווו עס איז דאָ אַ קאָנ־צענטראַציע־לאַגער פאַר פריווילעגירטע, פאַר מענטשן מיט האָפענונג. די אויסלענדישע מלוכה באַדאַרף בלויז צו באַשטעטיקן די אויטענטישקייט פון די פּעסער. די מלוכה האָט אָבער געטאָן דאָס פאַרקערטע, און די דריי הונ־דערט יידן, צווישן זיי דער דיכטער, ווערן נאָך אַן עטלעכע חדשימדיקן אויפ־האַלט אין פראַנקרייך „לעגאַל״ דעפּאָרטירט, אין אַפּריל פון יאָר 1944, פיר חדשים איידער פראַנקרייך איז באַפרייט געוואָרן.

נאָך טראַגישער איז דער גורל פון דיכטער דערמיט, וואָס ער איז געווען די חדווה אַליין און האָט באַדאַרפט ווערן פון דער השגחה באַשטימט צו זיין

דער מקונן פון פאָלק — דער דיכטער פון די „זון פאַרגייט אין פלאַמען" פון „מה יפים הלילות בארץ כנען" און פון אַזוי פיל אַנדערע פון אַלעמען גע־זונגענע יידישע און העברעישע לידער איז געווען די פריינדלעכקייט, די פריילעכקייט און די גוטמוטיקייט אַליין. קיינער האָט נישט אַזוי ווי ער פאַר־איינִיקט אין זיך אויפן נאַטירלעכסטן אופן אַ גלייכע ליבע צו יידיש און העב־רעיש, צו די נביאים און צו דער נייער יידישער ליטעראַטור. עפּעס האָט ער פאַרמאָגט פאַר די בלעטער פון די הייליקע שריפטן אַ באַזונדערן חוש, אַן אינסטינקטיווע פאַרשטענדעניש. ער איז געווען ממש די פאַרקערפּערונג פון פאָלקסטימלעכקייט און באַשאַפן איז ער געווען צו זיין דער זינגער פון נאַ־טור, פרייד און לעבנס־לוסטיקייט.

אין לויף פון יאָרן אין לאָדזש איז מיר אויסגעקומען אים צו זען כמעט יעדן טאָג אויפן וועג פון זיין עלטערנס היים אָדער שפּעטער פון זיין אייגע־נער, צו דער מיטל־שולע, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט. עס האָט אים באַגלייט אַ שטענדיקע פרייד, אַ זינגעוודיקייט און אַ באַפליגלטע ענערגיע. פון פולן און זאַטלעכן פּנים האָבן אַרויסגעשיינט צוויי פלאַמיקע אויגן, וואָס האָבן באַשטראַלט דעם באַלייבטן גוף און האָבן עדות געזאָגט, אַז אַט די באַלעבאַטישע אויסערלעכקייט איז אַ יוסטער לבוש פאַר אַ פּאָעטישער אינערלעכקייט.

האָט דער גורל, דער ביטערער יידישער גורל געוואָלט, אַז גראָד אויף די פּלייצעס פון דאָזיקן פולפריידיקן, שהשמחה־במעונודיקן פּאָעט זאָל אַרויפ־געצוווּנגען ווערן דער עול פון ווערן אַן איכה־זאָגער, אַ מקונן פון גרעסטן חורבן פון יידישן פאָלק אין אַלע צייטן, צו ווערן דער מחבר פון דער טראַ־גישסטער קינה „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק". און נאָך אַ שרעקלעכע מיסיע האָט אים דער יידישער גורל פאַרטרויט: אַז ער, דער בעסטער און טרייסטער מאַן און פאָטער, זאָל ווערן דער מספּיד פון זיין פאַר־טיליקטער משפּחה, איידער ער איז אַליין אַוועק מיטן אומקום־וועג פון די מיליאָנען.

אַוודאי האָט שוין יצחק קאַצענעלסאָן פריער געוווּסט — וועלכער אמתער דיכטער ווייסט עס נישט — צו פאַרגלייכן אונדזערע חלומות און אונדזערע האָפענונגען צו דער פאַרגייענדיקער זון, אָבער אַז גראָד ער וועט האָבן די

טרויעריקסטע פון אַלע אויפגאַבעס, צו באַוויינען דעם אונטערגאַנג פון שיער נישט זיין גאַנץ פאָלק, האָט ער זיכער קיינמאָל פריער נישט געקענט אָנען.

ירמיה האָט געקלאָגט, אָבער קיין מאָל נישט פאַרלוירן די האָפענונג אַז קומען וועט אַן אויסליז, און קיין מאָל איז אים נישט אויסגעקומען צו צווייפלען אין דער וויטערער עצם־עקזיסטענץ פון זיין פאָלק; יחזקאל האָט געזען אַ טאָל מיט ביינער, אָבער געגלויבט האָט ער, אַז עס קאָן נאָך אַריין אין זיי אַ גייסט פון לעבן. יצחק קאַצענעלסאָן, דער מקונן פון אונדזער צייט, האָט אַרויסגעשריגן זיין קלאָגליד און איז אַוועק מיטן יאושדיקן געפיל, אַז זיין פאָלק איז טויט. און קיינער, קיינער וועט שוין די מתים נישט קענען מער אויפלעבן.

„ניטאָ אויף וואָס אַ לייב אַרויפצוזעצן
און אויף וואָס אַ הויט אַרויפציען
אין וואָס אַריינבלאָזן אַ גייסט —
זע, זע אַ פאָלק אַן אויסגעהרגעטער דאָ גאַנץ,
אַ פאָלק געטויט
קוקט אונדז אַן שטאַר,
קוקט אַן מיט אויגן אונדז פאַרגלייזט".

האָט ער פאַרצווייפלט געזונגען אין זיין צוואה־ליד. און דאָך וואָלט שוין באמת קיין שום פונק פון האָפענונג נישט געטליעט אין זיין האַרץ, וואָלט ער דאָך זיין פאַרצווייפלונג נישט געגעבן קיין אויסדרוק, וואָלט ער זיין קינה־פּאָעמע נישט אַזוי זאָרגעוודיק פאַרגראָבן אין דער ערד, וואָלט ער זיינע פערזן נישט פאַרבאַהאַלטן אין פלעשלעך און וואָלט קיינעם נישט אָנגעזאָגט זיי צו פאַרעפנטלעכן.

*

עטלעכע מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין שיינעם קוראָרט וויטעל. די בעסטיע וואָס האָט אַלץ און אומעטום געקענט פאַרוואַנדלען אין אַ

ים פון בלוט און טרערן האָט אויך פון דאָזיקן הערלעכן נאַטור־ווינקל גע־קענט מאַכן אַ לאַגער פון איזאָלאַציע, פון פּיין און אומקום. איך האָב געזען עטלעכע גרויסע פּרעכטיקע האָטעלן, וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרקראַטעוועטן קאָנצענטראַציע־לאַגער. און באַזוכט האָב איך אויך דאָרט דעם קליינעם מיליטערישן בית עולם, איז אויך דאָרט דאָ אַ באַזונ־דערער ווינקל פאַר דער באַזונדערער יידישער טראַגעדיע: אין טאָג ווען די רוצחים האָבן געדיכט אַרומגערינגלט דעם לאַגער צו דעפּאָרטירן די „אומגעזעצלעך" אינטערנירטע, די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אמתע אויסלענדישע פּעסער און זענען דעריבער דאָס „געזעצלעכע" אייגנטום פון מחבל, יענעם טאָג זענען יידישע מענער, פרויען און קינדער געשפּרונ־גען פון די שטאָקן פון האָטעל־לאַגער און געפאַלן פון די נאַצי־קוילן. איצט רוען דאָ זייערע גופים אין עטלעכע גלייכע מיליטערישע רייען און די האַנט, וואָס פלעגט און באַבלימלט די קברים פון די געפאַלענע דאָרט רוענדיקע פראַנצויזישע, ענגלישע און אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, לייגט אויך אַמאָל אַ בלימל אויף די יידישע קברים.

אָבער יצחק קאַצענעלסאָן רוט נישט צווישן זיי. דער דיכטער און זיין זון צבי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צום אָרט פון אומקום פון אַלע זעקס מיליאָנען, צו די טויטע אָן אַ קבר.

1954

# יוסף אָפּאַטאָשו

## אַ טאָג אין יידישן מיטלאַלטער

ברייטע בקיאות און קינסטלערישע אינטואיציע האָבן אין אַ גלייכער מאָס זיך באַטייליקט אין דער שאַפונג פון יוסף אָפּאַטאָשוס ווערק.

צומייסטן איז עס געווען אַ געראָטענער זיווג. על פי רוב האָבן זיך די עלעמענטן פון ערודיציע און פון קונסט אַזוי ווי כעמיש צונויפגעגאָסן, און עס איז געבוירן געוואָרן אַ סאָליד איינהייטלעך ווערק. עס טרעפט זיך אָבער אויך ביי אָפּאַטאָשו — דער עיקר אין די קורצע היסטאָרישע נאָוועלן — אַז די עלעמענטן בלייבן נישט צונויפגעגאָסן, נאָר בלויז באַהאָפטן, איר קענט זיי דעמאָלט פונאַנדערנעמען. ערודיציע לחוד און גוטע אינטואיטיווע איינפאַלן לחוד. עס איז אָפטמאָל אויסגעקומען ביי יוסף אָפּאַטאָשו, אַז דאָס נאַראַטיווע איז געווען אַ טפל צו עפּעס אַ געשיכטלעכן חידוש, צוליב אַ ווילן צו פאַרענטפערן עפּעס אַ האַרבן היסטאָרישן תיקו.

„אַ טאָג אין רעגענסבורג" געהערט צום דאָזיקן מין און אין אָנהויב מאַכט דאָס בוך דעם איינדרוק פון אַ דעמאָנסטראַציע פון ווערטער, אַ מין עקספּאָזיציע פון שטייגער, פון נוסח, פון הלבשה, ווו די ערודיציע איז איבערגעצויגן מיט מעשה מיט פּאַסירונגען, כדי עס זאָל זיך האַלטן. און אַ ביסל בלייבט דער דאָזיקער איינדרוק ביז צום סוף, אָבער אין סך־הכל שלאָגט אַ טיפע האַרציקע וואַרעמקייט פון דאָזיקן קליינעם ביכל און איר פאַרגעסט וואָסערע חשבונות יוסף אָפּאַטאָשו האָט געהאַט ביים צונויפשטעלן אַזאַ מין „וואָרט־געמעל", ווי דער בעל הקדמה פון פאַרלאַג „די גאָלדענע פּאַווע" רופט עס אָן. און איר פאַרגעדענקט בלויז די זאַפטיקייט פון די ווערטער, די ליבשאַפט פון מחבר צום דערציילטן, צו מנהג, צום וואָרט, צום לעבן פון יידן אין אַלע צייטן, אין אַלע דורות, אין אַלע ערטער, אין אַלע אומשטענדן.

וואָרעם אַ גרויסע טענדענץ האָט אָפּאַטאָשו נאָכגעפאָלגט אין זיינע היסטאָרישע ווערק פון די „פּוילישע וועלדער" ביז „רבי עקיבא", איבער די דערציילונגען פונעם בוך „די יידן־לעגענדע" ביז אַ „טאָג אין רעגענס־

בורג״. עס איז געוואָרן ביי אים אַן אידעע־פיקס, וואָס האָט אַבסאָרבירט זיין געדאַנקען־גאַנג און באַהערשט זיינע ווערק — די אידעע: יידן, אַ וועלט־פאָלק, אַן אייביק פאָלק.

אין אַלע זיינע ווערק, גרויסע צי קליינע, אין אַלע דיאַלאָגן, בילדער און היסטאָרישע שילדערונגען, האָט ער די טענדענץ אַריינגעפירט מיט עקשנות, מיט ליבשאַפט, אַנטפּלעקט, באַוויזן דאָס אייגנאַרטיקע, דאָס המשכדיקע פּנים פון דער לאַנגער יידישער געשיכטע אויף זיין ערד און אויף זיינע וואַנדערנישן; ער האָט אומעטום אונטערגעשטראָכן דעם כאַראַקטער, וואָס נישט שפּראַכן, נישט לענדער און נישט תקופות האָבן געקענט תוכיק ענדערן.

און דער פאָרשער־ערודיט איז נאָכגעגאַנגען דעם קינסטלער און אַזוי האָט ער מיט וויסן און מיט קונסט געשפּונען, געבויט, קאָנסטרוירט שטיקער יידישע געשיכטע, דורות, תקופות און ער האָט אַנטפּלעקט דאָס אייגהייטלעכע און טאָג־טעגלעכע פּנים פון פאָלק, פון זיינע גאונים, אָבער אויך פון די מאַסן און צוריקגעשטעלט די היסטאָרישע גאַנצקייט פון פאָלק, הגם צעשניטן אין שטח, צעטיילט אין לשון, צעטרייסלט פון חילוקי־דעות און שטורמישע באַוועגונגען.

אַ גרויסע היסטאָרישע קשיא האָט אַפּאַטאָשו כסדר געוואָלט פאַרענטפערן: עס האָט אים שאָקירט, וואָס אונדזערע היסטאָריקער איגנאָרירן דאָס פאָלק, דעם המון, דעם עם הארץ, אַ שטייגער ווי אונדזער געשיכטע וואָלט געמאַכט געוואָרן בלויז פון דיכטער, פילאָזאָפן און גאונים. אַ שטייגער ווי ביי יידן אין אַלע צייטן, וואָלט מען זיך בלויז מפלפל געווען אין תלמודישע סוגיות, דער שיחת חולין וואָלט געווען בלויז פלפול, און ווי די געשיכטע אַליין וואָלט בלויז באַשטאַנען פון פּאָגראָמען און גירושים.

און ווו איז דאָס פאָלק? — איז קשה אַפּאַטאָשון. און ווער האָט געשאַפן נוסח, טראַדיציע, שטייגער, מנהג, צערעמאָניע, שמחות אויף חתונות, אויף בריתן און ווען האָט זיך דאָס געשאַפן? עס האָט דאָך געמוזט עקזיסטירן — לכל הפחות פראַגמענטאַריש — אַן איינגעפונדעוועט סאָליד לעבן. און אַלע ווערטלעך און שפּריכווערטלעך, עדות פון שורש און פאַרוואָרצלטקייט, האָבן דאָך נישט געקענט געשאַפן ווערן פון די רמב״מס, פון די רש״יס, פון

די מהרש״אס, פון די קצות החושנס, נאָר פון אַ פאָלק מיט זיינע רייד, אַפילו גראָבע רייד, מיט זיינע מעשים, אַפילו פאַרגרעבטע מעשים.

און אָפּאַטאָשו פאַרמעסט זיך אין זיינע היסטאָרישע ווערק בכלל און אין זיינע קורצע שטייגער־דערציילונגען בפרט צו פאַרענטפערן די דאָזיקע האַרבע קשיא, צו רעקאָנסטרוירן אַ טאָג־טעגלעך לעבן, ווו דער פּראָסטאַק, דער טרעגער, דער בעל־עגלה, דער קלעזמער, דער קרעטשמער, דער לץ, די אַלע, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט פאָלק און אים געגעבן קאָליר, פאַרב, מענטשלעכע פשוטקייט און נאַטירלעכקייט זאָלן קומען צום אויסדרוק.

צום בולטסטן איז די דאָזיקע טענדענץ אין „אַ טאָג אין רעגענסבורג״, וואָס איז אַ מין בעלעטריסטישער עסיי. דער אינהאַלט קען דאָ דערציילט ווערן אין עטלעכע שורות: צייט: 16־טער יאָרהונדערט. אָרט: געטאָ רעגענסבורג פון יידישן מיטלאַלטערלעכן דייטשלאַנד. אין שטעטל קומט פאָר אַ רייכע חתונה. דער פרנס פון שטאָט איז זיך משדך מיט אַ גרויסן גביר פון וואָרמייזע (ווורמס) און ווער קומט נישט אַלץ צו דער דאָזיקער חתונה? בעטלערס פון אַלע עקן לאַנד, פּראָגער לצים, ישיבה־בחורים, גבירים פון פאַרשידענע לענדער און אַפילו פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און דער גרויסער שתדלן יוסילמאַן און דער גרויספירשט פון בייערן בכבודו ובעצמו. און די גאַנצע מעשה איז גאָרנישט קיין מעשה, נאָר אַ פּרעטעקסט, אַ תירוץ צו עקספּאָנירן דעם יידישן מיטלאַלטער מיט זיין לשון יידיש, מיט זיין הלבשה, מיט זיין שטייגער, מיט זיין הלצה און רכילות. מיט די פאַרשידנסטע פאַר־שוינען: גבירים, ווילע יונגען, לצים, מחברים, וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן, שתדלנים, דייטשע פירשטן, אַ קאַליידאָסקאָפּ פון מיטלאַלטערלעכע פּער־סאָנאַזשן, רייד, אופנים און פּראָבלעמען.

אָפּאַטאָשו וויל באַווייזן, ווי אַגב אורחהדיק, אַז אויך אונדזערע חלוקי־דעות און פּראָבלעמען האָבן שטענדיק עקזיסטירט און זענען אַלע מאָל גע־לייזט געוואָרן לטובת דער המשכדיקייט.

און אָט צו דעם צוועק פירט ער אַריין אַ וויכוח צווישן איינעם פון די לצים אויף דער חתונה, אַליין אַ מחבר, און אַ צווייטן מחבר, לייב פון שמואל־בוך. דער ערשטער שאַפט ריטער־ראָמאַנען און ראָמאַנסן לויטן מוסטער פון די דייטשע ניבעלונגען, מעשיות מיט הילדעבראַנד, קרימהילד און אַנד.

נאָכמאַכונגען פון די דייטשע „זאַגן“. אָבער לייב פאַרשטייט נישט פאַרוואָס בת־שבע איז נישט אינטערעסאַנטער, ווי קרימהילד און דוד המלך פון היל־דעבראַנדן.

און אַזוי דערציילנדיק קעמפט אָפּאַטאָשו מיט קנאות און מיט ליב־שאַפט און ער דעמאָנסטרירט גלייך, אויפן אָרט, יידישע קאַרנאַוואַלן, מנ־הגים, שמחות, ווערטלעך און אפילו ניבול פה, צו געבן דאָס בילד פון אַ פול יידיש לעבן, רייך און וואַרירט אין קאָלירן און פאַרבן.

און דאָס בוך־פּרעטעקסט ווערט אונדז צום סוף זייער נאָענט און ליב און מיר גייען דערפון אַוועק באַרייכערט און אָפּאַטאָשו צווינגט אונדז צו אָנערקענען די לכאורהדיקייט פון זיין היסטאָרישער ווערסיע, זי צו אַק־צעפּטירן, דאָרט אַפילו ווו זי איז נישט אינגאַנצן איבערצייגנדיק.

## יידן־לעגענדע און יידן־ווירקלעכקייט

„איז עס אמת, זיידע, אַז אַמאָל... אַמאָל... זענען דאָ ביי אונדז אין שטאָט געווען אַ סך יידן, זיי האָבן געטראָגן לאַנגע כאַלאַטן און לאַנגע בערד. זיי האָבן באַוווינט גאַנצע גאַסן און פיל הייזער האָבן צו זיי געהערט? און איז וואָר, אַז זיי האָבן געהאַט „בוזשניצעס“, און אַז דער בית־עלמין מיט די עטלעכע צעבראָכענע מצבות איז געווען זייער בית־הקברות?“ אַזעלכע בערך קשיות פרעגן — אין אַ דערציילונג פון י. אָפּאַטאָשו מיטן נאָמען „יידן־לעגענדע“ — די קליינע פוילישע שקצימלעך דעם אַלטן פאַראַלי־זירטן מאַרטשין, אַמאָליקער שומר פון יידישן בית־הקברות און אַמאָלי־קער שבת־גוי פון מלאַווע.

יידן אין פוילן זענען שוין, הייסט עס, אַ לעגענדע, אַ מעשה וואָס זיידעס דערציילן פאַר זייערע אייניקלעך. די טויזנט־יעריקע לעגענדע פון פה־ליןּ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א טראגישער ווירקלעכקייט פון פה־נטמן.

דאָס בוך, פון וועלכן „יידן־לעגענדע“ איז די לעצטע דערציילונג, איז דאָס יינגסטע דערשינענע בוך פון י. אָפּאַטאָשו, און טראָגט אויך דעם

נאָמען „יידן־לעגענדע" ווי די לעצטע דערציילונג. איך וועל אָבער, גלויב איך, זיכער נישט האָבן קיין טעות, ווען איך וועל אין די זעלבע ווערטער „יידן־לעגענדע" פון אַלגעמיינעם טיטל אַריינלייגן אַן אַנדערן זין און פשט, ווי אין די זעלבע ווערטער, ווען זיי באַטיטלען בלויז די דערציילונג.

אין דער דערציילונג מיינט יידן־לעגענדע — אונטערגאַנג, אין פוילן זענען יידן שוין בלויז אַ לעגענדע; אין אַלגעמיינעם טיטל מיינען די זעלבע ווערטער — לעגענדע פון קיום, לעגענדע פון יידן, אייביקע לעגענדע פון אייביקע יידן.

מען קאָן צו אָפּאַטאָשוס שאַפונגען נישט צוגיין, נישט צוגרייטנדיק זיך פריער דעם קריטעריום פון אַ וועלט־באַנעם. מען קאָן אים נאָר באַנעמען און פאַרשטיין ווען מען מעסט אים מיט דער מאָס פון זיין אייגענער קאָנ־צעפּציע. אַלע זיינע ראָמאַנען, אַלע זיינע דערציילונגען, אַלע זיינע נאָוועלן און עסייען זענען אַזוי געשאַפן, ווי זיי וואָלטן געווען קאַפּיטלעך פון אַ טע־זע. די טעזע איז: יידן ווי אַ וועלט־פאָלק און ווי אַן אייביק פאָלק. און ווי פלעגן יידן טאַקע זאָגן: „עולם וועלט, עולם אייביק".

איך גלויב נישט, אַז אין די ווערק און אין געדאַנקען־גאַנג פון י. אָפּאַ־טאָשו ליגט אַ לויב־געזאַנג פאַרן גלות. עס ליגט אָבער זיכער אין זיי אַ לויב־געזאַנג דעם פאָלק ישראל, וואָס האָט קיום נישט אָפּהענגיק געמאַכט פון גלות, וואָס האָט אַפילו אין די גולהס זיך געשאַפן באַדינגונגען פון קיום. איז דען נישט נאָכן אונטערגאַנג פון בבל אויפגעקומען שפּאַניע, נאָך שפּאַניע אשכנז און פוילן, און נאָך פאַרן חורבן פוילן האָט דען נישט די געשיכטלעכע השגחה צוגעגרייט דעם נייעם צענטער פון מעבר־לים? און ווי אַזוי נישט זען, אַז ווען דיווירקלעכקייט פון פוילן, ליטע־אוקראַינע איז געוואָרן לעגענדע, איז די לעגענדע פון ארץ־ישראל געוואָרן ווירק־לעכקייט?

יידישע געשיכטע איז נישט פאַר אָפּאַטאָשון עפּעס אַ ווייט געביט, וווּ־הין מען מאַכט איינצלנע ראָמאַנטישע „ליטעראַרישע" עקסקורסיעס. זי איז פאַר אים אַטמאָספער און המשך, נאַטירלעכער קלימאַט. זי איז פאַר אים אַמאָל צונויפגעוויקלטע מגילה, ווי דער קנויל באָדן פון ארץ־ישראל, וואָס גאָט האָט לויט דער אגדה, צונויפגעוויקלט הינטער יעקבן, און אים גע־

זאָגט: „אָט דאָס אַלץ איז דייך", און אַמאָל איז זי, די יידישע געשיכטע, פאַר אים פונאַנדערגעוויקלטע מגילה, ווי די אין וועלכער משה האָט לויט דער אגדה געקוקט און געזען דור דור ודורשיו, דור דור ושופטיו.

עס איז פאַר אָפּאַטאָשון גאַנץ נאַטירלעך, אַז דאָס זעלבע בוך „יידן־לעגענדע" זאָל זיך אָנהויבן מיט אַ מעשה, וואָס געשעט אין אַלעקסאַנדריע של מצרים,און זיך ענדיקן מיט אַ מעשה אין מלאָווע, און אין מיטן זאָל אַריינקומען דערציילונגען פון מיינץ און וואָרמס, פון גער און אַלעקסאַנדער, פון ווינער געטאָ און וואַרשעווער טרעגערס. עס שאָקירט אַפילו נישט, ווען ער לאָזט שפּאַצירן בן סיראס אייניקל אויף די „עווענױס" פון אלכסנ־דריה של מצרים, זענען דען נישט די טומלדיקע עווענױס פון יידישן ניו־יאָרק דער דורות־שפּיגל פון יידישן שאַפערישן טעמפּעראַמענט וואָס קאָכט, זידט, ברענט און ווערט נישט פאַרברענט אין לויף פון תקופות און פון לענדער?

אָפּאַטאָשו איז נישט ראָמאַנטיש, און נישט פּאַטעטיש, ער אידעאַלי־זירט נישט זיינע געשטאַלטן, און זוכט נישט קיין אויסטערלישע סיטואַציעס. זיין קינסטלערישע מי פאַרווענדעט ער בעיקר צו שאַפן אַ פאַראיינהייטלע־כונג פון געשיכטלעכן קלימאַט. ער דערגרייכט דאָס נישט דורך קינסטלעכע אופנים, נאָר דורך אַ דערגראָבן זיך צום קאָלעקטיוון כאַראַקטער און קאָ־לעקטיווער פּסיכיק פון יידישן פאָלק איבער תקופות און לענדער. ווען ער דערגרייכט דעם פאַסיקן גראַד פון געשיכטלעכן קלימאַט, קען ער אין אים סיטואירן דעם תנא ר' מאיר און דעם רמ"א, דעם ש"ך אָדער „ט"ז" און אַ טשעקיסט וואָס איז פאַרבענקט נאָך אַ רבניש ספר (אין יאָר 1928 האָט אַזעלכעס נאָך עקזיסטירט), ברוריה אשת ר' מאיר און מאַדאַם בליאַש. ביי דער גאַנצער פאַרשידנקייט פון די געשאַפענע געשטאַלטן און סיטואַציעס, קומט אומעטום צום אויסדרוק איין פּסיכיק איין גורל, שטענדיקער בייט פון לעגענדע אוןווירקלעכקייט.

זעלטן ווער פון אונדזערע קינסטלער איז אַזוי מעור־אחדיק, אַזוי איינהייטלעך און האַרמאָניש ווי אָפּאַטאָשו. עס שיקט זיך אַפילו נישט בנוגע אים צו רעדן פון קינסטלערישער אַנטוויקלונג. ער איז שוין אין „די פוילישע וועלדער" אַזוי קינסטלעריש רייף און קערנדיק, ווי אין „ר' עקי־

באַ״, און זיינע דערציילונגען פון די 20־קער יאָרן האָבן שוין די זעלבע קינסטלערישע און קאָנצעפּציאָנעלע אייגנשאַפטן וואָס די סאַמע לעצטע.

אַפּאַטאָשו שאַפט נישט ווי שלום אַש קיין „מוסטערן״ מיט נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן, ער שאַפט נישט קיין געשטאַלטן, וואָס פאַרקערפּערן אמונה און בטחון... ער גיט די לופט און דעם קלימאַט פון קאָלעקטיוון פאָלקס־בטחון און קאָלעקטיוון אָפּטימיזם, ווייל אמונה און בטחון זענען נישט פאַר אים אַפּריאָרי־אייגנשאַפט, נאָר אַ קאָנסעקווענץ פון אַ באַזונדערן געשיכט־לעכן גאַנג.

עס הייסט: אַוודאי האָט דאָס לעבן אַ סך אָפּגעלייקנט פון אונדזער בט־חון, עס האָט אָבער אויך אַ סך באַשטעטיקט. די אָפּלייקענונג איז חל בלויז אויף תקופות און טיילן פון פאָלק. די באַשטעטיקונג איז חל אויף אייביקייט און אויפן פאָלק בכלל.

ער איז אויך נישט ווי פּרץ אַן איבערפאָרמירער און סטיליזירער פון אַלט־יידישקייט. ער שאַפט נישט „פאָלקסטימלעך״ און „חסידיש״, נאָר ער גיט פאָלק און חסידות. ווען אין אַ דיאַלאָג צווישן צוויי טרעגערס אין וואַרשע אין די צייטן פון פּשיסכע, זאָגט איינער פון זיי פּשט אויף „ויכרתו שנים ברית״, אַז דאָס מיינט מען, אַז אברהם און אבימלך האָבן געשלאָסן ברית צו בלייבן צוויי (שניהם) און נישט איינס, קען מען מסופק זיין, צי טרעגערס האָבן טאַקע אַזוי גערעדט, אָבער מען קען נישט מסופק זיין, אַז טרעגערס, ווי בכלל דאָס פּשוטע פאָלק, זענען פונקט ווי דער למדן געווען באַהאָפטן אויף זייער אופן אין דער גאַנצער סטרוקטור, וואָס מען רופט יידישקייט.

די דאָזיקע סטרוקטור אין איר גאַנצקייט, אין איר נאַטירלעכקייט און איר המשכדיקייט רעאַליזירט אונדז קינסטלעריש י. אַפּאַטאָשו אין אַלע זיינע ווערק.

אין דעם ליגט זיין אָריגינעלע אייגנטימלעכקייט און מיט דעם פאַרנעמט ער די מזרח־וואַנט פון אונדזער יידישער דערציילערישער פּראָזע.

נישטאָ, ווי געזאָגט, ביי אַפּאַטאָשון קיין ראָמאַנטישע אידעאַליזאַציע און אויסברוכן פון פּאַטעטיק, אָבער ווען איר לייגט אַוועק פון האַנט „יידן־לעגענדע״ זענט איר אַרומגענומען מיטן וואַרעמען קלימאַט וואָס אַפּאַטאָשו

האָט געשאַפן, מיט דער לופט, מיט וועלכער ער האָט אייך געמאַכט אָטע־מען. דער איידעלער רמזימדיקער פלירט צווישן צוויי טרעגערס, דער כל־נדרי שמועס צווישן ר׳ ישעיהלע פזשעדבאָרזשער און זיין קרוב, דער חצות־שמועס צווישן רב און בעל־עגלה, פילן אייך אָן מיט אַ היימישער דעליקאַטער הייטערקייט און איר דערפילט, אַז עס איז דאָ אַ יש און דער יש איז אייך נאָענט און ער הייסט — נצח ישראל.

אָפּאַטאָשו האָט אין זיין גאַנצן ליטעראַרישן ווערק קאָנסטרואירט די קינסטלערישע געביידע פון דער יידישער געשיכטע, זי האָט מער לכאורה־דיקער וואָרהאַפטיקייט, ווי די קאָנסטרוקציע פון אַ היסטאָריקער־וויסנשאַפטלער.

1952

# אין פּאַלאַץ פון „אונעסקאָ״

איך האָב באַזוכט די שלום עליכם־אויסשטעלונג, וואָס די יידישע קאָמוניסטן האָבן אָרגאַניזירט אין אונעסקאָ־פּאַלאַץ, צום לויב פון סאָוויִע־טישן פאָטערלאַנד און צו דער באַרעכטיקונג פון דער דערמאָרדונג פון דער יידישער קולטור אין דאָזיקן לאַנד.

אין פּרעכטיקן מאָדערנעם זאַל האָט געשטראַמט ליכט פון אַלע גלע־זערנע ווענט, דאָס באַברילטע צעשמייכלטע פּנים פון גרויסן הומאָריסט האָט אַראָפּגעווונקען פון אַלע ווענט. יידישע אותיות האָבן דערציילט מיט דאַ־טעס, ציפערן, טאַבעלן און טעקסטן וועגן זייערע וואַנדערונגען איבער אַמ־סטערדאַם, וואַרשע, ניו־יאָרק, מאָסקווע, וועגן זייער אויפקום און פונאַנ־דערבלי. פון אַלע זייטן האָט געטריפט מיט אַ האָניקדיקער אהבת־יידישער־קולטור, אָבער מיר, דעם אָרעמען וואַנדערער איבער דער אויסשטעלונג, האָט זיך כסדר אויסגעדוכט, ווי איך וואָלט דורך אומריינע פּריסטערקעס (קדשות) געשלעפּט געוואָרן אונטער די אָרעמס אין א טעמפּל פון עבודה זרה און דורך זיי געצוווּנגען געוואָרן זיך צו בוקן צום געץ „קולט פון טויט״, וואָס פאַרקערפּערט און באַרעכטיקט דעם אומקום פון פעלקער און קולטורן.

ביז צום היכל פון „אונעסקאָ״ זענען זיי געקומען, די כוהנים פון בעל, דאָרט איינצושטעלן מיט פּאַראַד דעם אָפּגאָט פון קולטור־מאָרד. און אָ, ביטערע איראָניע, דאָס דווקא צום אָנדענק פון שרייבער פון לעבעדיקסטן לעבן, שלום עליכם!

דער קאָמיסאַר, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו דער דאָזיקער מאַקאַב־רישער אַרבעט, איז ד״ר חיים סלאָוועס, דער, וואָס האָט פון מאָסקווע מיט־געבראַכט די צביעותדיקע אַדוואָקאַטישע דריידלעך וועגן „אויס קולטור און גרויס־קולטור״. די אויסשטעלונג איז טאַקע געמאַכט געוואָרן אין נוסח פון גנבהשן פאַרוועקסלען צווישן אויס־קולטור און גרויס־קולטור. דורך אָט דעם שווינדל־מיטל וויל מען פאַררייבן די בלוט־שפּורן פון גענאָסיד פאַר די אויגן פון דעזאָריענטירטע באַזוכער פון דער אויסשטעלונג.

אין קלייניקייט האָבן די דאָזיקע שווינדלער אָפּגעטאָן: זיי האָבן פאַר־

ווישט די גרענעצן צווישן אָרט און צייט: נישטאָ קיין אונטערשיד צווישן נעכטן און איצטער, נישטאָ קיין אונטערשיד צווישן אָרט און אָרט, צווישן שטאָט און שטאָט, לאַנד און לאַנד. און די געאָגראַפישע און פּעריאָדישע צע־מישונג איז די בעסטע אויך צו צעמישן די מוחות און באַשווינדלען די נישט־אָריענטירטע, די נישט־באַהאַוונטע.

אגב, האָט דאָס גנבהשע שטיקל אַרבעט נאָך אַ מעלה. עס גיט די מעג־לעכקייט צו זיין גרויסמוטיק, אָביעקטיוו, כלל ישראלדיק. מען קען רעדן וועגן ניו־יאָרק, וועגן תל־אביב, מיט דער זעלביקער ברייט־האַרציקייט, וואָס וועגן מעקאַ־מאָסקווע. אין די דאָזיקע ראַמען קען מען אַפילו זיך דער־לויבן צו זיין גאָר ברייט, צו געבן אויסשניטן פון דער גאַנצער יידישער פּרעסע. „אונדזער וואָרט" איינגעשלאָסן.

אין דער דאָזיקער קיך קען מען אַלץ אָפּקאָכן. עס איז אַ מאכל מיט וואָס מער געווירצן, אַלץ צוזאַמען דורכגעמישט, דורכגעקאָכט און געגעבן דעם פאַרזוכער־באַזוכער אַראָפּצושלינגען. ער וועט שוין די באַזונדערע עלעמענטן פון דער „פּאָטראַווע" נישט דערשפּירן.

פאַר דעם, וואָס וועט אפשר פּאָרט שטעלן עטלעכע קלאָץ־קשיות, האָט מען זיך אויך באַוואָרנט: דער אויפבלי פון יידיש, „דער מעכטיקער פונאנ־דערוווקס" איז אָנגעגאַנגען ביז צום נאַצישן אויסראָט, זינט דעמאָלט קומט דער באַרג־אַראָפּ. „די מאָרד־פּליצעס פון נאַצי זענען גענוג ברייט, איין גענאָסיד מער, וועט אים גאָרנישט באַשווערן און אונדז וועט עס אַ סך פאַרגרינגערן, לכל הפּחות אין נישט־געניטע אויגן פון נישט־יידישן באַ־זוכער".

געטראַכט האָב איך די גאַנצע צייט פון מיין באַזוך: אָ, ווען דער מישכן זאָל לכל הפּחות האָבן אַזעלכע אָרגאַניזאַטאָרן ווי דער עגל, ווען די גוטע כוונה זאָל האָבן צו איר רשות ווייניקסטנס אזוי פיל דיסציפּלין ווי די שלעכטע כוונה, ווי אַנדערש וואָלט אַלץ אויסגעזען!...

אָבער ניין! די בגידה, די אָפּנאַרעריי, דער מאָרד־שווינדל איז באַוואָ־פנט מיט ענערגיע, מיט ווילן, מיט דיסציפּלין, מיט אָרגאַניזאַציע און אַפילו מיט גוטן געשמאַק און זאָל עס זיין צוליב לפנימדיקע, אויסערלעכע עפעקטן, אָבער דער אַזוי גערופענער „נאַציאָנאַלער לאַגער" (איך ווייס נישט ווער

און וואָס האָט אים געגעבן רעכט זיך אַזוי אָנצורופן) דער צד אויף וועלכן עס האָט זיך דאָך באַדאַרפט קענען שטיצן די טריישאַפּט צום קיום, די נאַציאָנאַלע אַקטיוויטעט, דער דאָזיקער צד איז גייסטיק און פיזיש פּאַראַליזירט, אַפּאַטיש, לעטאַרגיש.

עס איז פּשוט צו שטוינען ווי די דעסטרוקציע, די ליקווידאַציע, די נאַציאָנאַלע דעקאָמפּאָזירונג, געפינען התלהבות און ברען און מיט וואָסערער גלייכגילטיקייט דער צד שכנגד קוקט זיך צו צו די צעלייגונגס־פּראָצעסן.

האָט דער דאָזיקער צד, וועמען קיין מאַטעריעלע מיטלען פעלן נישט, נישט געקענט דערגייין צום אינטערנאַציאָנאלן קולטור־פּאַלאַץ זיך צו באַווייזן, און ביי דער געלעגנהייט טאַקע ווייזן דעם אמת, אז אין לאַנד פון שלום עליכם, אין לאַנד פון סאָציאַליזם איז דאָס יידישע וואָרט אומלעגאַל, יידישע שרייבער (אייגענע, פּראָגרעסיווע) דערנידעריקט און באַליידיקט, יידישע רעליגיע באַשפּיגן און באַשמוצט און דאָס אַלץ — וואָלט דאָך געטאָן געוואָרן — צוליב טעמים פון זעלבסט־פּאַרטיידיקונג, צו פּראָטעסטירן קעגן דער פאַרשניידונג פון אַ פאָלקס־קולטור, וואָס האָט קיינמאָל נישט געדינט קיין אַנדערע צוועקן ווי געבן די ברייטע שיכטן פון פאָלק אַ גייסטיקע חיונה, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען עפּעס אַנדערש, ווי אַ פענצטערל צו דערווירקלעכער ציוויליזאַציע ?

יידישע זשורנאַליסטן אין פּאַריז, האָבן די קאָמוניסטישע אויסשטעלונג קאָמענטירט, מיט רעכט אָנגעוויזן אויף אירע אמתע כוונות, וועלכער כוח עס באַוועגט דעם מעכאַניזם, באַשאַפן ווי אַן אינסטרומענט פון פּאָגראָם־באַרעכטיקונג. דאָס אַלץ איז זייער ווויל און גוט. זיכער האָבן מיר נישט קיין רעכט דורכצולאָזן קיין איין געלעגנהייט אָן אָנצווייזן, אָן צו אויפדעקן די ליגנערישע מאָטיוון, וואָס לענקען מיט אַלע זייערע טאַטן און צו וועלכע גראָטעסקע רעזולטאַטן עס דערפירט זיי אָפט זייער אייגענער דעסטרוקטיווער ברען.

אָבער איז עס גענוג ? קענען מיר אַריבערגיין שוייגנדיקע איבער דער פּאַסיווקייט פון די, וואָס זענען באַרופן זיך אקעגנצושטעלן דער דעסטרוקציע און העלפן איר בלויז צו מיט אַ דעמאָראַליזירנדיקער גלייכגילטיקייט ?

געוויס, עס האָט אויך עקזיסטירט א נאַציאָנאַלער שלום עליכם־קאָמי־

טעט, וועלכער האָט צו באַוויזן פיל אויפטוען אין זיין אַקטיוו. צווישן אַנדע־
רע אַ פּרעכטיקע שלום עליכם־אויסגאַבע.

אָבער ווער ווייסט פון איר? ווער האָט זי אַרויסגערוקט, ווער האָט
זי דערמאָנט? וואָס האָבן געטאָן אַפילו די אַרויסגעבער גופא אַרויסצוהייבן
די אויסגאַבע פון איר פאַרשעמטער פאַררוקטקייט? וואָלט עס מעגלעך גע־
ווען ביי די אוניאָן־אָרגאַניזאַציע פון די יידישע קאָמוניסטן? אין קליינלעכע
חשבונות, אין קנאה און שנאה ווערט אַלץ פאַרצערט און עס זעט זיך נישט
אַרויס אַפילו דאָס וואָס וואָלט שוין יאָ ראוי געווען פאַרצייכנט צו ווערן
אין דער אַקטיוויטעט־קאָנטאָ פון פאַרשלאָפענעם צד.

דאָס וואָס מיר רופן „דאָס יידישע פראַנקרייך" מוז מאַכן פאַרן בוי, פאַר
קוואַליטעט, פאַר ניוואָ אויף אַלע געביטן פון יידישן שאַפן לכל הפחות אַזוי־
פיל אָנשטרענגונג וויפל עס מאַכן די ליקווידאַטאָרן פאַר צוועקן פון ליק־
ווידאַציעס... זיי מוזן זיך קענען שאַפן אַן עולם, וואָס זאָל לכל פחות פאַר־
מאָגן אַזוי פיל התלהבות פאַר בוי, וויפל עס האָט יענער אַנדערער עולם,
דערצויגן און דיסציפּלינירט אין התלהבות פאַר דער פאַרניכטונג.

דאָס איז אַן אַרבעט נישט אויף איין טאָג און נישט אויף איין פּוס. עס
איז אַן אַרבעט אַן אָנגעשטרענגטע, וואָס פאָדערט געדולד, אָבער וואָס איז
שכרה בצדה. אָן אַזאַ אָנשטרענג, אַ מאַסנהאַפטן, אָרגאַניזירטן און פערמאַ־
נענטן, אָן דער פולער פאַרווענדונג פון די כוחות, וואָס מיר פאַרמאָגן יאָ,
אָבער וואָס געפינען נישט קיין שום מעגלעכקייט עקספּלואַטירט צו ווערן,
זענען מיר פאַרמשפּט צו פאַרוועלקן און אונטערגיין אין אַ ווייטערן אָדער
נאָענטערן טערמין.

1959

# הרוגי מלכות סאָוויעטן

יצחק יאַנאַסאָוויטש איז דעם פּאַריזער יידישן עולם גוט באַקאַנט פון די צייטן, ווען ער האָט — צווישן זיין אומקער פון רוסלאַנד און אָפּפאָר קיין אַרגענטינע — דאָ אין פּאַריז אויפגעשלאָגן זיין געצעלט אויף עטלעכע יאָר. ער האָט דאָ אין יענער תקופה פאַרעפנטלעכט אַ פיינע עפּישע פּאָעמע „אַ שטוב אין שטעטל" און רעדאַגירט אַ חודש־זשורנאַל פאַר קונסט און וויסנשאַפט.

קיין רוסלאַנד האָט אים פאַרטראָגן דעם גרויסער פּליטים־שטראָם, וואָס האָט זיך געצויגן פּונקט מיט צוואַנציק יאָר פריער, אין יאָר 1939, פון באַפאַלענעם פּוילן.

דאָרט האָט ער געהאַט די אָביעקטיווע מעגלעכקייטן צו באַקענען פון אינעווייניק דעם קאָמפּליצירטן מעכאַניזם פון דער שווערער סאָוויעטישער מלוכה־מאַשינעריע; ער האָט דאָרטן פאַרבונדן קאָנטאַקטן מיט די אָנגעזעענע יידישע שרייבער, יורשים און רעפּרעזענטאַנטן פון אַ פאָלקס־לעבן, וואָס איז שוין בלויז דורך אַרויפּציען אויף אים דאָס אייזערנע צוואַנגס־העמדל פון דיקטאַטור היפּש רעדוצירט געוואָרן צו אַן איין און איינציקער זייער באַגרענעצטער פאָרעם פון קולטור; די קולטור איז דערנאָך אַזוי איינגעשרומפּן, אַזוי קונציק אַרומגעצוימט געוואָרן, אַז זי זאָל צו יעדער צייט קענען איזאָלירט און ליקווידירט ווערן. אָבער צו יענער צייט, ווען וועלכער מיר רעדן, האָט זי זיך נאָך ווי עס איז מיטגעדרייט צווישן די רעדער פון דער שווערער מאַשינעריע, אָבער איר אָרט און איר צייט פון לעבן און טויט זענען שוין געווען „אויבן" אָנגעצייכנט.

די סיבות? נישט דאָ איז דאָס אָרט זיי אַרויסצולייגן אויפן טיש. אַבסטראַקטע, אוממענטשלעכע טעאָריעס און רשעותדיקע פּראַקטיק האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן צו פאַרשניידן אַ קולטור, וועלכע ווערט מכלומרשט נישט געטראָגן פון קיין פאָלק; אינערלעכע אינטריגעס, חשד און מסירה, וואָס

זענען בוימל אויף די רעדער פון דער רעזשים־מאַשינעריע, האָבן צוגע־
איילט דעם טראַגישן סוף.

יצחק יאַנאָסאָוויטש פאַרנעמט זיך נישט דירעקט מיט אויסטייטשן די סיבות, וואָס האָבן דערפירט צום כרת, אָבער אריינשטעלנדיק די האַנדלונ־גען און רעאַקציעס פון זיינע געשילדערטע געשטאַלטן אין די באַדינגונגען און אומשטענדן פון זייער סביבה, באַקומט זיך שוין אויף יעדן פאַל דאָס גסיסה־בילד פון דער יידישער קולטור אין רוסלאַנד און דאָס אנוסים־לעבן פון די, וואָס האָבן זיך מיט איר מתעסק געווען ביז צום טראַגישן טויט פוןביידע.

דאָס זענען דאָך געווען די לעצטע פון די לעצטע, די, וועמען עס איז שוין געלונגען זיך מיטצודרייען מיט אַלע ווינטן, וואָס האָבן שוין זייער שפּירעוודיקייט און צופּאַס־אינסטינקט געהאַט דערפירט צו דער העכסטער שלימות, זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט און זיך נישט געקאָנט קלאָר מאַכן, אַז אַלע צופּאַסונגען האָבן שוין איבערגעלעבט זייער צייט. דער רעזשים פאַרלאַנגט מער גאָרנישט, ער פאַרלאַנגט בלויז איינס: דעם קאָפּ.

יאַנאָסאָוויטש צייכנט אין זיין בוך זעקס פּאָרטרעטן, אַפּנים פון די, וועלכע ער האָט צום בעסטן געקענט און וואָס זענען געווען די רעפּרעזענ־טאַטיוווסטע פון די נאָך דעמאָלט לעבעדיקע יידישע שרייבער.

הוא היה מונה שבחם: לייב קוויטקאָ — אַ תם; דער נסתר — אַ צדיק; איציק פעפער — אַ שפּירעוודיקע נאָז; דוד האָפשטיין — לובש צורה ופושט צורה; דוד בערגעלסאָן — אַ פאַרנאַרטער פון פּחד; פּרץ מאַרקיש — אַ געפאַלענער פּרינץ.

עס איז ביי מיר געווען אַזאַ קאַפּריז אַרויסצוציען פון די פּולע, קלאָרע, זייער קלוג און גוט־געצייכנטע פּאָרטרעטן, וואָס יאַנאָסאָוויטש האָט גע־צייכנט, בליץ־כאַראַקטעריסטיקעס צו איין אָדער עטלעכע ווערטער, אָבער צו קאָמפּליצירט איז די סאָוויעטישע מלוכה־מאַשין, צו פאַרוויקלט איז די פּסיכיק פון יידישע אינטעלעקטועלע פּערזענלעכקייטן, וואָס לעבן צענד־ליקער יאָרן אין אַזאַ צוואַנג, אין אַזאַ אַמאָספער פון פּחד, חניפה און אומ־צוטרוי, אַז מיר זאָלן קאָנען געפינען דאָס ריכטיקע, איינציקע וואָרט, וואָס

זאָל באַצייכענען דעם הויפּט־שטריך פון זייער שווער אויסגעפּרווטן כאַ־ראַקטער.

יעדער איינער פון זיי, צי ער איז געווען אַ תמימותדיקער מאמין — ווי קווּיטקאָ, צי אַ צדיק ווי דער נסתר, צי אַ געשלאָגענער מיט דער קללה פון משיב חכמים אחור, ווי דער אַלטער בערגעלסאָן, האָבן זיי אַלע גלייך זיך באַמיט מיט די אייגנשאַפטן פון זייער כאַראַקטער זיך צו קענען דער־האַלטן אויף דער בריענדיקער אויבערפלאַך פון שווערן לעבן, כסדר צו זיין וואַך, כסדר אויפצושפּיצן אויערן און אויגן, ווייל די רוט האָט געשמיסן און געטריבן צו אַלע אומזיניקייטן און פאַרברעכערישע אַבסורדן.

דעם דאָזיקן עיקר לערנט אונדז יאַנאַסאָוויטש און לערנט אים גוט. קלאָר און מיט פּסיכאָלאָגישער חכמה. צו דעם קומט נאָך צו די גרויסע מעלה, וואָס די אַלגעמיינע לערע, וועלכע מיר ציען שפּעטער אַרויס, באַ־פרייט אים נישט פון געבן אויספירלעכע שילדערונגען פון די אינדיווידועלע כאַראַקטערן פון די זעקס מענטשן, זעקס פּאָרטרעטן פון זעקס געשטאַלטן, אַרומגענומען פון איין אַטמאָספער, געטריבענע פון איין בייטש, אָבער וואָס רעאַגירן יעדער לויט זיין טעמפּעראַמענט, יעדער לויט זיין געוויסן, יעדער לויט זיין כאַראַקטער.

נעמט דוד האָפשטיין: יאַנאַסאָוויטש גיט אים ווי אַ פיל־פּנימדיקן. יעדע שעה פון מעת לעת אַן אַנדער פּנים, און אַלע די פּנימער האָבן נישט געסטייעט, אַז ער זאָל מיט זיי זיך קאָנען „איינאָרדענען" מיטן רעזשים, ווייל געבליבן איז תמיד דאָך איין שעה פון אַן אייגן פּנים. און די איינע שעה איז געניג געווען, אַז זי זאָל פירן דאָרט, ווהין זי האָט אַלעמען געפירט — צום טויט.

דאָס איינע פּנים איז געווען דאָס יידישע. און יאַנאַסאָוויטש דערציילט ווי דער זעלביקער האָפשטיין, דער מחבר פון טרויעריק־באַרימטן כמעל־ניצקי־הימן, האָט אין אַן עפנטלעכער רעדע אין אַנטי־פאַשיסטישן קאָמי־טעט, אַנומלט אויסגעשריגן: כי מציון תצא תורה, און באַלד דערנאָך בלייך געוואָרן ווי קרייד, פון פּחד.

דער סימפּאַטישסטער קומט ביי יאַנאַסאָוויטשן אַרויס דער נסתר, דער אומסימפּאַטישסטער — איציק פעפער. דעם נסתר גיט אונדז דער מחבר

פון די פּאָרטרעטן, ווי אַ זייטיקן, אַ מחוץ למחנהדיקן, וואָס זוכט נישט קיין כּבוד און נישט קיין מאַכט. ער ווייסט, אַז יעדער געגנוס אין דאָזיקן סיסטעם קאָן נאָר קומען דורך שפלות און זינד און ער רעזיגנירט. דער מחבר פון די „ברידער מאַשבער" גענאַרט זיך אַזוי אַדורך, אָבער אין טאָג פון לעצטן משפט ווערט ער אַלץ איינס אַריינגענומען אין חשבון...

זיין היפּוך איז פּעפּער. צווישן אים און מאַרקישן גייט אָן אַ געראַנגל יועגן מאַכט, מישטיינסגעזאָגט. פּעפּער איז דער זיגער. בלויז פונעם פאַקט פון זיין דער זיגער אין אַ רעזשים פון אַזוי פיל רשעות, באַווייזט שוין, אז אין אויסוואַל פון די מיטלען איז מאַרקיש פאַרט געווען דער מאָראַליש געצוימטער און ממילא דער ריינערער.

אָבער יאַנאָסאָוויטש געפינט אויך אויף פּעפּערן זכותים. און עס איז טאַקע פאַרשטענדלעך, אַז אין אַ לאַנד, ווו עס שטייען קעגנאיבער זיך צוויי מענטשן־גרופּעס, איינע אַ נישטיקע מינדערהייט פון טאָטאַלער מאַכט און אַ צווייטע די גרויסע, גרויסע מערהייט פון טאָטאַלער אוממעכטיקייט, — זאָלן מענטשן מיט אַמביציעס פאַרט זוכן צו געהערן צו דער ערשטער און נישט צו דער שטומער אונטערוואָרפענער מאַסע.

דורך די זעקס בילדער פון זעקס פון די באַדייטנדיקסטע יידישע שרייבער אין רוסלאַנד, איז דעם מחבר יצחק יאַנאָסאָוויטש געלונגען צו געבן זייער אַן אויספירלעכן, זייער אַ פּאַרטיפּטן און זייער אַ קינסטלעריש־באַטעמטן בוך, וואָס שמועסט אַרום און מאַכט קלאָר דעם סיסטעם און די אויסגעשפרייטע נעץ, וואָס לויערט אויף אַלע, וועלכע האָבן דעם מינדסטן באַגער עפּעס צו באַדייטן מחוץ פון דעם, וואָס די מאַכטהאָבער האָבן פאַר זיי אָנגעצייכנט.

מיט אַ ברוטאַלער קלאָרקייט, וואָס מיר לייענען מיט גרויליק־שפּאַנענדיקן אינטערעס, ווייזט אונדז יאַנאָסאָוויטש דורך דער פּריזמע פון זיינע „זעקס פּאָרטרעטן" דעם כּרת־פּלאַן, וואָס איז דורך די סאָוויעטישע טיראַנען נגזר געוואָרן אויפן יידישן לעבן און וואָס ווערט מיט אייזערנער מעטאָדיק פאַרגעזעצט און דורכגעפירט.

1960

# היינריך היינע אין פּאַריז

דייטשלאַנד, זיין פּאָטערלאַנד, איז פאַרן פאַרוואָגלטן יידישן דיכטער אין דער דייטשער שפּראַך געוועזן אַ ווינטער־מעשה (דויטשלאַנד — איין ווינטער־מערכען); פראַנקרייך, זיין אַדאָפּטיוו פּאָטערלאַנד, האָט אים געוואַרעמט און געצערטלט. פּאַריז האָט ער ליב געהאַט „ווי אַ קראַנק קינד האָט ליב זיין מוטער״.

די אַדאָפּטיווע מוטער האָט זיך איצט דערמאָנט אין איר קראַנקן קינד און צו די הונדערט יאָר נאָך זיין טויט (מיט אַ יאָר פאַרשפּעטיקונג) אָפּגעגעבן כבוד זיין אָנדענק.

די אויסשטעלונג אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק געווידמעט היינריך היינען, באַשטייט פון פּאָטאָגראַפיעס, צייכענונגען, גראַווירן, מאַנוסקריפּטן און ביכער פונעם דיכטער, אָדער וואָס האָבן אַ שייכות צו זיין לעבן, זיין סביבה, זיין משפחה, פון זיינע קינדער־יאָרן אין דיסעלדאָרף ביז צו זיין טויט אין פּאַריז.

זעען מיר קודם כל אַ בילד פון דער געבוירן־שטאָט פון דיכטער, פון דער פראַנצויזישער ליציי, וווּ ער האָט געלערנט, פון דעם אַריינמאַרש פון נאַפּאָלעאָנס חיילות אין דיסעלדאָרף אין יאָר 1810, וואָס האָט באַאיינדרוקט זיין גאַנץ לעבן, פון אים געמאַכט דעם דיכטער פון „צוויי גרענאַדירן״ און פאַרן אייביקן פריינד פון רעוואָלוציאָנערן, מענטשן־רעכט מאַניפעסטירנדיקן, פראַנקרייך.

פאַראַן פּאָטאָגראַפיעס און צייכענונגען פון זיין נאָענטער משפחה: פון זיין מוטער בעטי היינע, געבוירן וואַן געלדערן; פון זיין פראַנצויזישער פרוי מאַטילדע, וואָס האָט געטיילט דאָס לעבן און די פּיין פון גרויסן דיכטער מיט גרויסמוטיקער נאַאיוויטעט, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין מאָל קיין חשבון פאַר וואָס און פאַר וועמען זי טוט עס; פון זיין פעטער דעם באַנקיר סאַלאָמאָן היינע, וואָס אויב זיין נאָמען ווערט נאָך היינט דערמאָנט, האָט ער עס בלויז צו פאַרדאַנקען זיין אָפּגעשטויסענעם ברודערן־זון — היינריך.

סאַלאָמאָן האָט נישט געוואָלט הערן פון אַקצעפּטירן דעם אָרעמען פּאָעט ווי אַ מאַן פאַר זיין טאָכטער, וועמען היינע האָט מיט די טיפסטע געפילן פון זיין פּאָעטישער נשמה ליב געהאַט.

— ווען ער וואָלט צו עפּעס געטויגט — האָט דער באַנקיר געזאָגט — וואָלט ער דאָך נישט געשריבן קיין פערזן.

— גלויב מיר — האָט אים זיין ברודערן־זון אָפּגעענטפערט — אַז אויב דו האָסט מיט עפּעס וואָס שטאָלץ צו זיין, איז עס מיט דעם, וואָס דו טראָגסט דעם זעלבן נאָמען וואָס איך.

ווער וואָלט באמת נאָך היינט דערמאָנט די עקזיסטענץ פון אַ סאַלאָמאָן היינע ווען נישט, וואָס היינריך היינע איז געווען זיין ברודערן־זון.

און אָט באַקוקן מיר היינעס מאַנוסקריפּטן: אַ דין און קלאָר כתב, די בויגנס געדיכט באַשריבן, געמעקט און געשטראָכן. עס האָט אויך היינע, הייסט עס, נישט געשריבן אַזוי לייכט, ווי לייכט ער לייענט זיך.

אַ סך געמעקט און געשטראָכן איז אויך דער כתב־יד פון „ראַבי פון באַכראַך". דאָס זייטל, וואָס ליגט אָפן דערציילט פון סדר, ביים רב, פון דער רביצין שרה, פון די אָרומיקע ביים טיש, וואָס לייענען „דאָס בוך גענאַנט הגדה".

פונאַנדערגעשפּרייט ליגן אין מאַנוסקריפּט עטלעכע קאַפּיטלען פון „לוטעציאַ", דאָס בוך, אין וועלכן היינע האָט צונויפגעזאַמלט זיינע קאָרעס־פּאָנדענציעס פון פּאַריז וועגן פּאָליטישן, סאָציאַלן און קינסטלערישן לעבן פון דער דעמאָלטיקער רוישיקער רעוואָלוציאָנערסטער און קינסטלעריש־סטער שטאָט אין דער וועלט (אין די 40ער יאָרן).

אויף אַן אָפן זייטל רעדט זיך וועגן טרויעריק־באַרימטן בלוט־בלבול פון דמשק. די דאָרטיקע פראַנצויזישע אויטאָריטעטן זענען נישט ווייניק שולדיק געווען אין בלבול און אין פּאָגראָם, וואָס האָט אים נאָכגעפאָלגט.

די דייטשע פּרעסע האָט, ווייזט אויס, טענדענציעז אונטערגעהאַלטן דעם בלבול. היינע ענטפערט, פאַרענטפערט די פראַנצויזישע יידן: ער שרייבט: „די יידן פון פראַנקרייך זענען עמאַנציפּירט, שוין לאַנג האָבן זיי פאַרלוירן די פעדעם וואָס בינדן זיי מיט זייער ראַסע. זיי האָבן זיך אויפ־געלייזט אין דער פראַנצויזישער נאַציע. זיי זענען פונקט ווי די פראַנ־

צויזן, זייער ענטוזיאַזם דויערט אַ גאַנצן מעת־לעת, און ווען די זון וואַרעמט גאָר גוט — אַפילו דריי מעת־לעת. אויב זיי היטן נאָך אָפּ געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס, איז עס אויסערלעך און מעכאַניש. קיין שום אי־נערלעכער גלויבן איז מער ביי זיי נישט פאַראַן. די סינאַגאָגע, פּונקט ווי די קירך, זענען אונטערגעגראָבן דורך וואָלטעריאַנישער קריטיק. פאַר די יידן פון פראַנקרייך, פּונקט ווי פאַר אַנדערע פראַנצויזן, איז געלד דער גאָט, און אינדוסטריע — די הערשנדיקע רעליגיע".

אויף אַן אַנדער אָרט פון זעלבן כתב־יד פון „לוטעציאַ", שרייבט היינע וועגן אַ פּאָליטישן קריזיס, וואָס האָט, זעט אויס, געדראָט מיט מלחמה צוליב די דאַרדאַנעלן (שלום עליכמס דאַרדאַנעלן). דער קריזיס איז שוין אַדורך, דאָס זעט מען פון דער שיינענדיקער מינע פון באַראָן דזשעמס ראָטשילד, לויט „וועמענס שמייכל אָדער אויסדרוק פון טרויער די אַגענטן פון דער בערזע באַשטימען דעם קורס פון די ווערט־פּאַפּירן".

דערנעבן ליגט אַ בריוו פון דער באַראָנעסע בעטי ראָטשילד. עס זעט אויס, אַז היינע האָט צוגעשיקט אַן עקזעמפּלאַר פון זיין „לוטעציאַ" מיט אַ דעדיקאַציע צו די ראָטשילדס צוזאַמען מיט אַן אַנטשולדיקונג. ער פאַר־ענטפערט זיך פאַר זיינע שטעכווערטלעך אין בוך אויפן אַדרעס פון זיינע פריינד.

די באַראָנעסע ענטפערט, אַז זי האָט פון זיינע „שטיפערייען" שטאַרק הנאה געהאַט און דריקט אויס איר באַדויערן פאַר וואָס מען הערט מער נישט אין איר פּאַלאַץ די גייסטרייכע באַמערקונגען פון דיכטער.

היינע האָט אַ געוויסע צייט באַקומען אַ פּענסיע פון דער פראַנצויזישער רעגירונג. דער פאַקט האָט געדינט און דינט נאָך היינט פאַר אַ סך רכילותן לגבי אים. צוגענומען די פּענסיע האָט אים לאַמאַרטין, פּאָעט און מלוכה־מאַן, טיילווייז צוליב אינטערוועניצן און אינטריגעס מצד דער פּרייסישער רעגירונג, און טיילווייז אפשר דערפאַר, וואָס לאַמאַרטין איז טאַקע אויך געווען אַ פּאָעט... קאָלעגיאַלע „ליבשאַפט" דאַטירט מסתם נישט פון היינט. היינע בעט אין אַ בריוו צו זיין גרויסן פריינד מאַרקיז דע לאַ גראַנזש, ער זאָל זיך באַמיען, אַז די פּענסיע זאָל אים צוריקגעשטעלט ווערן.

פון די ביכער דעדיקירטע פון היינען און צו היינען זעען מיר אַ בוך

דעדיקירט פֿון היינע צום באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר בערליאָז, מיט וועמען היינע איז געווען אין זייער פריינדלעכע באַציונגען. ווען היינע איז אין לויף פון יאָרן געלעגן אַ קראַנקער, אַ פּאַראַליזירטער און איזאָלירטער אויף זיין „מאַטראַצן־קבר״, איז בערליאָז געווען פון די זעלטענע באַזוכער. היינע האָט אים בעת אַ באַזוך מקבל פּנים געווען מיט די ווערטער: „מען האָט מיר טאַקע דערציילט, אַז איר זענט אַן אָריגינאַל״.

אַ בוך מיט אַ דעדיקאַציע פון באַלזאַקן, ביכער און בריוו פון די גרויסע דייטשע און פראַנצויזישע שריפטשטעלער פון זיין צייט. אַפילו אַ בריוו פון פאַן מאַלטקע, וואָס האָט תרעומות צו היינען פאַר שטעמפלען אים ווי אַ רעאַקציאָנער, ער שלאָגט אים פאָר זיך צו טרעפן מיט אים אויף אַ דורכשמועס. בריוו פון מוזיקער מייערבער, פון גרעסטן פראַנצויזישן היסטאָריקער מישלע „צום גרויסן דיכטער״, פון עדגאַר קינע און אַ בריוו פון ראָטשילדן אַדרעסירט 46 פאָבורג פּואַסאָניער, אין וועלכן ער שלאָגט פאָר היינען אַ הלוואה א. אַנד.

פאַרשידענע נאָטן צו זיינע לידער: פון פראַנץ ליסט, פון מייערבער, פון מענדעלסאָן, צו די נאָטן פין ליסט שרייבט היינע צו: דער גלית פון די קליינע.

היינעס פּאָפּולאַריטעט איז געווען גוואַלדיק גרויס, און אין דייטשלאַנד, ווו זיינע ווערק זענען פאַרפאָלגט און אין געוויסע צייטן פאַרבאָטן געווען, איז ער פון דעסטוועגן, אָדער אפשר צוליב דעם, גאָר שטאַרק געלייענט געוואָרן.

און מיר זעען בריוו פון זיין פאַרלעגער, דער עיקר פון זיין באַרימטן פאַרלעגער קאַמפּע, וואָס איז פון היינעס ווערק רייך געוואָרן און דעם שרייבער פון די ווערק האָט ער געלאָזט לעבן אין דחקות, זעען מיר, ווי קאַמפּע באַוועגט אים, שוין אַ פאַראַליזירטן אָבער ביים גאַנצן געזונטן גייסט, אַז ער זאָל אים דערלויבן אַרויסצוגעבן נייע אויפלאַגעס פון זיינע ווערק.

פאַרלאָזנדיק די אינטערעסאַנטע אויסשטעלונג באַקומט מען דעם איינדרוק, אַז די שפּורן פון די 25 יאָר פון היינריך היינע אין פּאַריז וועלן קיינמאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן, אויף אייביק האָט ער צום דאָזיקן לעבן בייגעשטייערט מיט זיין שאַרפן גייסט און אידעלער דיכטונג.

יוני 1957

# יעקב גלאַטשטיין — דער פּאָעט

איך קען נישט קיין צווייטן ייִדישן שרייבער, וואָס זאָל מיטן פּשוט־סטן ייִדישן וואָרט און אַפילו מיטן, לכאורה, באַנאַלסטן ייִדישן וואָרט, אַזוי אַרויסברענגען די אָריגינעלסטע תּוכיקייטן אין דער פּאָעזיע און אין דער פּראָזע, ווי יעקב גלאַטשטיין.

ער האָט נישט, יעקב גלאַטשטיין, אין זיין שופלאָד קיין צוויי באַזונדערע פעדערס, איינע אַ חמצדיקע פאַר פּראָסטע, פּראָזאַישע רייד און אַ צווייטע, אַן אָנגעיומטובטע, פאַר געהויבענע, פּאָעטישע שורות. ער פאַרמאָגט פּשוט געענוג אינטעלעקטועלע רירעוודיקייט און קינסטלערישע הרגשה צו קענען געבן אויסדרוק זיין געדאַנקלעך־סענסיטיוון שטאָף, אַמאָל אין אַ ברייט־אַרומשמועסערישער פּראָזע און אַמאָל אין אַ זאָגעוודיקער נישט־דערזאָגטקייט, וואָס פאַרמאָגט אַלע טעמים פון פּאָעזיע.

אין זיינע צאָלרייכע עסייען וועגן פּאָעזיע, פונאַנדערגעוואָרפענע איבער די בלעטער פון זיינע פיר בענד „אין תּוך גענומען", וואָס זענען דערשינען אין די לעצטע צען יאָר, האָט יעקב גלאַטשטיין ליב זיך צו צעשרייבן וועגן „דורכגעטראַכטע ווערטער", „דורכגעשוויגענע ווערטער", „אַרויסגעשוויגענע און אַרומגעשוויגענע ווערטער". גראָד ער, דער דיכטער מיט דער גבורה פון לשון, ביי וועמען די ווערטער מאַכן דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן נאָך פאַרן געבוירן ווערן געווען איינגעהילט אין זייערע לשונדיקע העמדלעך, גראָד ער, פאָדערט אַן אַרומשווייגנדיקע מחיצה פאַרן פּאָעטישן וואָרט, איידער עס ווערט „אַרויסגעשוויגן" אויפן פּאַפּיר.

„פּאָעזיע, מיינט די קונסט פון אויסגעשוויגענע ווערטער. אויב ווערטער מאַכן דעם איינדרוק, אַז דער דיכטער האָט זיי פריער גוט דורכגעשוויגן פאַר זיך, דאָס איז פּאָעזיע. אויך אין דער גוטער פּראָזע דאַרפן די ווערטער נישט זיין דירעקט פון דער לונג און גלייך אויף דער צונג. אָבער דער פּראָצעס פון אַרומשוויגן די ווערטער מיט אַ געמיש פון איבערגעטראַכטקייט איז גיכער אַ פּאָעטישער פּראָצעס".

נישט בלויז געפין איך נישט קיין סתירה אין די ציטירטע ווערטער („געדעדטע און אויסגעשוויגענע ווערטער", באַנד 2, אין „תוך גענומען", 1960) צו דער שטראָמיקייט פון גלאַטשטיינס ווערטער־שפע, נאָר איך זע אין זיי, אדרבא, דעם סטימול וואָס האָט אים באַוויגן אונטערצושטרייכן די נויטווענדיקייט פון דורכגעטראַכטער ארומגעשוויגנקייט פאַרן שרייבער און ספּעציעל פאַרן דיכטער.

אין אַ צווייטער עסיי, „קריטיק", אין זעלביקן באַנד „אין תוך גענו־מען", אין וועלכער ער שמועסט אויך אַרום דעם ענין פון פּאָעזיע און די באַציונג צו איר מצד דעם קריטיקער, מאָנט ער ביי דער דיכטונג איינ־האַלטלעכקייט, אַ זאַגעוודיקייט, וואָס גיט דער פּאָעזיע אָנשפּאַר און יסוד.

„ווען אַ קריטיקער זאָגט — הייבט גלאַטשטיין אָן זיין עסיי — אַז אַ דיכטער מוז עפּעס זאָגן, מיינט ער אייגנטלעך, אז דער דיכטער דאַרף אים אונטערזאָגן, וואָס צו זאָגן. אין דעם דיכטערס זאָגן געפינט דער קריטיקער דעם רויען מאַטעריאַל פאַר דער קריטיק. אָבער דער קריטיקער, וואָס פאָדערט, אַז דער דיכטער זאָל עפּעס זאָגן, איז אויך אויסן, אַז דער פּאָעט זאָל טאַקע זיין געזאַנג מישן מיט זאָגן. ווי אַזוי דאָס זאָל געמישט ווערן איז שוין דעם דיכטערס עסק. אָבער דער קריטיקער זוכט ביים דיכטער כסדר די פּראָזע פון געזאַנג, ווייל אָן דער פּראָזע איז דאָס ריינע גאָלד פון געזאַנג צו ווייך און צו שמעלציק. אַ ליד מוז זיך האַלטן אויף אַ קרעפּטיקער פּראָזאַישקייט, אַז ס׳זאָל נישט צעקריכן אונטער די הענט און אַז די ווערטער זאָלן נישט צופיל גאָלדיקן פאַר די אויגן".

דאָס האָט אים די אייגענע דערפאַרונג פון אַ דיכטער און אַ קריטי־קער באַוויגן צו מאָנען אַ פּראָזאַישע רושטאָוואַניע פאַר דער פּאָעטישער קאָנסטרוקציע. ווייל איך דאָ נישט אַרויסציען אַ הלכה מסיני פאַר אַלע פּאָ־עטן, אָבער אַז דאָס איז טאַקע די סאַמע בעסטע דעפיניציע פאַר יעקב גלאַטשטיינס פּאָעזיע גופא איז מחוץ פון יעדן ספק.

דאָס מאָנט יעקב גלאַטשטיין ביי זיך און איז מקיים ביי זיך די פאָדע־רונג פון אַ קרעפּטיקער פּראָזאַישקייט, ווי דאָס פלייש און בלוט פון דער פּאָעטישער יצירה.

פאַרן דיכטער יעקב גלאַטשטיין זענען נישט בלויז נישט פאַראַן קיין

ווערטער, וואָס זענען נישט ראוי אַריינצוקומען אין היכל פון שירה, נאָר עס זענען אויך נישט פאַראַן קיין טעמעס, קיין סוזשעטן און פּראָבלעמען, וואָס זאָלן נישט כשר זיין פאַר דער פּאָעזיע.

ער האָט ווייט אויסגעברייטערט די תחומים פון דער יידישער דיכטונג און אין איר אַריינגעפירט אַלע טעמעס פון אונדזער תקופה, וואָס וואָלטן זיך אפשר זייער שלעכט געפילט אין דער געזעלשאַפט פון דער קאָנוועגציאָנעלער ליריק, אָדער אַפילו אין שטח פון אינטעלעקטועלן סימבאָליזם, וואָס גיט אַ באַרייכערונג פון מעטאַפאָרן און אַנאַלאָגיעס, בכן פון ווערטער — אָבער נישט קיין האָריזאָנטאַלע אויסברייטערונג פון דער פּאָעזיע.

יעקב גלאַטשטיין פאָדערט ביי אונדזערע פּאָעטן אינהאַלט, חוט־השדרה, מענערישקייט, יאָך און נישט בלויז לירישע פּישטשערייען, וואָס זענען אפשר גוט געווען אין דער פאַר־מבולדיקער תקופה, אָבער היינט רופן זיי נישט מער אַרויס קיין שום רעאַקציע.

ווען דער קריטיקער יעקב גלאַטשטיין מאָנט ביים דיכטער יעקב גלאַטשטיין און ביי דער יידישער דיכטונג בכלל די פּראָזע פון געזאַנג, פאַרלאַנגט ער קודם כל אַ פּאָעטישע שטעלונג צו די נסיונות פון אונדזער צייט, וואָס אַרבעטן נאָך אין די טיפענישן, שווענקען נאָך אַלץ אונטער די זיך קרישלענדיקע פונדאַמענטן און ברענגען אַרויס יעדן טאָג נייע ספקות, נייע בענקשאַפטן, עצבותדיקע פריידן, וואָס פאַרבינדן דעם חורבן הווה מיט די אומבאַקאַנטקייטן פון דער צוקונפט, צעדריוולען זיך אין פעדים, זיך ווידער צו באַהעפטן אין פאַרנעפּלטע, אומקלאָרע אַנונגען.

אַן אויסהעפטונג פון פּאָעטישע אַנונגען, דיכטערישע וויזיעס אויף דער קאַנווע פון אַ קרעפטיקער פּראָזאַישקייט, מאָנט יעקב גלאַטשטיין ביי די יידישע דיכטער און איז די פאָדערונג קודם־כל מקיים ביי זיך אַליין.

אַ קרעפטיקע, פקחותדיקע פּראָזאַישקייט פליסט איבער די פעלדער פון זיין געזאַנג, וואָס נאָר די פּענטעס פון דער פּאָעזיע, איר צימצום, ריטם און באַטעמטער גראַם האַלטן איין איר שטראָמיקייט, גיבן איר געמיט, רו און גרענעצן. דורך אַ פּראָצעדור, וואָס איז אים אייגן באַוויזט יעקב גלאַטשטיין צו געבן זיין פּראָזע פון געזאַנג אַזאַ ברמיזאדיקע קאָנ־

צענטרירטקייט, וואָס לאָזט פאַר די איינצלנע ווערטער זייער באַזונדערן אָנהאַלט און אינהאַלט און וואָס אין זייער גאַנצקייט פאַרסכהכלען זיי זיך צו יענער באַהעפטונג פון פראָזע־פּאָעזיע, ווו ביידע ווערן עלעמענטן פון אַ געלייטערטער שותפות־יצירה, וואָס טאָקע נאָר צוליב דער באַהעפטונג קען זי געבן קינסטלעריש די דימענסיעס פון אונדזער צייט.

הער און שטוין, נתן,
איך בין דיר מוחל דעם לוין
פון פעטסטן שטיק לויתן,
אויב מ׳זאָל פון מיר צונעמען
מיין שענסטע קרוין — דאָס וואָרט.

אַזוי לאָזט יעקב גלאַטשטיין זאָגן דעם בראַצלאַווער צו זיין סופר, נתן ניעמיראָווער (אין דער סעריע לידער: דער בראַצלאַווער צו זיין סופר) און ער אַליין טראָגט מיט שטאָלץ די קרוין און קען צום בעסטן דעם לוין פון יידישן וואָרט.

און ער פאַרלאַנגט, אַז די יידישע דיכטונג זאָל טראָגן די קרוין פון וואָרט מיט אהבת־ישראל, מיט ליבשאַפט צום קרבן, מיט פאַראַכטונג צום רוצח. האָט דאָך דער רוצח נישט געשאָכטן פאַר עפּעס אַנדערש, ווי פאַר זיין שנאה צו דער שבתדיקער פרישות, וואָכנדיקער צניעות און פאַראיידלטער אָפּגעהיטקייט פון אונדזערע טאַטע־מאַמעס.

שבתדיקע טריט פון טאַטן,
אויסגערעכנטע טריט פון דער מאַמען
ביים איינקויפן —
דאָס זענען געווען גאַנצע ספרים מיט אינהאַלט.
פון טאָג צו טאָג איז דער טאַטע
קליגער געוואָרן מיט אַ וואָרט.
די מאַמע פאַרשטענדיקער מיט אַ שמייכל.
זייערע ווערטער האָבן זיך ביסלעכווייז
געזאַמלט און געקראָגן מיין.

און אין אַן אַנדער ליד פון דער זעלביקער סעריע — „דעם טאַטנס שאָטן״:

די זאָרגעוודיקע הענט פון דער מאַמעס
גאָט פון אברהם,
וואָס האָבן אויף דער פולער וואָך
אַרונטערגענומען די אייזערנע שטאַבעס
פון דער קליידער־קראָם,
דעם טאַטנס צעפלאַקערט קול,
וואָס האָט אָפגעשיידט שטילע הייליקייט
פון דער רעדעוודיקער הייליקייט פון חול.
זיין הבדלה איז געווען דער קידוש
אויף אַ גאַנצער וואָך
פון לעבעדיקן, טומלדיקן און וואַרעמען יידיש.

נישטאָ קיין איין טעמע, וואָס אונדזער יידישע צייט האָט אונדז צו־געשטעלט, וואָס זאָל נישט באַקומען ביים דיכטער יעקב גלאַטשטיין אַ פּאָעטישן תיקון: דער חורבן, אונדזער נאָענט־וייטער עבר, יידישקייט און גוישקייט, די דערוויטערטקייט פון אונדזערע קינדער, אהבת ישראל, אהבת יידיש.

אבילות, אויסגעדריקט אין לירישן אומעט און וויזיאָנערער בילדע־רישקייט, געוויקלט און געטראָגן אין אַ קלוגער זאָגעוודיקייט גיבן אים מער ווי פיל אַנדערע פּאָעטן די מעגלעכקייט פּאָעטיש ארומצופלאַטערן איבער דער געדיכטער טעמאַטיק פון אונדזער תקופה.

אויף אַ וועג פריי פון פּאָעטישע פּאָזעס, מינעס און אָנשטעלעכישן, אויסגעפילט מיט וויזיע און יידיש געמיט, דערנענטערט זיך יעקב גלאַט־שטיין צו אַזאַ מדרגה פון פאַרבינדן די קרעפטיקסטע נאַציאָנאַלע טענער מיט די איידלסטע לויב־געזאַנגען נאָכן פאַרטיליקטן פאָלק, וואָס מאַכן פון אים איינעם פון די תוכיקסטע און גרעסטע מקוננים פון אונדזער יידי־שער צייט.

ווען מדרש איכה איז געקומען באַווייַנען חורבן ירושלים האָט ער עס דער עיקר געטאָן דורך נאָכזאָגן די שבחים פון די אנשי ירושלים און די חכמה און אויסדערוויילטקייט פון אירע קינדער.

אין זייער פיל לידער פון די סעריעס „שטראַלנדיקע יידן", „דעם טאַטנס שאָטן", „ערדענע רייד" געפין איך יענע איכהדיקע מדרשדיקייט, וואָס טראָגט אין זיך אַלע דורותדיקע, תוכיקסטע געוויינען און טרייסטן:

די תורה האָבן מיר מקבל געווען ביים סיני
און אין לובלין האָבן מיר זי אָפּגעגעבן.
לערן, זשע, יינגעלע, טייער יידיש יינגעלע,
נישט די מתים לויבן גאָט,
די תורה איז געגעבן געוואָרן צום לעבן
און אַזוי צוזאַמען ווי מיר זענען אַלע באַזאַמען
געשטאַנען ביים מתן תורה,
אַזוי וואָר זענען מיר אַלע געשטאָרבן אין לובלין.
דעם צעצווייגטן קאָפּ, די פרומע אויגן,
דאָס ציטערדיקע מויל פון אַ קליין יידיש קינד
וועל איך איינוווּנדערן
אין אַזאַ פאַרכטיק מעשהלע,
כ'וועל פאַר אים אויסשטערנען אַ יידישן הימל,
און אים זאָגן אַזוי:
ס'יידישע פאָלק איז אַ פייערדיקע זון
פון אָנהויב, ביז אָנהויב, ביז אָנהויב.
לערן, זשע, יינגעלע, טייער יידיש יינגעלע.
פון אָנהויב, ביז אָנהויב, ביז אָנהויב.

(פון „נישט די מתים לויבן גאָט")

און אין גלייך נאָכפאָלגנדיקן ליד „אָן יידן":

אָן יידן וועט נישט זיין קיין יידישער גאָט.
גייען מיר, חלילה, אַוועק פון דער וועלט,

**ווערטער און ווערטן**

פאַרלעשט זיך דאָס ליכט פון דיין אָרעם געצעלט.
זינט אברהם האָט דיך אין וואָלקן דערקענט,
האָסטו אויף אַלע יידישע פנימער געברענט,
פון אַלע יידישע אויגן געשטראַלט,
און מיר האָבן דיך געפורעמט אין אונדזער געשטאַלט.
אין יעדן לאַנד, אין יעדער שטאָט
איז מיט אונדז אויך געווען אַ גר —
דער יידישער גאָט.
יעדער צעשמעטערטער יידישער קאָפּ
איז אַ פאַרשעמטער, צעבראָכענער, געטלעכער טאָפּ.

**און מיט עטלעכע שורות ווייטער אין זעלביקן ליד — די גבורהדיקע, גבירולדיקע ווערטער:**

ווער וועט דיך חלומען?
ווער געדענקען?
ווער וועט דיך לייקענען,
ווער וועט דיך בענקען?
ווער וועט צו דיר אויף אַ פאַרבענקטער בריק,
אַוועק פון דיר, כדי צו קומען צוריק?

**און אפשר וואָלט טאַקע כדאי געווען, אַז אַ יידישער דיכטער זאָל זוכה זיין אַריינגענומען צו ווערן אין אַ מחזור, אין די קינות, אין סליחות, מיט עטלעכע שורות, אַז דאָס פאָלק זאָל אים „זאָגן" אין די פאַרכטיקע טעג?**

**אין „וואַריאַציעס אויף אַ טעמע" פאַנטאַזירט דערוועגן דער דיכ־טער:**

מיט פערד ווי די אָדלערס
האָבן די שורות מיינע

ל. דאָמאַנקעוויטש

די ימים נוראים אָנגעיאָגט.
און נאָך דעם זעלביקן ראש־השנה
האָבן יידן מיך געזאָגט!
גוואַלד, יידן האָבן מיך מיט כוונה געזאָגט!
צוויי איינציקע שורות מיינע אין שול געזאָגט!

**אָבער באַלד ניכטערט זיך דער דיכטער אויס און אין ליד „אין אַ געטאָ" לאָזט ער פאַלן מיט אומעטיקער רעזיגנאַציע:**

פאַרפאַלן, יידישער פּאָעט,
נישט דיר איז באַשערט צו ווערן
אַ פעסטונג פון ציטאַטן.

**נישטאָ מער די צייט, ווען דאָס יידישע פאָלק וועט זאָגן זיין פּאָעט. אָבער דער נחת פון יידישן וואָרט בלייבט אונדזער נחלה, בלייבט די אומעטיקע פרייד פון אַ ירושה מיט שעמעוודיקע אָפּנעמער.**

אייניקלעך מיינע, וואָרט אַ ווייל,
וואָס איז ס׳געאייל
פון מיר אַזוי גיך צו אַנטלויפן?
ס׳דאַרף דאָך לכל הפחות פאַרלויפן
אַ צענדליק יאָר,
אָרט, צייט און פאַרנעם
צו לעבן פאַר אונדז ביידן.
איך בין אַזוי ווייט נישט אַנטלאָפן
פון בעל שם,
ווי איר אַנטלויפט פון אייער זיידן.

**(„אייניקל דורות")**

**אין דער פראַכטפולער סעריע לידער „דער בראַצלאַוער צו זיין סופר" גמעלינגט עס דעם דיכטער יעקב גלאַטשטיין, אין אַ פּאָעטיש־שלווהדיקן**

**שיחת חולין פון אַ וווּנדערלעכן ריטעם, צו געבן עפּעס תמציתדיקעס פון חסידישער יידישקייט, וואָס גיט איינע פון די ריינסטע פּאָעטישע דער־קוויקונגען:**

כ׳וועל דיר מגלה זיין אַ סוד, נתן,
דאַווענען מנחה דאַרף מען קענען,
ס׳איז אַ באַטעמט שטיקל דאַווענען.
גייסט זיך אויפן גראָז,
קיינער יאָגט דיך נישט, קיינער טרייבט דיך נישט,
גייסט אַקעגן דעם בורא
מיט געשאַנקענע אין ריינע, ליידיקע הענט.
די ווערטער זענען גאָלד, זייער טייטש איז לויטער
ביסט זיך מכוון ווי זיי וואָלטן דיר געקומען אין מויל
צום ערשטן מאָל.

**אין אַלע פּרקים פון אָט דער חסידישער חסידות, נישט רבישער, תו־רה־זאָגערישער, גדלותדיקער חסידות, נאָר מענטשלעכער, פאָלקסטימלע־כער, עניוותדיקער חסידות, איז פאַראַן אַזויפיל נוסח, אַזויפיל געמיט, אַזויפיל יידישע גאָט־אינטימיטעט, וואָס מאַכן פון דעם מחבר פון אָט דעם ציקל איינעם פון די תוכיקסטע יידישע פּאָעטן פון אונדזער צייט.**

*

**מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן יעקב גלאַטשטיין, דעם קריטיקער. אין צווישנצייט האָט ער פּובליקירט נאָך עטלעכע בענד „אין תוך גענומען״, אין וועלכע ער באַהאַנדלט כמעט אַלע יידישע שרייבער.**

**ליידנדיק — ווי ער דריקט זיך אויס — אויף אַ יידישן מיחוש, רעדט ער אויך אַ סך אַרום ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, מיט פאָלעמישער היץ, דעם ענין שרייבן בכלל און די יידישע טעמאַטיק מצד פרעמד־שפּראַכיקע יידישע שרייבער בפרט.**

ער האָט אויך אין צווישנצייט פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַנטאָלאָגיע פֿון זיין אייגענער פּאָעזיע, א. נ.: „פֿון מיין גאַנצער מי״, פֿון ווו איך שעפּ טאַקע מיינע ציטאַטן. און צום סוף האָט ער גאָר לעצטנס אַרויסגעגעבן אַ נייע זאַמלונג לידער: „די פֿרייד פֿון יידישן וואָרט״, איז עס אַ פֿרייד אַ געמישטע, אַ קוהלתדיקע, געמישט מיט טרויער, געמישט מיט אומעט, מיט דערמאָנונגען פֿון טויט, פֿון אַוועקגיין פֿון פֿריינד, און אַוועקגיין פֿון זיך אַליין און צוריקקומען צו זיך אַ „באַקרוינטער מיט גריין־גרויער יידישקייט״.

אָבער די פֿרייד דאָס אַלץ צו קענען אַרויסגעבן דורכן יידישן וואָרט איז ביים דיכטער גרויס און גיט אים מוט און באַרויקונג.

איך וויל נאָר בלויז ציטירן עטלעכע שורות פֿון שיינעם ליד „די קרוין״:

אָ, לאָז אַוועק דיין ברויט אויפֿן וואַסער,
די רצועות פֿון דיין צובונד
אין טיפֿסטן אָפּגרונט וואַרף אַריין.
וואַרף, וואָס האָט עס פֿאַר אַ זינען?
אין אַ סך טעג אַרום וועסט עס געפֿינען.
וועסט עס מוזן געפֿינען.
איצט זענען מיינע טאַטע־מאַמע באַלוינט,
מיט גרייז־גרויער יידישקייט.

און מיר אַלע זענען באַלוינט און באַקרוינט מיט אַ גרויסן יידישן פּאָעט, מיט אַ מייסטער פֿון טיפֿע און ברייטע וואָרצלען־שלאָגנדיקע יידישע ווערטער, וואָס גיבן פֿרייד מיט די אין זיי פֿאַרמשכונטע, פּקחותדיקע, אייביק־יידישע דערפֿאַרונגען.

# איציק מאַנגער — דער גרויספּאָלקישער טרובאַדור

מען האָט ביי אונדז שטאַרק באַנאַליזירט און פאַרביליקט די ווערטער פאָלקסטימלעך, פאָלקסטימלעכקייט, פאָלקסטימלעכער דיכטער מיט דעם איבערגעטריבענעם געברויך, וואָס מען האָט פון זיי געמאַכט. וואָלט איצט כדאַי געווען דעם באַגריף פאָלקסטימלעך — לכל הפּחות דאָרט, ווו ער ווערט געפּאָרט מיט דיכטער — אויסצורייניקן פון די פּסולתן און אָנוווקסן און אַזוי אַ גערייניקטן און פינקלדיקן אַרויפזעצן ווי אַ קרוין אויף די קעפּ פון די, וואָס פּאַסן זיך צו איר צום בעסטן.

איציק מאַנגער איז דער פּאָעט, וועמען די קרוין פון מלכות־פּאָלקס־טימלעכקייט איז אין איר גאַנצער פּראַכט און גלאַנץ ווי אָנגעמאָסטן.

ער איז דער פּאָלקסטימלעכסטער דיכטער פון אינסטינקט און פון באַוווסטזיין, און ער איז עס ביז די ווייטגייענדיקסטע און אַלזייטיקסטע קאָנסעקווענץ.

ער איז דער שפּילעוודיקסטער, שטיפערישסטער יידישער דיכטער, וועמען זיינע לייענער האָבן צום ערנסטן גענומען. ער איז דער איינציקער יידישער פּאָעט, וועמענס לכאורהדיקע אומזיניקייטן דאָס פּאָלק האָט אויפ־גענומען, זיך פאַרטייטשט זייער זין און פאַרטייטשנדיק זיי געזונגען מיט דער באַטעמטקייט פון אַגאַנץ זייער מיין.

דער ראָמאַנטיקער פון דער גאָלדענער פּאַווע, פון דער ווייסער ציג און פון די טערקל־טויבן, דער ליריקער פון פאַראומערטן צער פון פאַר־זעסענע מיידן און פריילעכע שניידער־געזעלן — איז געוואָרן דאָס פּאָעטי־שע בת־קול פון די יידישע ווערקשטעלן אין אַלע יידישע שטעט און שטעט־לעך, ווען די קאָזעס און עופות פון יידישע שטיבער האָבן נאָך געמעקעט און געצוויטשערט אויף יידיש.

מאַנגער האָט געריצט, געכישופט און געצויבערט מיט זיינע ראָ־מאַנטישע סטיליזאַציעס, אין וועלכע דער עכאָ פון די פאַרהיינטצייטיקטע חומש־ און מגילה־לידער האָט זיך געפלאָכטן און געקייטלט אין איין גע־

זאַנג מיט די ווייטע און דאָך נאָענטע אָפּקלאַנגען פון זיינע פאַנטאַסטישע באַלאַדעס. און קיינער האָט אַזוי גוט נישט פאַרשטאַנען די רמזים פון די ליבע־בריוולעך פון דער מלכה פון טערקיי צום רבינו תם, ווי די ליבהאָ־בער פון מאַנגערס פּאָעזיע, וואָס האָבן זיך געשטויסן אין די זאַלן אין וואַרשע, לאָדזש, קראָקע און פּאַריז אין די 30־קער יאָרן אויפצונעמען זייער אינטימסטן, היימישסטן, יידישסטן דיכטער.

עס האָבן יידן שווערע, בייזע, מתרעם געווען אויף מאַנגערס פרייען אַרומשפּאַצירן אין די אַלעען פון דעם תנכישן גן־עדן: — סטייטש און היתכן, ווי קען מען דאָס באַקליידן די הייליקע אבות אין גלותדיקע בערד און פּאות, אויספּוצן די אמהות אין שטערן־טיכלעך און ווי קען מען עס די יידן פון נאַלעווקעס און פון גענשע און די ווייבער פון אַלע מערק און טערג אין די שטעטלעך פאַרשטעלן אין ביבלישע געשטאַלטן?

באמת, אונדזער גרויספּאַלקישער טרובאַדור איציק מאַנגער, האָט מיט זיין דיכטערישן אינסטינקט, מיט זיין שפּילעוודיקן דמיון מער געטאָן פאַר דער איינגעשטאַלטיקונג פון יידישן געמיט איבער דורות און שטחים — און דאָס פיל פריער ווי די באַגריפן פון המשך און קיום זענען געוואָרן די טעגלעכע ווערטער פון אונדזער נאָך חורבנדיקן איכה־לעקסיקאָן — ווי אַ סך פון אונדזערע היסטאָריקער און דענקער.

אונדזער מדרש, וואָס האָט געשפּונען די פרום־שטיפערישע אגדה אַרום דעם „ויתרוצצו" אין דער מאַמע רבקהס בויך, ווען די צוויי קומענ־דיקע גרינדערס פון „צוויי קעניגרייכן", יעקב און עשו, האָבן שוין יעדער איינער געצויגן אין אַן אַנדערער זייט (עשו האָט שוין „געצאַפּלט" צו לויפן אין תיפלה און יעקבל האָט נעבעך געטומלט צו גיין אין בית־מדרש פון שם ועבר); און די חדר־יינגלעך, מיט צעפלאַמטע פאַנטאַזיעס, וואָס האָבן בחוש געזען דעם רויען עשו און דעם איידעלן איש תם, יעקב, דורך דער פּריזמע פון רש"י און מדרש, ווי אייביק קעגנזעצטע וועלט־געשטאַלטן, — בנמאנות, ווי זיי האָבן שוין נישט עפּעס אַנדערש געטאָן ווי אויסגע־מייסטערט דאָס בילד פון אַן איינגעשטאַלטיקטן ייד איבער צייטן און דו־רות, וואָס אַ מדרש־איציק האָט עס דערנאָך געטאָן אויף זיין פּאָעטיש־שטי־פערישן שטייגער.

פאַר קיין שום ייד מיט אַ היסטאָריש־פּאָעטישן דמיון האָבן קיינמאָל נישט עקזיסטירט קיין יידן נעכטיקע און היינטיקע, נאָר יידן מיט אַ באַזונדערן טענצלענדיקן גאַנג איבער דורות און אויסגעשפּרייטקייטן.

מאַנגער האָט דעם תנ״ך נישט פאַרטייטשט, נישט איבערגעזעצט, נישט איבערגעדיכטעט. ער האָט מיט גאונישער פּשטות אויסגעהאָפטן זיינע מאָטיוון אויף דער אייביקייטס־קאַנווע פון אונדזער טאָג־טעגלעכקייט. ער האָט דיכטעריש אויסגעקליגלט אַ יידיש־יידישן תנ״ך מיט דער פּיקחותדיקער מתיקות פון א טביה דעם מילכיקן און מיט דעם אינטויטיוו־פּאָעטישן פּלי פון דער אַלטער אגדה. דאָס מיינט נישט בלויז שפּאַס, שפּיל און גראַטעסק. דאָס מיינט אינטענסיווע פאַנטאַזיע, וואָס שפּינט די אייביק־יידישע אומרעאַלע רעאַליטעט און וויקלט די ווונדערלעכע קאָנטינויטעט איבער גרענעצן און צייטן.

ער איז, איציק מאַנגער, דער פאָלקסטימלעכער דיכטער, אין אַ מאָס, ווי עס איז עס געווען פּרץ, דער פּרץ פון די פאָלקסטימלעכע געשיכטן. און ער ווערט אַליין דער פּאָעטישער קונצן־מאַכער, וואָס ציט די קאָלירפולסטע סטענגעס פון זיין פעדער, כדי פון זיי צו שאַפן ראָמאַנטיש־לעגענדאַרבאַלאַדישע רעאַליטעטן, וואָס זענען אין דער יידישער פּאָעזיע פאַר אים נישט געאַנט געוואָרן.

עפּעס אַ נאָך־נישט געהנ׳ג אויפגעקלערטע יידישע מיסטעריע האָט זיך געוועבט אין יענעם רומעניש־גאַליצישן ווינקל, וואָס פון דאָרט איז געקומען די בשורה פון דער פאָלקסטימלעכסטער חסידישער מיסטיק און די גאָלדפאָדעניש טעאַטראַל־ביבלישע קאָמעדיע, וואָס האָט באַוויזן צו פאַרפאָלקסטימלעכן אַפילו די שטייפע השכלה.

די אדמורים און די טרובאַדורן, די רבישע זאָגערס, די גאָלדפאַדענישע שפּילערס און די בראָדער זינגערס האָבן אַלע געפונען זייער געלייטערטן פּאָעטישן אויסדרוק אין איציק מאַנגערן.

עס איז טאַקע דאָס מזל און די גרויסקייט פון דער יידישער פּאָעזיע, וואָס אַלע אירע גרויסע פאָרשטייער זענען זייער פאַרשידן אין פאָרעם און אין אינהאַלט און פאָרמירן אין צאָל און אין קאָליר אַלע פאַרבן און ניואַנסן פון נאַציאָנאַל־פּאָעטישן רעגן־בויגן.

איציק מאַנגער איז נישט קיין נאַציאָנאַלער דיכטער אין זין פון פּראָב־לעמאַטישקייט, אין זין פון צושפּיצן זיין געפילס־וועלט צו באַשטימטע אי־דעען. ער איז אויך נישט קיין וויינער און מקונן נאָכן חורבן. ווי קען מען וויינען אויף זעקס מיליאָן?

אויך פריער, אין די יאָרן פון פולן שפּאַס און שפּיל, האָט מאַנגער נישט געשטיפט און נישט געשפּאַסט מיט כל־ישראל, מיטן כלל־יידן, נאָר מיט איין ייד, וואָס הייסט אברהם, מיט אַ ייד, וואָס הייסט דער בלינדער יאָץ, מיט איין ר׳ איוב, מיט דער גאָלדענער פּאַווע, מיט דער ווייסער ציג.

און אויך איצט קען ער בלויז סימבאָליזירן דאָס אומגליק דורך זיין שניידער־געזעלן, נאָטע. דורך דער גאָלדענער פּאַווע, וואָס איז אַוועקגע־פלויגן:

איז געפלויגן די גאָלדענע פּאַווע אַוועק
קיין מערב זוכן די „נעכטיקע טעג״ —
טרילי טראַ לאַ.
טרעפט זי אַ פרוי אין שוואַרץ, וואָס קניט
נעבן אַ קבר, דערשלאָגן און מיד;
פרעגט גאָרנישט די פּאַווע, זי ווייסט אַליין,
אַז די פרוי אין שוואַרץ, וואָס שפּרייט איר געוויין
איבערן קבר, ביים ראַנד פון וועג,
איז די אלמנה פון די נעכטיקע טעג.

אָדער ער סימבאָליזירט דעם חורבן מיטן אויסגאַנג פון ווייסן ציגעלע:

דערווייל איז דאָס ציגעלע אויסגעגאַנגען
אין פינצטערן געטאָ אין אַ קעלער־שטוב.
דייטשע זעלנער מיט שיכורע געזאַנגען
האָבן עס אַריינגעוואָרפן אין אַ מאַסן־גרוב.
דאָרט ליגט עס מיט טויזנטער יידישע קינדער
און וויים נישט מער צי גאָט איז גערעכט
און הערט נישט אַפילו דאָס שפּאַנען פאַרטרויערט
די אויסגעשטערנטע פּוילישע נעכט.

**גיין, ער וויינט נישט מאַנגער. עס געהערט נישט צו זיין פּאָעטישער נאַטור צו זיין אַ מקונן. ער דערקלערט זיך בלויז צו זיין אין ספק צי משה־לייב סאָסאָווער וועט נאָך קענען אַריינרעכענען דעם רבונו־של־עולם צווי־שן די אוהבי ישראל.**

ר׳ משה לייב פון סאָסאָוו טייטלט אויף די הויפנס אַש
(דער שטורעם האָט אָקאָרשט דורכגעוויטעוועט)
זיין באָרד ציטערט, זיין לייב און לעבן ביטערט:
— „נאַ, נעם און זע, אַך גאָטעניו טי נאַש״.

ר׳ וואָלף פון זבאַראַזש מורמלט: „הערט רבותי, הערט!״
(זיין קול איז ווי אַן אוונט־פידל מיד)
— „דער אויבערשטער האָט זיין ווייגאָרטן נישט אָפּגעהיט
אַ סימן: אָט די הפקר־הויפנס אויף דער ערד״.
ר׳ מאירל פון פּרעמישלאַן אויף זיין אַלטן שטעקן אָנגעשפּאַרט
שטייט און וואַרט, פיבערנדיק און צערט:
„רבותי, לאָמיר אַלע זאָגן אין איין קול:
באַשאַפער פון די וועלטן, דו ביסט מאַכטיק מוראדיק
נאָר מיר די גאַליציאַנער מעקן דיך אויף תמיד אויס
פון דער עדה אמתע „אוהבי ישראל״.

**ער בלייבט שפּילעוודיק, פּאָלקיש־שטיפעריש און שפּאַסיק. פון עקדת יצחק ווערט בלויז עקדת איציק און אָט איז די גאַנצע נאַציאָנאַלע דראַ־מאַטישקייט פאַרהיינטצייטיקט אַזוי ווי עס איז עס געוואָרן די גאַנצע ביב־לישע אידיליע. די גאַנצע שווערע פּראָבלעמאַטיק אונדזערע ווערט פאַר־פּאָלקסטימלעכט, דערנענטערט.**

פירט מיך דער זיידע ביי דער האַנט
איבער שטעט און דערפער און גריבער, —
די שטעט זענען קליין, די דערפער גרויס
און מיר שפּרייזן איבער זיי אַריבער.

### ל. דאָמאַנקעוויטש

זאָגט דער זיידע: איציק, געדענקסט —
צוריק מיט אַזויפיל יאָרן —
ווען ס׳האָט זיך דער מלאך צו אונדז אַנטפלעקט
און דו ביסט ניצול געוואָרן?

איצט האָט ער חרטה, דער אַלטער גאָט
און מאָנט ביי מיר דעם קרבן,
כאָטש כ׳האָב שוין אַזויפיל מאָל געלעבט
און בין שוין אַזויפיל מאָל געשטאָרבן.

אַ סוף, אַן עק, איך דאַרף נישט זיין גנאָד,
און זאָל ער אין הימל נישט מיינען —
איציק, ס׳איז גוט וואָס דיין מאַמע איז טויט
און זי וועט פאַרשפּאָרן צו וויינען.

פירט מיך דער זיידע ביי דער האַנט
איבער שטעט און דערפער און גריבער —
די שטעט זענען קליין, די דערפער גרויס
און מיר שפּרייזן איבער זיי אַריבער.

**ער ברויכט נישט איציק מאַנגער, אויף איבערצייגן פון שפּילעוודיקייט צו אבלות, זיך איבערצושטעלן. צו שטאַרק, צו אינטויִטיוו איז ער אַלע מאָל שוין געווען פאַרבונדן מיטן פאָלק, אַז דאָס פאָלק זאָל אים נישט אָפּ־פילן. און בכל־אופן איז זיין ליד תמיד געווען געשריבן „מיט רויטער טינט און פאַרחתמעט מיט הייסע טרערן דריי״.**

# מלך ראַוויטש — אַ בן שבעים

דער זייער פּאָפּולערער אין אַלע זשאַנערן פון דער יידישער ליטעראַטור באַטייליקטער, און אויף אַלע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן אין אַלע לענדער און קאָנטינענטן רעאַגירנדיקער שרייבער, מלך ראַוויטש ווערט איצט 70 יאָר. און ער קען, דאַכט זיך, מיט סאַטיספאַקציע וואַרפן אַ בליק אויף צוריק, אויף זיין אָפּגעטוענעם ביז איצט ליטעראַרישן ווערק, וואָס איז קאָלאָסאַל אין אינהאַלט און אין קוואַליטעט.

ועוד ידו נטויה, און ער שרייבט נאָך איצט זייער אַ סך און צעשיקט זיין פּראָדוקציע איבער אָקעאַנען און קאָנטינענטן. ער האַלט שטאַרק פון שלח לחמך... ווייל אַמאָל וועט זיך עס אָפּגעפינען. און וואָס געפינט זיך אַזוי אָפּ ווי יידישע שריפטן, יידישע אותיות, וואָס זוכן זיך אַלע מאָל אָפּ איבער ימים, איבער דורות, איבער חורבות און חורבנות.

און ער איז געבליבן מלך ראַוויטש, דער סימפּאַטישער יידישער שרייבער, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן געטראָגן צוגעבונדנקייט צו זיין פאָלק, נישט געקוקט אויף לירישע אָפּנייגונגען און געטריישאַפט צום וואָכנדיקן לשון, וואָס דאָס פאָלק האָט זיך געשאַפן לפנים צום וואָכנדיקן געברויך, און וואָס איז געוואָרן די ליטעראַטור־שפּראַך, וואָס איז אלע מאָל, נישט בלויז נאָכן חורבן, נאָר פון די סאַמע אָנהייבן אָן, געווען מער קודש ווי חול.

און ערשט איצט ווערט מלך ראַוויטש 70 יאָר אַלט. מיר זאָגן ערשט איצט, ווייל דער נאָמען ראַוויטש הערט זיך גאַנץ היימיש איבער אַלע יידיש־יידישע תפוצות שוין זייער לאַנג, און ער האָט שוין געשריבן — לרוב אין פּראָזע — איבער אַלע ענינים, וואָס זענען נוגע יידן אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. און ער האָט געשריבן אין ליריש־אינטעלעקטועלע פּאָע־טישע שורות איבער אַלע הויכע ענינים, וואָס זענען אים, אין דער ערשטער ריי, אַליין נוגע פון תמיד אָן.

ער האָט זיך אויך זייער אַ סך מיטגעכאַפּט מיט דער צייט, אָבער

תמיד איז ער ערגעץ־ווו געבליבן מחוץ איר, ווייל עס איז נישטאָ, בלויז אין דער צייט, קיין אמתע אַנטרינונג פֿאַרן פֿאָעט, און אַפילו פֿאַר אַזאַ איינעם, וואָס ראַטעוועט זיך אַריין אין איר מיט אַ סך אַקטועלער פּראָזע.

ער איז אַפילו געווען, מלך ראַוויטש, אין געוויסע תקופות געגוג רוישיק און רעשיק, אָבער ער איז תמיד פֿון אַלע כאַלאַסטריעס אַוועק צוריק אין אייגענעם ווינקל פֿון שטילקייט און פֿערזענלעכער רו, וואָס ער האָט אָפּגעראַטעוועט פֿון גרויסן טראַקט פֿון טומל און האַרמידער.

און היינט, ווען אָט דער אָפּגעזונדערטער מיטגייער איז אַ בא בימים, אַריין אין טעג פֿון זקנה, פּאַסט זיך אים זייער גוט די קרוין פֿון שלווה.

ער איז דער סאַמע שטילסטער שרייבער פֿון דער היינטצייטיקער יידישער, ליידער, זייער שרייענדיקער ליטעראַטור. און זי האָט דאָך באַדאַרפֿט צו זיין די שטילסטע, די במסתרים תבכה׳דיקסטע, די אין די באַהעלטענישן וויינענדיקסטע ליטעראַטור. זענען דאָך די תהילימדיקע ווערטער: „כי לך דומיה תהילה״ (פֿאַר דיר איז שוויגן אַ לויב), אויף איר, אויף דער יידישער ליטעראַטור אין אונדזערע צייטן, געזאָגט געוואָרן. אָבער געשען איז דאָס פֿאַרקערטסטע, דאָס אומפּאַסיקסטע.

און בלויז ראַוויטשן זע איך צווישן די שטילסטע, דעם וואָס באַדינט די יידישע ליטעראַטור שלא על מנת לקבל כבוד, און אַפילו שלא על מנת לקבל פּרס (אין אַלע טייטשן פֿון וואָרט פּרס) און שלא על מנת זיך צו יאָגן נאָך איבערזעצונגען, וואָס איז געוואָרן די היסטעריע פֿון זייער אַ סך יידישע שרייבער.

ער יאָגט זיך נישט צו ווערן אַן ענגליש־יידישער שרייבער, אַ פֿראַנצויזיש־יידישער, אַפילו אַ העברעיש־יידישער. ער בלייבט דער יידיש־יידישער שרייבער, וואָס ער איז תמיד געווען און געבליבן.

און קיינער איז דאָך נישט געווען מער צוגעגרייט צו ווערן אַ פּויליש־יידישער, אָדער אַ דייטש־יידישער שרייבער ווי זיגמונט בערגנער, דער זון פֿון טאַטן דעם משכיל און דער ווילקענעוודיקער מאַמען, וואָס האָט ווי ראַכעלאַ אין וויספּיאַנסקיס „וועסעלע״ געקענט „צאַלי פּשיבישעווסקי״.

פֿון טומל און נאָכלויפֿעריי — צו וואָס ער האָט אפֿשר יאָ געהאַט אַ נייגונג אין די יונגע יאָרן, — האָט אים געראַטעוועט זיין פֿילאָזאָפֿישע

אינספּיראַציע. ראַוויטש האָט פון די ייִנגסטע יאָרן אָן געזוכט פּאָעטיש און פילאָזאָפיש גאָט, און אַז מען זוכט גאָט, סטייעט עס אויף אַ לעבן לאַנג. און גאָט האָט די מעלה, אַז מען דאַרף אים אַפילו נישט געפינען. עס איז גענוג אַז מען זוכט אים. זוכן און געפינען איז, אגב, אידענטיש ביי ענינים, וואָס שטייען ברומו של עולם.

און ראַוויטש האָט זיך אויך פּאָעטיש און פילאָזאָפיש פאַרנומען מיטן מענטש, מיטן רעגער פון צלם און דמות פון גאָט. ער האָט צו אים געהאַט אַ סך צוטרוי, צופיל צוטרוי. און דער העכסטער פאַרדינסט פון מענטש, איז נישט מער ווי כבדהו וחשדהו.

אָבער מיר זענען אַלע געמאַכט פון לײדנשאַפטן, פון קאַפּריזן, פון פּלוצעמדיקע רעאַקציעס און נישט בלויז פון וואָג און מאָס, און נישט תמיד קענען מיר — און פּאָעטן אַוודאי נישט — דאָזירן די עלעמענטן פון אונדזערע אינטעלעקטועלע תבשילים.

מלך ראַוויטש איז בכלל געגומען אַ מענטש פון זיין צייט און ער איז מיט דער צייט אַ סך מיטגעגאַנגען, מיטגעשטורעמט מיט אירע רעוואָלטן, מיטאַטעאיזירט מיט אירע כפירות און צום סוף מיטגעוויטיקט מיט אירע חרטות און אירע אַנטוישונגען.

ראַוויטש איז פון כאַראַקטער — און נישט בלויז פון געדאַנק — אַ דיאַלעקטיקער, אַ מענטש, וואָס זעט די וועלט אין אירע געשעענישן, ווי אַ רעזולטאַט פון הפכים, פון סתירות, און אָט דער כאַראַקטער קומט צום אויסדרוק אין זיינע בעסטע שאַפונגען.

די סתירות ביי ראַוויטשן קומען, נאַטירלעך, קודם כל פון דער צייט, וואָס איז, זינט אַ האַלבן יאָרהונדערט, פול מיט קאָנטראַסטן, אָבער זיי קומען אויך פון אים אַליין, פון זיין נאַטור, פון זיין אינעווייניקסטער וועלט. ער איז עניוותדיק־שרייעריש, אטעאיסטיש־גלויבעוודיק, יחידיש־סאָציאַל, פאָלקסטימלעך־אַנאַציאָנאַל. ער האָט זיך צעקריגט מיטן רבונו של עולם און מיט תרי״ג מצוות שוין ווי אַ יונגער בחור, און ביז היינט האָט ער זיך פון יאָך פון גאָט נישט באַפרייט; ער האָט באַגערט איינער פון די ערשטע, אַז זיין אַלט פאָלק זאָל זיך די ערשטע אַנטפּאָלקן אויפן מזבח פון אַ נישט פּרעציזירטער מענטשהייט און ער גלייבט נאָך אַלץ אין דער שליחות פון

יידישן פאָלק... ער איז וועגעטאַריש אין לעבן און פליישיק נאַקעט אין אַ סך פון זיינע לידער.

ווי אַן אמתער דיאַלעקטיקער ברענגט ראַוויטש נישט אַרויס אין זיינע לידער בלויז די סתירות, נאָר זייער סינטעזע, ער באַהעפט כסדר, ער סינטעטיזירט כסדר, זיין וועלט איז אַ פאַציפיצירטע נאָך אינערלעכע און אויסערלעכע שלאַכטן. פון די אַלע סתירות, פון די אַלע מרידות, פון אַלע רעוואָלטן קעגן גאָט און קעגן מענטש איז פון צוריקקער, באין ברירה, אי צום מענטש אי צו גאָט, געבוירן געוואָרן ביי ראַוויטשן די העכסטע סינטעז — דער סקעפּטיציזם. סקעפּטיציזם איז נישט פאַרצווייפלונג. זי איז אַ קלוג לאָזן גיין די וועלט אויף אַלע אירע זיגזאַג־וועגן, ווייל זי איז שלעכט, נאַריש און דערהויבן, און זי איז אונדזער גורל.

אָבער דער עיקר: ראַוויטש איז דאָ, און ער האָט די זכיה, וואָס איז נישט אַלעמען געגעבן, איצט צו שרייבן, צו פאַרעפנטלעכן און פאַרצוזעצן דאָס מעשה־בוך פון זיין לעבן.

מיר האָבן געזען דעם ערשטן באַנד, וואָס איז זייער שיין געשריבן, און מיר ווינטשן זיך, אַז אין די איבעריקע בענדער, זאָל די שיינקייט גיין האַנט ביי האַנט מיטן ערנסט פון דער זאַך און מיטן ערנסט פון דער צייט, פון דער יידישער צייט; אַז דאָס מעשה־בוך זאָל ווערן דאָס מעשה־בוך פון גרויסן יידישן גאַליציע און פון לעגענדאַרן יידישן ווין, וואָס איז קיינמאָל קיין יידישער קולטור־צענטער נישט געוואָרן, אָבער וואָס איז, מיין איך, געווען דאָס אָרט, וואָס האָט זייער אַ סך צו אַזעלכע צענטערס צושטייער געגעבן און צוגעגרייט און צוגעשטעלט די נייטיקע מענטשן.

און צוזאַמען מיטן מעשה־בוך, וואָס וואָלט באַדאַרפט קענען ווערן דאָס סיום־ווערק פון אַ מיט ליטעראַרישער אַקטיוויטעט אָנגעפולטן לעבן, פאַרנעמט זיך נאָך ראַוויטש כסדר מיטן לויפנדיקן ליטעראַרישן יידישן לעבן.

ער שיקט פונאַנדער אַרטיקלען, רעצענזיעס און פּאָרטרעטן וועגן און פון יידישע שרייבער אין אַלע יידישע וויטקייטן. און, ווי שוין געזאָגט, יידישע אותיות מיט גוטער כוונה צוגעשיקטע זוכן זיך אַלע מאָל אָפּ.

1963

# אברהם סוצקעווער

## דורך וואַלד און פעסטונג

עס איז אין די לעצטע 10—15 יאָר אויסגעוואַקסן אַן אומגעהויערע דיספּראָפּאָרציע צווישן פּראָזע און פּאָעזיע אין דער יידישער ליטעראַטור. אין דער צייט, וואָס די דערציילערישע קונסט מאַכט אַדורך אַ סטאַגנאַציע־פּעריאָד, האָט זיך דאָס דיכטערישע שאַפן שטאַרק פונאַנדערגעבליט, גע־שלאָגן וואָרצלען אין דער טיף און זיך פונאַנדערגעוואַקסן אין דער ברייט.

און ווי האָט עס דען געקענט זיין אַנדערש? די תפוצות ליגן צעשטו־רעמט און צעברויזט. פון אַלע טיפענישן פון חרובער און נישט חרובער יידישער צעשפּרייטקייט גייט אויף אַ יאָמער־געשריי אויפן נעכטן און אַ פאַרצווייפלונגס־רוף פאַרן מאָרגן. פאַר דער רואיקער — אין איר עצם נאַטור, אָביעקטיווער פּראָזע־קונסט זענען די כוואַליעס פון אָט דעם צעברויזטן ים נישט גינציק.

געוויס, אויך סטאַביליזירטע וואָגלענישן קען קינסטלעריש געשטאַל־טיקט ווערן, און אַלע אונדזערע גרויסע מייסטערס פּראָזאַיקער פון מענדעלען ביז י. י. זינגערן האָבן עפּעס אַנדערש נישט געטאָן. אָבער ווען לעבן ווערט בלויז אַ צעהוידעט, צעבלוטיקט צאַפּלען אויף ראַנדן פון אָפּגרונטן, דעמאָלט איז נאָר מעגלעך דאָס געשריי פון אויפציטערן, דער אַליאַרם פון וואָרע־נונג. דעמאָלט מוז די שלווהדיקע, דערציילערישע און שילדערישע קונסט אָפּטרעטן איר אָרט דער אימפּולסיווער רעאַקציע — דער פּאָעזיע, וואָס איר מהות איז דאָס סוביעקטיווע שטעלונג נעמען.

אויב דאָס געזאָגטע איז וואָר פאַר דעם נאָכמלחמה־פּעריאָד, איז עס מסתם נאָך מער וואָר פאַר די יאָרן פון שחיטה און אומקום.

אָבער שוין אַפילו אין די לעצטע יאָרן פון פאַרמלחמה־פּעריאָד, ווען די יידישע קאָמפּאַקטקייט איז געווען פון דרויסן אַרומגעצוימט מיט אַ מויער פון גיפט, שנאה, יאוש און אָפּהענטיקייט האָט פון אינעווייניק דאָס קינסטלערישע רעאַגירן פון אַ יידישער סענסיטיווער נשמה געקענט

זיין בעיקר אַ דירעקטע, ד. ה. אַ דיכטערישע סוביעקטיווע און נישט אַ דערציילעריש אָביעקטיווע.

דער דיכטערישער אופן פון אָט דער פּאָעטיש-נשמהדיקער רעאַקציע, האָט געקענט זיין אַ צווייערלייאיקער: דורך אַרויסשרייען הויך די טיף באַליידיקטע מענטשלעכע געפילן, דורך רעאַגירן מיט צאָרן און שפּאָט אויף שנאה, זי האָט אויך געקענט קומען צום אויסדרוק, פאַרקערט, דורך אַן אָפּווענדונג פון טאָג-טעגלעכן, דורך פאַרקערעווען דעם געפיל און געדאַנק-קאָמפּלעקס צום גרויסן קאָסמאָס, אין דער יוסטער סטאַבילקייט פון דער נאַטור אין איר שטומער אייביקייט זוכן אַנטרינונג און באַשייד. מיט איר מאַסיווער זעלבסטזיכערקייט זיך באַהעפטן, מיט איר אַרומנע-מענדיקער מאַכט זיך אידענטיפיצירן.

דעם דאָזיקן צווייטן וועג האָט אויסגעקליבן אברהם סוצקעווער בעת ער האָט אין די יאָרן 1936־37 דעביוטירט מיט זיינע דיכטערישע שאַפונגען אין ווילנע.

איז טאַקע דער מענטש אַזוי איזאָלירט אין זיין פּיין? זענען אים טאַקע צוגעוואָרפן געוואָרן די איוב-יסורים, אַז ער זאָל זיך מיט זיי אַ צאָרנדיקער אָפּזונדערן אין אַ פּאַס מיט אַש? אפשר דאַרף ער נאָר טיפער אַ בליק טאָן אין די אינערלעכקייטן פון אַרום „זען דאָס לייב אין דער ווייס פון דער בעריאָזע, פילן דאָס בלוט אין דער בליאונג פון אַ רויז"? אפשר דאַרף דער מענטש נאָר באַנעמען „דעם פויגל-געשאָרך אין די נעסטער, אויך דעם געדאַנק פון אַ יאָדלע"? סוצקעווער באַזינגט נישט די נאַטור, ער פאַרטיפט זיך אין איר, ער האָרכט זיך צו צו איר אייביקן גאַנג, און אַנטפּלעקט אין דער דאָזיקער אייביקייט-קוואַלן פון האָפענונג און טרייסט.

זיין פאַנטאַסטישע וועלט-וויזיע, זיין נייגונג זיך אַריינצופילן אין די קאָסמישע און ביאָקאָסמישע דערשיינונגען האָבן אויך שפּעטער אין די פעסטונג-יאָרן, אין די טעג פון טייוולאָנישער מאָרד-וואַקכאַנאַליע אין ווילנער געטאָ, אים געדינט פאַר אַ קוואַל פון מאָראַלישער גלייכוואָג און טרייסט.

צווישן פאַרשידענע לידער פון יענער שפּעטערער עפּאָכע קומען די דאָזיקע געפילן צום אויסדרוק צום קלאָרסטן אין פּרעכטיקן ליד „קערנדלעך

ווייץ" (אין בוך „די יידישע גאַס") און אין די שיינע פערזן פון „עקזעקוציע" פון בוך „פעסטונג", וואָס איך ציטיר דאָ אין גאַנצן.

גראָב איך אַ גרוב ווי מען דאַרף, ווי מען הייסט.
זוך איך בעת־מעשה אין דער ערד אויך אַ טרייסט.

אַ גראָב און אַ שניט און אַ ווערעמל קליין
נעמט צאַפּלען פון אונטן — דאָס האָרץ קען צעגיין.

צעשניידט אים מיין רידל און — ווונדער דערביי:
צעשניטענערהייט ווערן צוויי, ווערן דריי.

און ווייטער אַ שניט, ווערן דריי, ווערן פיר,
און אַלע די לעבנס באַשאַפן דורך מיר?

קומט ווידער די זון אין מיין טונקל געמיט
און אַ גלויבן נעמט שטאַרקן מיין אָרעם:
אויב אַ ווערעמל גיט זיך נישט אונטער דעם שניט
ביסטו ווינציקער דען פון אַ וואָרעם?

דער דיכטער פון „וואלדיקס" געפינט זיך איצט אין דער פעסטונג, ווו צווישן מויערן מיט פאַרהאַקטע טויערן, האָבן זיך איבער דעם טאָג און נאַכט געקרייצטער יידישער באַפעלקערונג צעהוליעט אַלע בייזע רוחות.

עס דאַכט זיך, ווער וועט די דאָזיקע פיין אויסדריקן אין אָרעמע, מענטשלעכע ווערטער? און ווו איז דאָס וואָרט, וואָס וועט די דאָזיקע הייליקע פיין נישט שענדן? און דאָ, דווקא דאָ, ווו די לופט אפילו, וואָס מען אָטעמט איז, דאַכט זיך, אַ פאַראומרייניקטע, געפינט דער דיכטער געגנוג זעלישע רואיקייט אונטערצוטעניקן די געפילן דעם מענטשלעכן וואָרט און זיי אַריינקלאַמערן אין אַ פאָרעם, וואָס דערגרייכט אַ זעלטענע שלימות. אַן אויסטערלישע איינגעהאַלטנקייט רוט אין אַלע לידער פון יענער עפּאָכע, ווו די איכה־טענער ווערן כסדר געמילדערט דורך נחמו, נחמו־טענער. אויף יענער זייט פון וואָרט אין דער דינער נישט־דערזאָגטקייט אַנען מיר דעם פאַרנעם פון חורבן.

אין תפילין, ווי קרוינען, מאַרשירן די זקנים,
אַ קעלבעלע גייט מיט אַ דאַרפסייד אינאיינעם.
אַ פרוי שלעפּט אַ גוסס פאַרקלעמט אין די נעגל,
אַ צווייטער — אַ בינטעלע האָלץ אויף אַ וועגל.

און דאָס דאָזיקע קלאָג־ליד „די לערערין מירע", וואָס פאַרדינט צו בלייבן אַ קינה לדורות, ענדיקט זיך מיט די טרייסט־ווערטער:

אַזוי, ביז די האַק האָט צעשפּאָלטן דעם זינען,
איז מירע אַ בלום און די קינדערלעך — בינען.
שוין גראָ איז די בלום און פאַרוועלקט אירע גלידער,
נאָך מאָרגן, אין טוי, וועט זי אויפבליען ווידער.

אַ גאַנצע ריי הערלעכע לידער און העלדן־געזאַנג, ווי: „„די בלייענע פּלאַטן פון ראָמס דרוקעריי", „משה", „און אַזוי זאָלסטו רעדן צום יתום", בלייבן אונדז לזכרון פון יענע צייטן; שטעלט אַוועק איציק וויטענבערגן, וואָס האָט זיך אויסגעליפערט דעם שונא, כדי מציל צו זיין זיינע ברידער מיט:

די הענט געבונדן אויף הינטער —
צעבראָכן.
אויגן — צעשטאָכן
מיטן גלאַנציקן שפּיז.

שטעלט אַוועק אונדזער שמשון הגבור, וואָס אַ בלינדער און אַ פאַר־שפּאָטער, האָט ער גענומען זיין לעצטע נקמה אין פלישתישן שונא, און זיין געשטאַלט וועט נעבן אים נישט פאַרבלאַסט ווערן. שטעלט אַוועק די פאַר־טיזאַנקע גאָלדע:

און ווי זי האָט מיט אויג און האַרץ געשלונגען
די זעאונג פון דעם אויפגעוואַכטן פלאַם —
איז אין דער לופט דער עשאָלאָן צעשפּרונגען
מיט איר צוזאַם.

נעבן דבורה הנביאה און זי וועט נעבן איר נישט פאַרשעמט ווערן.

אָבער אויך טענער פון פאַרביטערונג און שטראָף רייסן זיך אַרויס ביים דיכטער, זעענדיק ווי דער המון פון פאָלק ביז צו די לעצטע גייט צו דער שחיטה אָן ווידערשטאַנד, אָן דערהויבונג, ווערטער שאַרפע ווי שפּיזן:

צי האָט איר זיך צעשפּנט ווי ביי נאַכט
אַ וואָלד, באַפּאַלן פון אַ האָרדע בליצן?
געפילט כאָטש ווי דער באָדן ברומט און קראַכט
און קיינער איז נישטאָ אייך צו באַשיצן?
איר האָט זיך נישט געביטן אויף אַ האָר
אַנטלאָפן איז פון אייך געפיל און שפּירונג.
אַ דאָרן זייט איר איצטער, נישט קיין דור —
פאַרברענטע שערבלעך אייער קוואַל, און שפּינוועבס אייער צירונג.

(„צו די לעצטע". פון בוך „יידישע גאַס")

נאָך דעם פעסטונג און פאַרטיזאַנען־פּעריאָד קומען ענדלעך די טעג פון באַפרייאונג. דער דיכטער קומט צוריק אין זיין פאַרפייניקטער ירושלים דליטא. ער זעט נאָכאַמאָל דאָס לאַנד, וווּ ערשט נישט לאַנג איז געפלאָסן אַ זידיק, קאָכעדיק יידיש לעבן. און אויב פריער אין די מויערן פון דער שחיטה־שטאָט האָבן זיך, ווי אַ רעאַקציע אויפן אויסראָט־באַגער פון שונא, אַרויסגעריסן טענער פון האָפענונג און טרייסט, ווערט ער איצט, זעענדיק די גרויסע חורבה אונטער וועלכער עס איז באַגראָבן די גאַנצע גרויסע אַרמיי פון פאַרפייניקטע צוזאַמען מיט זייער פּיין, דערשלאָגן און פאַרבענקט.

און דאָ קומען ווידער ביי סוצקעווערן צום אויסדרוק די זעלבע דיכטע־רישע אייגנשאַפטן וואָס פריער. די אייגנשאַפטן פון משתף זיין די בריאה צום געמיטס־צושטאַנד, פון אַנטפּלעקן אין אַרום די אָפּשפּיגלונג פון דער אייגענער נשמה.

דאָס פּנים פון דער פאַרפייניקטער ווילנע זעט ער אין אַלע שטעט:

און ווי איך זאָל נישט וואַנדערן —
עס וועלן אַלע שטעט
פאַרוואַנדלען זיך אין דיין געשטאַלט.

אָדער אַזאַ ליד פון ציקל „עפּיטאַפן״:

אין ערגעץ זאָלסטו מיין געזאַנג ניט זוכן
און ניט דעם רעשט פון די פאַרצוקטע גלידער, —
נאָר ווו דו ביסט, דו איינציקער פון ברידער,
זאָלסטו אַ רויטן רויזנקוסט פאַרזוכן.
וועט דיר יעדער שטאָך באַזונדער
ברענגען גרוסן פון דער נידער
ווו ניט־אויסגעלייזטער וווּנדער
בינדט דעם קוואַל פון מיינע לידער.

פון דאָזיקן פעריאָד שטאַמט אויך די גרויסע, זייער שטאַרקע פּאָעמע „צו פוילן״, ווו דער דיכטער דריקט אויס אין האַרציקע, לירישע טענער די פאַרביטערונג און אַנטוישונג איבער פוילן, צו וועלכער עס האָט דאָך אונדז געבונדן אַזוי פיל הונדערטער יאָרן פון פריידן און ליידן.

און איצט בלייבט נישט מער ווי נעמען דעם אוהל־פּרץ אויף די פּלייצעס און אַוועקוואַנדערן מיט אים, ווי מיטן משכן, ווי מיט „יבנה״.

אָבער אויך אין דער דאָזיקער תקופה פון אומגעצוימטער פאַרביטערונג וויל דער דיכטער זיך נישט לאָזן פאַרשלינגען פון שנאה און דערשלאָגנקייט און אין דער פּאָעמע „פּאַריז״ גייען אויף טענער פון באַרואיקונג און טרייסט:

מיין משפּט מיט דער וועלט געטרוי איך מיין געפּרוווטן שטאָם,
ער ווייס: אַ בומעראַנג צוריק אין וואַרפער איז די שנאה.
איך זע ווי ער איז אויסגעשטערנט איבער לאַנד און ים,
אין ריזנשטעטע, אין שניי, מדבריות, העקן אוראַלט גרינע.
פאַרשלונגען האָט אים נישט קיין פלאַם, ווייל ער אַליין איז פלאַם,
ער גייט זיין וועג דורך אינקוויזיציע, האַק און גילאָטינע.

*

ווען עס וואָלט מעגלעך געווען צו כאַראַקטעריזירן דיכטערישע שאַפונג מיט איין וואָרט, וואָלט מען אברהם סוצקעווערס אַרט שאַפן כאַראַקטעריזירט מיטן וואָרט — דינקייט. דינקייט פון דער מאַטעריע, דינקייט פון דער קאָנסטרוקציע, דינע פאַרשלייערונג פון פערז וואָס לאָזט אַלע מאָל איבער דעם לייענער אַ פרייען דינעם שטח פאַר נשמהדיקן ווידערקול.

דער רוב פון סוצקעווערס שאַפונגען, דאָרט ווו ער לאָזט זיך נישט פאַרפירן פון אַ פאָרמאַליסטישער געטאַקטקייט, וועט אַריינגיין אין גרויסן פרדס פון דער יידישער דיכטונג ווי אַ טייל פון אירע בעסטע און וואָגיקסטע שאַפונגען.

1948

## אין פייערוואָגן פון זיין דור

עס איז נישט גענוג געווען פאַרן נביא צו הערן פון זיינע אייגענע טיפענישן גאָטס וואָרט; כדי צו קענען טראָגן דאָס וואָרט צום פאָלק האָט ער זיין שליחות פריער געמוזט אַליין דורכלעבן; ער האָט זיך פריער געמוזט מיטפּיינען מיט פּיין פון פאָלק, דורכנעמען מיט זיין ציטער, דורכ־שוידערן זיין שוידער. ערשט דעמאָלט האָט דער נביא געהאַט די זיכער־קייט, אַז דאָס פאַרנומענע קול איז טאַקע פון גאָט און עס איז ראוי געטראָגן צו ווערן צום פאָלק.

דער נביא יחזקאל עסט אין זיך אַריין די מגילה פון „קלאָג, זיפץ און וויי" (קינים והגה והי) ביז צום ווערן „אַ שפּייז פאַר זיין בויך און אַן אויספּילונג פאַר זיינע אינגעווייידן". איידער ער טראָגט די בשורה פון באַלאַגערונג צו ירושלים, בינדט ער זיך אין גראָבע שטריק, גרייט זיך צו „וואַסער מיט מאָס" און „שפּייז מיט וואָג", און ליגנדיק 390 טעג אויף איין זייט און 40 טעג אויף דער אַנדערער, צוקאָפּנס אַ ציגל מיטן אויסגעקריצטן בילד פון באַלאַגערונג, לעבט ער זיך אַריין אין די באַלאַגערונג־יסורים, וואָס שטייען פאַר דעם פאָלק. ערשט דעמאָלט זעט ער זיך ראוי צו שטראָפן און ברענגען זיין נביאות פון נסיון. ווען ירמיה זעט פאַר זיין פאָלק יאָך און פאַרשקלאַפונג, איז ער דער ערשטער אָנצוטאָן דעם שווערן יאָך־שטאַנג

אויף זיין האַלדז. און אַז דער נביא יהושע פאַרנעמט זיך צו שטראָפן דאָס פאָלק פאַר זיין אויסגעלאַסנקייט, מוז ער זיך אַפילו אין דער אויסגעלאַסנ־קייט גופא אריינלעבן און ער פאַרבינדט זיך מיט אַן אשת זנונים.

פונקט אַזוי מוז אויך דער דיכטער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דער מקונן און דער טרייסטער פון זיין דור, אַליין זיין דורכגעטרייסלט פון דורס טרייסלענישן, אַליין זיין מיטגעשטאָרבן מיט זיין טויט און אַליין זיין מיטגעבוירן מיט זיין תחית־המתים, אַליין האָבן געשפּאַנט אין פייער־וואָגן פון פלאַמיקע שייטערס און אין פייערוואָגן פון אויפגייענדיקן ליכט.

עס איז אברהם סוצקעווערן באַשערט געווען (און די באַשערונג אַליין געהערט צום תוך פון זיין פּאָעטישער שליחות) נאָכן איבערלעבן אַלע טויטן ביים גוסס צו קאָפּנס אין ירושלים דליטא, ווידער זיך מיטצוראַנגלען מיטן געראַנגל פון פאָלק אין ירושלים הבנויה. דאָס איז זיין זכות און זיין רעכט מיט די איבערלעבענישן זיך צו אידענטיפיצירן און צו קענען זינגען מיט אַזוי פיל שיינקייט ווי וואָרהאַפטיקייט:

ווען כ׳וואָלט אַצינד, נאָך מיין עקדה,
ניט מיטגעבוירן מיטן לאַנד,
ווו יעדער שטיינדל איז מיין זיידע —
געזעטיקט וואָלט מיך ניט דאָס ברויט,
דאָס וואַסער ניט געשטילט מיין גומען,
ביז אויסגעגאַנגען כ׳וואָלט פאַרגוי׳ט
און בלויז מיין בענקשאַפט וואָלט געקומען...

פון דאַנען אויך זיין זיכערקייט, אַז „עס איז קיין טויט שוין נישט פאַראַן". פון דאַנען קומט עס, וואָס „צוריקקומען", „ווידערגעבוירן ווערן", פון „עלטער־עלטער־זיידע צוריק ווערן אַ קינד" זענען מאָטיוון, וואָס חזרן זיך כסדר איבער אין זיין פּאָעזיע.

אָבער אויך דאָס אַלץ וואָלט פון סוצקעווערן נאָך נישט געמאַכט דעם דיכטער פון זיין דור, ווען נישט דאָס, וואָס דאָס איבערלעבטע, לעבט אין אים כסדר, ווען נישט דאָס, וואָס „דאָס בילד פון דער יידישער גאַס" ווערט נישט פאַרשמירט אין זיין זכרון דורכן „זוניקן נייעם פּאַלעטער".

## ווערטער און ווערטן

אַ שבועה פון טריישאַפט האָט דער דיכטער געשווירן דער יידישער גאַס:

און ווטסטו פאַרמאָלן דאָס בילד פון דער יידישער גאַס
מיט פענדזל געטונקט אין דיין זוניקן נייעם פאַלעטער —
זיי וויסן: די פאַרבן די איצטיקע וועלן זיך שיילן,
דאָס געוועזענע בילד מיט אַ האַק וועט באַפאַלן דיך שפּעטער,
פאַרוואונדן אַזוי, אַז דאָס נייע וועט קיין מאָל נישט היילן.

עס איז דער נייער אם אשכחך, וואָס מישט זיין וויין מיט טרערן און גיט זיין פערז דעם חותם פון דור.

נישט ווי קיין וועקסל פון שטימונגען קומט ביי אים די פאַרשידנקייט פון טאָן, נאָר ווי אַן אָרגאַנישער צונויפפלעכט פון עלעמענטן. „שהחיינו" און „די קאַרש פון דערמאָנונג" (לידער־ציקלען אין בוך) זענען נישט קיין געפילן, וואָס בייטן זיך, נאָר אומטיילבאַר צונויפגעבונדן אין אַלע זיינע ישראל־געזאַנגען.

עס איז שווער צו רעדן וועגן פּערפעקציע ביי אַ דיכטער, וואָס גלייך אין אָנהייב פון זיין שאַפן, איז ער געקומען ווי אַ מייסטער פון וואָרט און קלאַנג. ארץ־ישראל מיט איר לאַנדשאַפט פון נביאימדיקע חזיונות און מקובלימדיקע מיסטעריעס האָט אָבער פאַרשאַרפט זיין דיכטעריש אויג און פאַרשפּיצט זיין פּאָעטיש געהער.

סוצקעווער קומט נישט ווי קיין שפּינער פון מיסטעריעס. פאַרקערט, ער וואָלט וועלן צעפּעדעמען די מיסטעריעס, אויפקניפּן די חידות, ער וויל ביים „וואַרשטאַט פון גאָר דער יצירה" זיך דערגראָבן צו סוד און אים אויפלייזן.

ווי פשוט, קיין וואונדער נישט אויף אַ רפואה,
דערזעסט דעם באַשעפער דורך זאַמדענע גלאָזן.
אין שטעט אינדערלופטיקע ווינט די נבואה
נישט עלטער, נישט יינגער — ווי האָסט זי געלאָזן.

ער וואָלט וועלן „זיך דערבענקען צום נס" פון שאַפן דורך פאַרשטיין די פשוטקייט, די אומניסימדיקייט.

שוין פון פריער ווייסט אונדזער דיכטער, אַז דאָס לעבן ווינקט צו אונדז מיט צייכנס און רמזים. שוין אין ווילנער געטאָ האָט ער געוווּסט צו שעפּן טרייסט פון אַ ווערעמל, וואָס צעשניטן דורכן רידל לעבט עס ווייטער מיט אַלע אירע חלקים, איצט וואָלט ער וועלן געפינען באַשייד פאַר אַלע רמזים, אַריינגיין אין פרדס פון באַשאַף און דאָרט דערגיין די סודות פון „בראשית" און פון „מרכבה".

סוצקעווערס וועג איז נישט זיך צו באַנוצן מיט אָנגענומענע מיטאָלאָגישע סימבאָלן, פאַר אים איז יעדעס וואָרט געלאָדנט מיט פּילבאַדייטיקייט. דאָס דורכזאַפּן דאָס וואָרט מיט סימבאָל און מעטאַפאָריק צוזאַמען מיט זיינע שפּראַכלעכע באַנייאונגען, געבן אים די מעגלעכקייט צו באַרייכערן און ניואַנסירן זיין ליריק און עפענען נייע פּערספּעקטיוון פאַר דער אויסברייטערונג און אָפּפרישונג פון דער יידישער פּאָעזיע. הגם מיר מוזן צוגעבן, אַז אַן איבערגעטריבענע מייסטערשאַפט העמט טייל מאָל דעם פרייען לויף פון זיין אייגענער ליריק, וואָס האָט בטבע נישט ליב אַריינגעפּרעסט צו ווערן אַפילו אין די שלימותדיקסטע פאָרמען פון קאָרסעטן־שטייפקייט.

איך וואָלט באַדאַרפט ציטירן אַ סך לידער פון נייעם בוך. מאַנכע צוליב זייער מוזיקאַלישקייט, אַנדערע צוליב זייער בילדערישער שאַרפקייט (ווי די נגב־לידער), נאָך אַנדערע צוליב דער האַרמאָניע פון וויזיע און געדאַנק (ווי „דער זילבערנער שליסל", „אַ זעאונג"). אָבער דאָס ווערט אוממעגלעך אין די ראַמען פון אַ קורצער קריטישער עסיי.

אין דער אייביק־דויערנדיקער מלחמה צווישן פאָרעם און אינהאַלט האָט דער דיכטער א. סוצקעווער דערגרייכט גרויסע נצחונות, אָנוואָרפנדיק זיין רייכער טעמאַטיק די סאַמע שלימותדיקסטע פאָרעם. „אין פייערוואָגן" איז אַ ווייטערדיקע באַשטעטיקונג, אַז מיר האָבן אין סוצקעווערן איינעם פון די גאָר וויכטיקסטע פאַרשטייער פון דער יידישער פּאָעזיע.

*

צום סוף אַ זייטיקע נאָכטראַכטעניש. איך טראַכט, צי עס איז מעגלעך,

אַז אַ שפּראַך און אַ ליטעראַטור, וואָס געפינען זיך, לויט בייזע נביאותן, אויפן שוועל פון אונטערגאַנג, זאָלן נאָך קענען אַרויסברענגען אַזאַ שלימות־דיקע פּאָעזיע. אַ פּאָעזיע פאַרן פאַרשווינדן וואָלט געמוזט אַרויסווייזן סימנים פון דעגענערירונג. און דאָ זעט מען פאַרקערט: באַנייאונג, באַרייכערונג, אָנשטרענגונג צו געפינען נייע וועגן און נייע מיטלען. איך מוז זיך ד'עריבער צוזאַמען מיטן דיכטער פרעגן: „זאָל איך זיך אַ לעבעדיקן לאָזן איבערזעצן?” (אין ליד „יידיש”).

איך מיין, אַז סוצקעווער איז אַ לעבעדיקע אַפּלייקענונג פון די אַלע בייזע נביאותן.

1952

## „סיביר” — געזאַנג פון דערמאָנונג און שטילקייט

מיר קומען אַריין אין לעבן פון די רייפערע יאָרן מיט די דערפאַרונגען פון אַלע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע וויטקייטן; מיר ברענגען מיט זיך אפילו אַזעלכע איבערלעבענישן, וואָס הגם נישט דערגאַנגענע צום באַוווסטזיין, האָבן זיי זיך שוין אין די פריסטע יאָרן פון אונדזער קינדהייט אַליין פאַרשריבן אין רעגיסטער פון קינדס אומ־ און אונטערבאַוווסטזיין. ווי אין יענעם מיסטישן ספר הזכרונות, וועגן וועלכן עס דערציילט זיך, אַז די האַנט פון יעדן מענטש פאַרצייכנט דאָרט אַליין זיינע מעשים, אַזוי פאַר־רעגיסטרירט דער עמפּינדונג־אַפּאַראַט פון קינד אַלע קוים געאַנטע איבער־לעבענישן און שפּייזט און נערט דערנאָך אַלע שפּעטערדיקע פאַנטאַזיעס און אַקציעס, אַלע נייגונגען און בענקשאַפטן. נאָך מער, די איינדרוקן פון יענער תקופה, ווען, דאַכט זיך, קיין שום אויפנעם־מכשירים זענען נאָך נישט פאַראַן, דווקא זיי ווערן דער וויכטיקסטער השפּעות־רעזערוואַר פאַר דער שעפערישקייט פון אַ גאַנץ לעבן. עס איז דעריבער נאַטירלעך, אַז די קראַפט פון די ערשטע איינדרוקן און דער פאַרנעם פון קינדס פיל־באַרקייט דעצידירן וועגן דער גרויס פון דער שאַפערישער פאַנטאַזיע.

די פריסטע איינדרוקן וואָס האָבן זיך פאַרצייכנט אין באַוווסטזיניקן און

אומבאַוווסטזיניקן ספר־הזכרונות פון קינד אַברהם סוצקעווער און פון דאָרט אים געגערט און געשפּייזט דאָס געמיט און די נשמה פון דיכטער, זענען געווען: די ווייסע אומענדלעכקייט פון די סיבירער שניי־סטעפּעס, דער שימער פון אייזיקן קרישטאָל, די שטילקייט פון די זיידענע שניי־טעפּיכער, דאָס געקלאַנג פון די „צויבער־שליטנס", דער בלייכער טאַטע „ווייס ווי די לבנה" און זיין פידעלע פון וועלכן עס פאַלן „דין, דינע שניי־קלאַנגען".

דאָרט, אין וויטן סיביר, וווּהין די געשעענישן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן פאַרשלעפּט טאַטע און זון, איז געשטאַנען צווישן ווייסע סטעפּעס דער כוטאָר, די ערשט־פאַרגעדענקטע היים פון קינד. און אייביק, אייביק וועט שוין די ווייסבלויע קאַלטקייט „וואַרעמען" דאָס געמיט פון דיכטער, אייביק וועט זי שוין נערן זיין פאַנטאַזיע, שפּייזן זיינע בענקשאַפטן און ווערן אַ קוואַל פון זיין דיכטערישער שעפערישקייט.

דער קוואַל פאַר אים און דער שליסל פאַר אונדז. „סיביר" אַנט־פּלעקט אונדז דעם סוד פון זיינע דערמאָנונגען, דעם מקור פון זיינע זעאונגען, פון זיין מעטאַפאָריק און פון די קאָסמיש־סימבאָלישע עלעמענטן אין זיין פּאָעזיע.

עס איז אַזוי געשען, אַז דאָס ערשטע פּאָעטישע ווערק פון א. סוצקעווער איז געוואָרן דאָס לעצטע אין דער ריי פון זיינע שאַפונגען ביז איצט. די פּאָעמע „סיביר" האָט א. סוצקעווער אָנגעשריבן אין יאָר 1936. זי איז אָבער ערשט איצט דערשינען אין ישראל, און הגם, ווי איך שטעל מיר פאָר, האָט זיך דער דיכטער צו איר נאָך אומגעקערט מער ווי איין מאָל, פאַר, בעת און נאָך דער מלחמה, זי געשליפן און געהובלט, איז דאָך דער קערן געבליבן דער זעלבער. אַ קערן נישט בלויז פון דער פּאָעמע, נאָר פון זיין גאַנצן שאַפן. דאָס, וואָס מיר האָבן פריער בלויז געאַנט, באַשטעטיקט זיך איצט און ווערט אויפגעקלערט.

פאַר מיר פּערזענלעך איז שוין פריער געווען קלאָר, אַז איינער פון די תּוכיקסטע עלעמענטן אין סוצקעווערס דיכטונג, איז דאָס, וואָס איך וואָלט אָנגערופן זיין קאָסמישע באַשטרעבונג ארויסצוברענגען די לעכצונג צום רעטעניש פון אַל־באַשאַף. דער אייביק פויסטישער דראַנג צו דערגיין צו דעם

וואָס ביי געטען הייסט עס „וואָס די וועלט איז אינערלעכסטן צוזאַמענ־האַלט". פאַר סוצקעווערן איז עס נישט קיין מעטאַפיזישער פּראָבלעם, נאָר אַ לעכצונג, זיך פּאָעטיש אַריינצופילן אין סוד פון אוניווערס. איצט ווייסן מיר, אַז שוין דעמאָלט, ווען ער האָט מיטן ציטער פון אַ קינד געפרעגט: „זאָג, ווו ענדיקט זיך די וועלט, אָ טאַטע?" און לויפנדיק באַרג־אַרויף האָט ער געבעטן, אַז עס זאָל „די בענקעניש נישט זיין אומזיסט", שוין דעמאָלט האָט געוועקט און געמאָנט אַ בענקשאַפט צו די ווייטע אומבאַקאַנטקייטן, וואָס זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן צו אַ צענטראַלן עלעמענט אין זיין שאַפן.

מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז „סיביר" איז פאַרן דיכטער געוואָרן דער קוואַל פון שאַפן, פאַר אונדז — דער שליסל. עס גייט אָבער נישט אַריין אין די ראַמען פון אונדזער אַרבעט, צו עפענען מיט דער הילף פון אַ שליסל סוצקעווערס פּאָעזיע־אוצר און נאָכצוגיין די שריט פון זיינע שאַפונגען. די אויפגאַבע, וואָס מיר האָבן זיך דאָ געשטעלט, איז אָנצוווייזן אויף דער וויכטיקייט פון דער פּאָעמע אַליין, דאָך ווילן מיר פריער אַרויסציען עטלעכע קורצע אויספירן:

מיר ווייסן איצט פאַר וואָס דער שניי פון חרמון („דער שניי אויפן חרמון" אין בוך „אין פייערוואָגן") „אַנטפּלעקט מיר אַ באַשנייטע אוונטיקע כאַטע, ווען באַגאַרטלט מיט אַ זעג עס קומט אַריין מיין טאַטע" מיר ווייסן פאַר וואָס „אַנעם שניי וועט קאַלט זיין אין דער פלאַמיקער מדינה" (אין זעלבן ליד). אַזאַ בילד ווי „אין איין אויג — אַ וואָלף, אינעם צווייטן — דיין מאַמע", (אין ליד „ביסט געקומען אַ נאַקעטער" פונעם זעלבן בוך), הגם שוין פריער לאָגיש באַרעכטיקט דורכן אינהאַלט, ווערט איצט אויך פּסיכאָלאָגיש פאַרשטענדלעך. מיר באַנעמען איצט, אַז דאָס אויג צו זען די בילדער פון חורבן און די זעאונג פון נגב, איז שוין פריער געשאַרפט געוואָרן אין די לויטערקייטן פון סיביר. אַזוי וואָלטן מיר ווייטער געקענט גיין, און מיטן ליכט פון סיביר געקענט אויפקלערן אַ סך לפנימדיקע אומקלאָרקייטן.

„סיביר" האָט — נעבן אַלע אייגנשאַפטן פון סוצקעווערס פּאָעזיע: גע־צוימטער ליריזם, וויזיאָנעריש־שילדערישע קראַפט, מעטאַפאָרישע אָנגע־לאָדנקייט פון וואָרט — נאָך די ספּעציפישע שטילקייט פון בראשיתדיקע וועלטן, די לויטערקייט פון די ווייסע אומענדלעכקייטן, ווי דער דיכטער

וואָלט פאַר זיך געשאַפן און געשעפט אַליין דאָס מימיקרי־געזעץ וואָס הערשט אין דער נאַטור און מאַכט, אַז אַלע באַשעפענישן זאָל אָננעמען פאַר זייער שוץ־וועגן די פאַרבן פון אַרום.

עס איז אָבער געשען מיט דער פּאָעמע דאָס, וואָס איז בכלל געשען מיט סוצקעווערס שאַפן. דער דיכטער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דער זינגער פון „וואַלדיקס”, פון נאַטור און גרינקייט, האָט געמוזט ווערן דער דיכטער פון באַלאַגערטער „פעסטונג פון חורבן און אומקום”. אויך די פּאָעמע, וואָס האָט באַדאַרפט צו זיין בלויז לויטערקייט און שטילקייט, בלויז שניי, קרישטאָל, קלאַנג פון צויבער־שליטנס און טאַטנס פידעלע, איז געוואָרן די דערמאָנונג פון טאַטנס אָרון, פון האַרץ וואָס האָט געפּלאַצט ווי די סטרונעס פון פידעלע. האָבן זיך אַריינגעגליטשט עלעגישע טענער אין דער שטילקייט, אָבער אויך אַזוי שטיל, אַז זיי האָבן נישט געוואַגט צו שטערן די רו פון די סטעפּעס.

טאַטע, נאָכן שליטן מיט דיין אָרון
נאָכגעלאָפן בין איך דיר, כדי
אָנצוזאָגן ערגעץ דיין זכרון
מיט אַ טויב אין בוזעם וויס ווי שניי.

סוצקעווערס כּוח מיטן גרעסטן צימצום פון וואָרט צו דערגרייכן דעם שטאַרקסטן אויסדרוק פון שילדערישער קראַפט, דערגרייכט אין דער דאָזיקער פּאָעמע אַ הויך וואָס איז זעלטן אין דער יידישער פּאָעזיע בכלל.

פון דער גרויסער מאָזאַיק פון בילדער וועל איך בלויז אַרויסכאַפּן עטלעכע מוסטערן: „טאַטע הערט ניט, שטערן פאַלן גרינע, טאַטע זעט ניט, אַז פון העלער הויט ווער איך פון אַ ייִנגל — אַ לאַווינע, וועמען ליכט און ווונדער האָט געבויט”. אָדער אַזאַ שילדערונג: „ווי אַ שליטן אין פאַר־בענקטן קלינגען גלעקלט דאָ מיין לעבן דין און לאַנג דורכן אָוונט־סטעפּ, וואָס אין זיין שפּיגל, צוגעטוליעט מיט דער נאָז אַראָפּ, לויערט די לבנה און צוויי פליגל שלאָגן אָפּ”. אָדער אַזאַ מין בילד: „און עס בלייבן שטיין אין שניי די שניטן (פון שליטן — ל. ד.) דעמאָלט וועקט מיך אויף דעם

טאַטנס קול. זע איך: די לבנה איז אין שליטן, מיטגעפֿאָרן צו מיין היים אין טאָל״.

אָט איז אַ שילדערונג פֿון אַ טאַנץ פֿון קירגיזן אַרום אַ פֿלאַם: „אַ געדריי, אַ פּויק, אַ הייסער ניגון, ביז אין פֿונקען־ריטעם פֿון קאָנצערט — נעמט די געגנט גלאָקיק זיך צעוויגן. פֿאַלן לעצטע שטערן אין די בערד. נעמען שיכור צוטאַנצן קירגיזן אין אַ קייט ביים פֿלאַקערדיקן טיש, און מיט כוואַליעס, לויפֿנדיקע שפּיזן, קיצלט האָריזאָנטן דער אירטיש״.

נישט קיין תפיסות, נישט קיין קלאַנג פֿון קייטן, קיין פּיין און יסורים האָט דאָס קינד סוצקעווער מיט זיך מיטגעבערענגט פֿון סיביר, נישט קיין לייוויקישע שפּעט־דערפֿאַרונגען, נאָר אַ לויטערן קינדערישן חלום פֿון אַ ווינטער־נאַכט, אַ סימפֿאָניע פֿון שניי, גלעקל־קלאַנג און קירגיזן־טענץ.

*

די האַרמאָניע פֿון סוצקעווערס טעקסט מיט די ווונדערלעכע אילוסטראַציעס פֿון שאַגאַלן איז אַן איבעררעאַשנדיקע. עס ווערט אָפּטמאָל שווער פֿעסטצושטעלן צי זענען די צייכענונגען, אילוסטראַציעס צום טעקסט, אָדער איז דער טעקסט געשריבן ווי אַ פּירוש אויף די צייכענונגען, הגם מיר ווייסן אַז סוצקעווערס טעקסט איז מיט אַ סך יאָרן עלטער פֿון די אילוסטראַציעס. עס איז דאָ אַן אויסטערלישע ענלעכקייט אין די מיטלען פֿון סוצקעווערס אויסדרוק אין וואָרט און שאַגאַלס אויסדרוק אין בילד.

1953

## אין מדבר סיני

עס האָט אַ העברעישער שמירער (אַזעלכע זענען אויך אין ישׂראל פֿאַראַן), וועמענס נאָמען און באַדייטונג אין דער ליטעראַטור זענען אַזוי גרויס ווי זיין חכמה, זיך דערלויבט אַ מיאוס וואָרט: מיט יידיש איז מען געגאַנגען קיין טרעבלינקע, מיט העברעיש גייט מען צו מבצע „קדש״.

ווען עס זאָל אַזוי זיין, וואָלט עס אויך נישט געווען די חרפּה פון יידיש און נישט פון יידיש־רעדנדיקע יידן, נאָר די שאַנד פון די גויים און... פון די וואָס וואָגן אַזעלכע ווערטער צו ברענגען איבער די ליפּן.

אָבער אַזוי איז עס נישט געווען. מען איז מיט יידיש נישט בלויז געגאַנגען אין די גאַז־קאַמערן, נאָר אויך צו די ווונדערלעכסטע גבורות און אויך צו מתן־גבורה (לויט סוצקעווערס שטאַרקן אויסדרוק)ביים סיני. און באַגלייט דעם מאַרש פון מתן־גבורה מיט אַ יידישן „אז ישיר" האָט דער דיכטער א. סוצקעווער מיט זיין העלדן־געזאַנג „אין מדבר סיני".

עס האָט דער דיכטער פון „געהיימשטאָט", פון „יידישע גאַס", פון „אין פייערוואָגן", דער דיכטער פון די נאָך מיט 10 יאָר צוריק געזונגענע פּרעכטיקע שורות:

ווען כ'וואָלט ניט ברענען מיטן לאַנד,
ווולקאַניש לאַנד אין חבלי־לידה;
ווען כ'וואָלט אַצינד, נאָך מיין עקדה,
ניט מיטגעבוירן מיטן לאַנד,
ווו יעדער שטיינדל איז מיין זיידע —
געזעטיקט וואָלט מיך ניט דאָס ברויט,
דאָס וואַסער ניט געשטילט מיין גומען.

עס האָט דער דיכטער פון די שורות שוין לאַנג געוווּסט, אַז: „דו האָסט אין וואַרשע פּאַרטיידיקט דעם קאַסטעל, אַז דו האָסט אין טויטן־מדינה געפורעמט די לעבעדיק־היימישע יונגע מדינה" (דאָרט, זייט 11).

און ווייל ער האָט דאָס געפילט און דערמיט אויסגעפילט זיין דיכטע־רישן באַוווּסטזיין, האָט ער איצט אין זיין סיני־געזאַנג געקענט טרינקען „די שטאַרקע איביקייט" און מיט באַגייסטערונג פרעגן:

אָ, גאָט, מיין גאָט, מיט וואָס בין איך דאָס זוכה,
אַז איך, ביז האַלדז פאַרקנאָטענער אין גושן,
זאָל קומען צו דעם אָפּקלאַנג פון אָנוכי,
זאָל קומען ווו די פליגל דיינע רוישן?

*

ווען איך האָב קוים מיט געציילטע טעג צוריק זיך געפונען אויף די וועגן באר־שבע—סדום, האָב איך אַ דערדריקטער און פאַרשטיינערטער פון דער גיגאַנטישער און אומברחמנותדיקער שיינקייט פון די רויטע, רחבותדיקע זאַמדן, געטאָן תפילה — איך ווייס אַליין נישט צו וועמען — אַז פאַרמענטשלעכט זאָל ווערן די דאָזיקע ווילדקייט, אַז דאָס נוצלעכע און שיינע זאָל קענען באַהאַפטן ווערן דורך ווייניקער בלוט, ווייניקער טרערן און ווייניקער שווייס.

דער דיכטער א. סוצקעווער האָט, מיין איך, געהאַט די זעלבע מחשבות, ווען ער האָט אין איין שאַרפער און קורצער שורה געזאָגט:

און זאָלן רויטע זאַמדן ווערן גרינע!

און ליב איז מיר געווען די גאַנצע תפילה, וואָס קומט מיט עטלעכע שורות פריער אין דער פּאָעמע:

זאָל רו און שלום קומען שוין געשווינדער.
פון באַרג אין סיני — בלאָז אַוועק די שנאה.
פאַרשנייד אויף ס׳ניי אַ בונד מיט דיינע קינדער,
און זאָלן רויטע זאַמדן ווערן גרינע.

און אַ באַרואיקטער און מיטגעריסענער האָב איך שוין געגלייבט אין דער פאַרזיכערונג מיט וועלכער עס ענדיקט זיך דער פּרעכטיקער סיני־געזאַנג, אַז

ווער עס האָט געזען די נאַכט אין סיני,
געדענקען וועט דער סיני אויך זיין נאָמען.
און ווער עס האָט געזען די פּראַכט אין סיני,
וועט קענען טויזנט יאָר דערציילן. אָמן.

*

א. סוצקעווער געהערט צו די דיכטער, וואָס באַקומען זייער השראה דורך זעאונגען. און נישטאָ קיין פּאָעטישע אינספּיראַציע, וואָס זאָל זיין

אינדיווידועלער ווי די, וואָס קומט צוזאַמען מיטן בילד. זיינע זעאונגען הילט און וויקלט סוקקעווער אין נאָר אים אייגענע געוואַנדן פון שפּראַך, פון משל, פון פּאַראַדאָקס, פון פאַרגלייכן, ווי ער וואָלט וועלן, אַז זייער חלומדיקייט זאָל דורך דער מאַטעריע פון וואָרט נישט פּראָפאַנירט ווערן, און אַזוי ווי ער אַליין ווענדט זיך אין זיין ליד צום שטערן־זעער מיט די ווערטער:

> שטערן־זעער, פריינד מיין גרויסער,
> נאַ אַ חלום, זיי אים פּותר.

אַזוי ווענדט ער זיך אויך צו אונדז, זיינע לייענער, אַז מיר זאָלן פּותר זיין די דורך אים געאַנטע און פּאָעטיש אָפּגעפּילטע זעאונגען.

און איך פאָלג אים: איך טו די אַרבעט פון אָפּשיילן און אָפּוויקלען זיינע וויזיעס פון זייערע רעטעניש־געוואַנדן, און ווי צוציענדיק עס זאָלן פאַר מיר נישט זיין די ספּעציפיש־סוקקעווערישע וואָרט־איינפאַלן און זיינע שימערירנדיקע אינטעלעקטואַליזמען, ווענד איך זיך ליבערשט צום עלע־מענט, וואָס איך האַלט פאַר אַן עיקר אין פּאָעזיע — צום געפילס־עלעמענט.

און איר קענט דעם תוכיקן עלעמענט פון געפיל שטענדיק געפינען אין סוקקעווערס לידער, הגם עס טרעפט, אַז די אויסגעמייסטערטקייט און געטאָקטקייט צוזאַמען מיט אַ קאָקעטעריע פון שפּראַך זענען גובר דעם לירישן עלעמענט.

אַנטקעגן אין בוך „אין מדבר סיני", באַפרייט מיך כמעט דער דיכטער פון דער אַרבעט פון צעלייגן די עלעמענטן, פון צענעמען די באַשטאַנד־טיילן און איך בין — מוז איך זיך מודה זיין — שטאַרק צופרידן פון דעם.

דער געפילס־עלעמענט, דער לירישער באַשטאַנדטייל פון דעם רוב פון די לידער, וואָס קומען אַריין אין דער זייער קוואַליטאַטיווער פּאָעזיע פון בוך „אין מדבר סיני" — איז דאָ זייער דאָמינירנדיק. זאָל איך זיי אויס־רעכענען? איך וואָלט דעמאָלט געמוזט דערמאָנען די טיטלען פון כמעט אַלע לידער.

אַזעלכע לידער ווי „פּאַטאַ מאָרגאַנאַ", „ירושלים", „יעקבס לייטער", „פאַרגאַנגענהייט אין צפת", כישופן פּשוט מיט זייער רייך־פּאָעטישער

שיינקייט. מיט די פּרעכטיקע שורות פון „עלזאַ לאַסקער שילער" האָב איך זיך נישט געקענט זאָט אַנלייענען.

עס האָט געהאָט אַ גרויסע זכיה א. סוצקעווער און מיר זענען געווען די גרעסטע געניסער פון זיין דאָזיקער זכיה.

איך מיין די זכיה פון זיין גורלדיקער אומעטומיקייט. צו זיין אין די קינדער־יאָרן אין די שניי־שטילקייטן פון קאַלט־גליווערדיקן סיביר; צו זיין אַנוועזנדיק אין די „ווולקאַנישע חבלי־לידה"־מינוטן אין סובטראָפּיקאַלן ישראל; צו פיניקן זיך אין די בונקערס פון ירושלים דליטא און מיט־פרייען זיך מיטן בוי פון נייעם ירושלים.

מיין טאַטע איז אַ קריע אויף די טייכן פון סיביר,
מיין מאַמע איז אַ שיטערהויפן לעבן דער וויליע,

זינגט ער אין איינעם פון זיינע לידער.

די דאָזיקע טאָפּלטקייט אין פּיין און טאָפּלטקייט פון גאולה, די פאַטאַ־מאָרגאַנאַס פון זאַמד־מדבר און די אומענדלעכקייט פון שניי־מדבר האָבן זיך אַליין אַריינגעקנאָטן אין זיין פּאָעטישן דמיון און פון אַלע דאָזיקע וויזיעס האָט ער גענערט זיין נשמה.

עס בלייבט אונדז בלויז צו ווינטשן, אַז דער דאָזיקער פּאָעט זאָל תמיד בלייבן ביי די ריינע קוואַלן פון די ערשטע זעאונגען.

ווייל דער וואָס ענטפערט „הנני" אויפן רוף פון זיין נאָמען אין מדבר, מוז תמיד זיין גרייט אויפסניי גערופן צו ווערן.

# אריה שמרי — פּאָעט־חלוץ

זיין פּאָעטישער נאָמען איז אריה שמרי, ער איז אַ וותיק פון קיבוץ עין שמר; פון זיינע יינגסטע יאָרן אָן איז ער פאָרמירט דורך השומר הצעיר; פון וועלכער זייט איר נעמט אים, איז דער עלעמענט פון שמירה אין אים פאַראַן.

עס היט און עס וואַכט אַט־אָ דער דאָזיקער חלוץ־דיכטער, מיט דער שאַרף־שטריכיקער פּראָלעטאַרישער אויסערלעכקייט און מיט אַן איידע־לער פּאָעטישער אינערלעכקייט, איבער יעדן שפּאַן ערד, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל בלוט און שווייס אַרויסגעריסן פון עקרהשאַפט אין לאַנד פון חמימה און חמסין, און עס היט און וואַכט אַט־אָ דער פּאָעט־פּיאָנער איבער יעדן שפּאַן באָדן, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פון טאַטן דעם שוחטס שטוב און פון בית־מדרש, פון חסידישן רבין פון זיין שטעטל.

אַ געבענטשטן סינטעז האָב איך אויסגעפונען ביי אַט דעם שומר הצעיר: פון יידיש און העברעיש, פון אַרבעט און פּאָעזיע, פון מאָראַל און סאָציאַל, פון אַלט־יידישקייט און באַנייאונג.

אין מיין פאָרשטעלונג האָבן השומר הצעירניקעס געגאָלטן ווי חסידישע יונגעלייט, וואָס איבערדרייענדיק די קאַפּאָטע, זענען זיי געקומען צום אויספיר, אַז מען מוז מקיים זיין די מצווה פון קאָמוניזם עם כל פּרטיה ודקדוקיה וכוונותיה התלויים בה, ווי, למשל, מצות קלאַסן־קאַמף און אַנדערע פּרטים. אָבער אַזוי ווי עס איז שווער מקיים צו זיין די מצוה אין גלות, אין פרעמדע לענדער, איז מען מחויב צו גיין קיין ארץ־ישראל אויף אייגענעם באָדן און דאָרט זי מקיים זיין מיט גרויס כוונה.

און מען איז טאַקע דאָרט אַהין געגאַנגען און מען האָט געפּראַוועט קלאַסן־קאַמף און אַנדערע דקדוקים און פּרטים מיט דער כוונה זוכה צו זיין צו גלוי קאָמוניזם במהרה בימינו אויף אייגענער ערד.

און איך האָב שטענדיק מורא געהאַט, ממש געציטערט, אַז די דאָזיקע

מענטשן וועלן אין זייער גרויסער נאַאיוויטעט און קנאַישער אמונה אַמאָל עפּענען די טירן און טויערן פון זייער לאַנד, וואָס זיי האָבן מיט אַזוי פיל האַרעוואַניע געבויט, כדי צו מאַכן פון אים אַ פאָלקס־דעמאָקראַטישן גן־עדן.

און אפשר וואָלט טאַקע דערצו געקומען, ווען ניט די פּריצייטיקע פאַרברעכנס און שטותים פון די, אין וועלכע זיי האָבן געגלייבט. דאָס האָט פאַרט געהאַט די ווירקונג אָפּצוּווענדן פון פאַר׳עשו׳טן מאַרקסיזם אָט די הערצער פון די בויער.

כ׳האָב אַזוי געטראַכט מיט רעכט אָדער אומרעכט, אָבער אריה שמרי איז פאַר מיר געווען אַן אַנטפּלעקונג. אויב אַ סך פון זיי טראַכטן און פילן אַזוי ווי ער, איז ירבו כמותם בישראל.

ער איז טיף פאַרוואָרצלט אין ביידע באָדנס פון ישראל: אין חלוציש־ערדישן דורך זיינע אויסגעפּראַצעוועטע הענט און אין שבת־יום־טובדיקן באָדן פון זיינע אָבות, די חסידים און פאָלקס־מענטשן.

און ניט בלויז זינט איצט איז עס אַזוי. אָט ליגט פאַר מיר די פּאָעמע „למד וואָוו לידער וועגן לייזער ציפּערס״, געשריבן מיט אַ סך יאָרן צוריק (דאָס ערשטע פּאָעטישע ווערק פון אריה שמרי, איבערגעזעצט אויף העברעאיש פון אברהם שלאָנסקי); און שוין דאָרט זעט זיך דער באַגער ניט צו מאַכן קיין ריס, נאָר אַ פאַרבינדונג.

עס איז אַ געזאַנג איבער לייזער ציפּערס, דעם יינגסטן פון די למד וואָוו, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון די אָרעמס פון די איבעריקע 35 חברים. ער גלייבט מער ניט, אַז מיט תפילות און סיגופים וועט מען מקרב זיין די גאולה. ער, לייזער ציפּערס, נעמט די שיף, דורך פּיין פון אַרבעט, פּיין פון הונגער און פון טריקעניש וויל ער אויסלייזן די ירושה.

„יאָ, ירושה און ניט ריס, דער טאָג פרילינג אַזוי. אָבער ווי אַזוי אָפּרייסן זיך פון ווינטער? דער זיידע שטייט נאָך אַ געבויגענער, דער טאַטע — אַ פאַרטרערטער און ביידנס אָרעמס האַלדזן נאָך, ביידנס צע־קנייטשטע פּנימער ווײַנען נאָך און ביידנס לעפצן מורמלען נאָך: אַ, ניט פאַרגעס, ניט פאַרגעס״ (פריי איבערגעזעצט פון העברעיש דורך מיר).

ניין, נישט איבעררייסן, נישט פאַרגעסן. און טאַקע איצט, נאָך אַזוי פיל ישראל־לידער, נאָך אַזוי פיל געזאַנג איבער ערד, איבער זון און וואַסער, איז ער צוריקגעקומען צום מקור, צום ערשטן באָדן, איבערגעבערענגטן, איבערגעפלאַנצטן פון טאַטנס שטוב.

איך האָב דעם דיכטער שמרי געזען צום ערשטן מאָל מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק אין ישראל. מיר האָבן זיך דעמאָלט געטראָפן און זיך צונויפ־געשוויגן, ווי אַ הקדמה צו שפּעטערע צונויפטרעפן.

פונאַנדערגערעדט האָבן מיר זיך ערשט איצט, אין פראַנקרייך, און ווי שוין אויבן דערמאָנט, איז ער פאַר מיר אַן אַנטפּלעקונג.

ער האָט מיר פאָרגעלייענט פראַגמענטן פון אַ נייער גרויסע פּאָעמע (מאַטעריאַל אויף אַ גאַנצן בוך) „פונקען פון תיקון". איך האָב פאַר מיר געזען אַ מענטש אַ טיף־פאַרוואָרצלטן אין שטאַם, אין חסידות, אין קבלה, געזאַנגען וועגן חוזה פון לובלין און פון ייד הקדוש, וועגן זייער מיסטעריע־זער פּטירה אין איין וואָך (איין שבת נאָכן צווייטן), וועגן וועלכע די חסידישע מסורה איז פול געוועזן מיט סוד און שושקעריי. לויט אָט דער מסורה, זענען די ביידע צדיקים גערופן געוואָרן צום משפּט צוליב דער שולד פון דחיקת הקץ.

אָבער איך וויל צוגעבן, אַז שרייבן לידער האָט אריה שמרי אָנגעהויבן ערשט אין ישראל, מיט דער שוין דערמאָנטער פּאָעמע „למד וואָו לידער וועגן לייזער ציפּרעס". אַ טייל פון איר איז געוועזן פאַרעפנטלעכט אין דער פערטער „זאַמלונג" פון לייוויק און אָפּאַטאָשו. אָבער אין גאַנצן איז זי בלויז דערשינען אין העברעיש אין שלאָנסקיס איבערזעצונג. אין ישראל האָט ער פאַרעפנטלעכט דריי ביכער לידער: „אין טויער פון טעג", אין יאָר 1947; „אין וואָכיקן ליכט" — 1953 און אין יאָר 1957 — „אַ שטערן אין פעלד".

אין אָט די אַלע שאַפונגען באַווייזט ער זיינע צוויי טריישאַפטן: טריי־שאַפט צום לאַנד:

און ס'איז אונדז גוט באַנאַנד
מיט פעלדער גלוסטיק העלן.
און אונדזערס איז דאָס לאַנד, —
אירע צעזונגענע געזעלן.

### וווערטער און ווערטן

טריישאַפּט צו יידיש:

דאָ, אָט דאָ, אויף ביימער־קרוינען,
מיט ניי־צעבליטן אַראָמאַט —
ווערטער יידיש, מאַמע־חנען,
מיט אות צעשיינט אויף יעדן בלאַט.

זיין פּאָעטישע אייגנאַרטיקייט באַשטייט אין אָנגעפּילט זיין מיט באַוווּנדערונג און התפּעלות פאַרן באַשאַף, פאַר אירע סודות און רעטענישן, פון וועלכן מיר אַליין בילדן אַ חלק. און ער איז דאַנקבאַר דער ערד, אויף וועלכער דאָס האַרץ פון דער נאַטור האָט זיך פאַר אים געעפנט.

ווי אַן עכטער פּאָעט האָט שמרי נישט נייטיק קיין געקינצלטע געלעגנהייטן אַריינגעפּירט צו ווערן אין שטימונג, נייערט ער איז כולו שטימונג און געמיט. מענטשן און זאַכן אינספּירירן אים נישט פון דרויסן, נאָר ער איז מיט זיי דורכגעדרונגען; ער איז אין אַ שטענדיקן אינערלעכן קאָנטאַקט מיט דער סביבה, פון וועלכער ער נעמט השראה אַזוי אומבאַמערקט, ווי אומבאַמערקט מיר אָטעמען אַריין לופט.

א. שמרי אַנטלויפט נישט אין פאַרפרומטער דביקות צו אַן אויסגעבענקטן פּאָעטישן שבת, ער קען פון יעדן מאָמענט פון די ששת ימי המעשה אַרויסזינגען זיין חלק יומטובדיקייט. ער גיט דער וואָכנדיקייט, דעם שווייס אפילו און דעם צער געוווּג פערספּעקטיוו צו קענען אַרויסכישופן זייער סודיקע באַטייליקונג אין באַשאַף.

נאָך ביסטו, וועלט, נאָך און נאָך
צו שטוינען און צו הערן
זיבן טעג — דיין שיינע וואָך
מיט זיבן מאָרגנשטערן.
כ׳האָב נישט קיין מאָל אויסגעדרייט
צו דיר אַ בייזן נאַקן,
אויך ווען כ׳האָב אין קריעה־קלייד
— מיט קברים־גראָז געפלאַקערט

האָב איך געוווסט, טוי אין דיר
מיט לויטערסטע גערינען,
נאָך ביסטו, וועלט, אַן אַ שיעור
מיט ווונדער פון באַגינען.

ער באַווייזט אין זיין פּאָעטישן זכרון ווי אין פייער צו לייטערן די קליינלעכקייטן און קליניקייטן פון טאָג און זיי געבן זייער פּלאַץ אין זיין דיכטונג און זייער סימבאָלישן באַדייט. קען מען דען נישט אין אַ פּאַראיינ־זאַמטן מושל ביים ים אַריינפּאַלן און אַריינטראַכטן די גאַנצע וועלט? און קען מען דען נישט אין אַ קאַמעלעאָן־ווערעמל, וואָס בייט פון פּחד זיינע פאַרבן, דערבליקן דעם סוד פון לעבן, פון צופּאַסונג, פון ווידערשטאַנד און דעם ווונדער פון וועלטס פילקאָליריקייט אין דער איינפאַרביקייט? און אין די צאַפּלעניש פון ניי־געבוירענעם קינד דערהערט דען נישט דער אמתער דיכטער אַ בת־קול פון די תהומות, אַן אָנזאָג זיך „אָקעגנצושטעלן האָגל און ווינט״?

מען איז פול מיט געזאַנג, ווייל מען איז פול מיט ווונדער און באַוווּנ־דערונג פאַרן געטלעכן סוד; און ווייל מען איז אין אים אַליין אַ טייל און אַ באַטייליקטער.

אַ באַטייליקטער איז שמרי אין געזאַנג, וואָס גייט אויף פון דער ערד פון זיין פאָטערלאַנד ישראל דורך אַלע זיינע פיזישע און פּאָעטישע רמ״ח אברים. ישראל איז גאָטס קוזשניע, ווו דער מענטש האָט זיך ווידער געשטעלט ביים אורקוואַל פון שאַפן, ביים מקור פון צער און פון פּחד, וואָס נאָר אין פאַרבינדונג וועלן זיי שאַפן אָאַזיסן אין דער מדבר. „יעדער שפּאַן — אַן אָאַזיס״.

ווער וועט אויפשטיין דעם ווייטיק צעשרייען? —
אין זעקס טעג פון באַשאַפן —
ווי האָט פאַרגעסן דיין האַנט
דאָס דאָזיקע לאַנד?!
די אייביקייט שלאָפט,
און אַרום גלאָצן בערג.

לאָמיר זאָגן צו גאָט,
ס'איז ניט פּאַרטיק זיין ווערק
און מאָנען מיט עזות
נישט קיין טרייסט אין מיראַזשן
ביז יעדער שפּאַן — אַן אָאַזיס.

אריה שמרי איז אַ היינטצייטיקער פּאָעט. ער איז עס אין תוך ווי אין דער פֿאָרעם. ער איז עס אין פֿאַרוויקלטן פּראָצעס פֿון אַרויסברענגען הרגשה און מחשבה און ער איז עס אין צוקלייב פֿון ווערטער און אין געבן די ווערטער זיין פּאָעטישן פּירוש, זייער אינדיווידועל פּאָעטישן טייטש.

א. שמרי האָט זיין פּשטות, וואָס איז אָבער זייער ווייט פֿון פּרימיטיוו־קייט. אַלע זיינע געזאַנגען זענען דין־ליריש און געדאַנקלעך ראַפֿינירט. מחשבה און הרגשה זענען אין זיינע לידער באַהאָפֿטן, ווי באַהאָפֿטן עס איז דער גייסט פֿון מענטש מיטן גייסט פֿון קאָסמאָס.

*

צוויי גרויסע ליבשאַפֿטן פֿאַרמאָגט דער דאָזיקער דיכטער. ליבשאַפֿט צום לאַנד און ליבשאַפֿט צו יידיש. דורך אים גייט דורך זייער באַהעפֿטונג און מיט דער ערנסטקייט און פֿולקייט פֿון זיין וואָרט גופֿא איז ער דער לעבעדיקער באַווייז, אַז יידיש האָט זיך אויסגעראַנגלט אירע רעכט אויסצודריקן איר ליבשאַפֿט צום לאַנד, און אַז דאָס לאַנד באַקומט די חשיבות דורך דער דאָזיקער אויסגעדריקטער ליבשאַפֿט.

מידע טריט, דער אָוונט פּאַקלט,
און זוכסט ווי שמשון דיינע האָר,
מידע טריט. נאָר ניט סך־הכל,
דו ווייסט, אַז יאָרן אין דיין יאָר;
איבער שעהען און באַשערן
בייזערט ווילן מיט שטאָל געשטאַלט,
און שדי שיינט נאָך אויפֿן שטערן
מיט רוס פֿון אבות — אַש און גאָלד.

**ל. דאָמאַנקעוויטש**

דאָ, אָט דאָ, אויף ביימער־קרוינען,
מיט ניי־צעבליטן אַראָמאַט —
ווערטער יידיש, מאַמע־חנען,
מיט אות צעשיינט אויף יעדן בלאַט.
כתב פון אַש און גאָלד און צונטער,
און אונדזער אומעט זינגט און טוט,
שפּאַרט די בליאונג בונטער, בונטער
און זע, ווי שמשון — זיילן מוט.

*

**עס וואָלט זיך וועלן ציטירן נאָך אַ ריי לידער צוליב זייער שיינקייט און פּאָעטישער רייכקייט, ווי „אין אַזאַ פאַרנאַכט וועל איך נישט שטאַרבן". אָדער אַזאַ שלימותדיק ליד ווי „פון ספר בוים", „צער", אָבער ווי זאָגן די בעלי־מליצה: קצר המצע מהשתרע. דער פּלאַץ איז צו ענג אויף זיך אויסצושפּרייטן. שיק איך אָפּ די לייענער צום בוך אַליין.**

**1958**

## אלחנן וואָגלערס פּאָעטישע וויזיע פון דער וועלט

אין יאָר 1939, האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט אונדז אַזוי טייער געקאָסט, האָט דער דיכטער אלחנן וואָגלער, דעמאָלט איינער פון דער דיכטער־גרופּע „יונג־ווילנע״, פאַרעפנטלעכט אַ בוך לידער, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „צוויי בעריאָזעס אויפן טראַקט״; נאָך דעם בלוט־מבול, נאָך די וואַנדער־יאָרן איבער רוסלאַנד, נאָך אַזויפיל חורבן און אויסגעוואָרצלטקייט, האָט דער זעלביקער דיכטער, שוין ווי אַ פּליט אין פּאַריז, פאַרעפנטלעכט אַ ניי בוך לידער: „פרילינג אויפן טראַקט״. בכן, דער אויסדרוק „טראַקט״ אין די טיטלען פוןביידע ביכער.

לאָמיר איצט די צוויי טיטלען פון די צוויי ביכער, צווישן וועלכע ס׳איז געלעגן אַ תקופה פון בלוט און חורבן, לאָמיר, זאָג איך, די צוויי טיטלען אָוועקשטעלן ווי צוויי פּונקטן, צווישן זיי דורכפירן אַ ליניע, קעגנאיבער דער ליניע אַוועקשטעלן דעם נאָמען—פּסעוודאָנים פון דיכטער, ווי אַ דריטן פּונקט. פון דאָזיקן דריטן פּונקט אַרויסציען צוויי ליניעס צו באַהעפטן די פריערדיקע ליניע, און מיר וועלן באַקומען אַ דריי־קאַנט — וואָגלער אויף די טראַקטן.

נישט קיין חשק צו צייכענען פלוצעם געאָמעטרישע פיגורן האָט מיך באַוואויגן אויסצובויען דאָ פאַר אייך אַ דריי־ווינקל, נאָר די נויטיקייט צו געבן דאָס סימבאָלישע בילד פון וואָגלערס שאַפונג.

די טראַקטן, פאַר וועלכע וואָגלער געפינט אַזוי פיל סינאָנימען פון צערטלעכקייט, טראַקטן, שליאַכן, וועגן, שטעזשקעס, זענען, ווי ער אַליין דריקט זיך פּאָעטיש אויס, די טויערן פון זיין געמיט און פאַר אונדז די טויערן, וואָס עפענען דעם תוך פון זיין פּאָעטישן געמיט.

וואָס מיינען טראַקטן? דאָס מיינט דאָך ליניעס פירנדיקע אין די אומענדלעכקייטן, אין די לאָקנדיקע אומבאַקאַנטקייטן, וואָס ציען, פירן און פאַרפירן ווי מענטשלעכע אילוזיעס.

וואָס נאָך מיינען טראַקטן? עס מיינט אַרטעריעס, געשפּאַנטע, פּול־בלוטיקע אָדערן פון ערד־קיילעך, וואָס קרייצן זיך דורך, שניידן דורך און באַוואַקסן פעלדער און וועלדער, טראָגן אויף זייערע זייטן הויכע טאָפּאָליעס ווי שומרים פון די וועגן און דעם וואַנדערער אויף זיין רוקן, און טאַקע ווי דער געניטער וואַנדערער, וואָס בייגט צו זיין אויער צום טראַקט כדי צו הערן פון וואַנען עס טראָגט זיך דער רייטער, און ער פילט און ווייסט, וועלכע בשורות ער ברענגט מיט זיך, אַזוי האָרכט זיך דער דיכטער־וואַנדערער וואָגלער צו צום טראַקט.

מיין ברודער איז דער ווילנער שליאַך,
מיין ווייב — די ליטווישע, די הייסע ערד.

ער הערט דעם שליאַך דערציילן אַ מעשה און ער פרעגט באַשייד ביי די דורכפליענדיקע פייגל, ביי די הימלאָזע הינט, ביי דער פאַרלאָרענער הון וועגן גורל פון בן־אדם, אָבער זעלטן האָט ווער עפּעס גוטס צו ענט־פערן:

דער יונגער גייער האָט געהייסן אלקנה
און נישט געהאַט קיין חבר און קיין פריינד,
האָט ער איינמאָל געפרעגט ביי דער שוואַרצער וואָראָנע,
— צי עס איז אמת, אַז די זון שיינט.

די וואָראָנע האָט געענטפערט, אַז ס'איז אַ ליגן,
די גליקלעכע האָבן די זון אויסגעקלערט.
האָט אלקנה געפרעגט ביי די ווייסע ציגן:
— צי עס איז זיי גוט צו לעבן אויף דער ערד?

די ציגן האָבן געענטפערט: ס'איז נישט גוט,
מען גיט אונדז נישט עסן און מען מעלקט אונדז מיט גוואַלד.
אלקנה, אויך דו ביסט פון פלייש און בלוט
און וועסט אינגיכן ווערן גרוי און אַלט.

**ווי האָט זיך דאָס אויער פון אונדזער דיכטער אויסגעלערנט אַזוי זיך אויסצושפּיצן? און ווי האָט זיך זיין אויג אַזוי אויסגעשאַרפט, צו פאַרנעמען די טענות פון די באַשעפענישן און צו זעען און מיטפילן זייערע עוולות?**

**פונקט ווי ביאַליק פרעגט: „ווייסטו פון ווו איך האָב מיין ליד גע־אַרבט"? און ער ענטפערט: פון די גרילן פון אויוון און פון די טרערן, וואָס מיין טאַטע האָט געשלונגען, ווען ער האָט געמאַכט קידוש אויף וואָכנדיק ברויט, אַזוי ענטפערט אויך וואָגלער:**

וויל קליינערהייט פאַרבליבן כ'בין אַ יתום,
האָט ביים טייך די אַלכע אירע הענט פאַרבראָכן.
די יום־טובים מיינע און שבתים
זענען די טעג געווען פון דערוואָכן.

און די סעדער אין בעל־גופס אַרענדע
כ'האָב אויף שטרוי גענעכטיקט אין די קאַלטע בודעס.
פון איר טרער האָט אויפגעצאַפּלט אויף מיין ווענדע
אַ גאָלדן פיש, דעם גביר אויף שלוש־סעודות.

**און אַ ביסל וויטער אין זעלביקן ליד.**

בלויז דער פויגל פלעגט מיר זינגען זמירות,
די מאַמע קרויט אויף וועטשערע נאָר קאָכן,
פון איר געירשנט האָב איך מיין עשירות,
אין אייער ברידערלעכקייט דעם בטחון.

**יאָ, פון דאַנען קומט זיין עשירות. ער זאָגט עס מיט איראָניע, אָבער מיר באַטאָנען עס: טאַקע פון דאַנען זיין פּאָעטישע עשירות.**

**מיט טיפן צער זעגען אָנגעלאָדן וואָגלערס פערזן. ער האָט נישט ערשט געמוזט וואַרטן אויפן גרויסן חורבן, כדי צו פאַרלירן דעם צוטרוי צום בשר־ודם. שוין אַ סך פריער דערציילט אים דער שליאַך אַ מעשה און ער פאַרענדיקט זי:**

ל. דאמאנקעוויטש

מיר איז ליב צו זיין אַ שליאַך פון ליים,
און דיר, מיין איניקל, איז ווויל און גוט —
וואָס דו געבוירן ביסט אַ פּראָסטער בוים
און נישט קיין מענטש פון פליישׁ און בלוט.

שוין פריער האָט ער געהאַט מער געפיל פון זיכערקייט, פון היימישׂ־קייט צווישן די בעלי־חיים און צמחים, צווישן שאָף און יאָדלעס, ווי צווישן מענטשן. און ווען וואָגלער וויל אונדז אין אַנהייב אַריינפירן אין די טויערן פון זיין געמיט, פירט ער אונדז צו די ווינשל־גערטנער.

איך בין געבוירן אין מדינת ליטע,
אירע טראַקטן אויסגעוועבט מיט בלויע טריט,
און אירע ווינשל־גערטנער צעבליטע
זענען די טויערן פון מיין געמיט.

אָבער איצט, נאָכן חורבן, ליגן די טויערן פון זיין געמיט צעבראָכן. חרוב איז זיין וועג און אַפילו פון בליענדיקע ווייצן־פעלדער קען דער דיכטער מער נישט זינגען, ווייל, ווי ער זאָגט: „דער נישט־גוטער האָט מיט דערנער־צלמים זיי צעטרעטן”, אַלע ווייסע סטאַדעס פון „דער שוחט האָט פאַרשניטן זיי פון מיינע שירה־קוואַלן”.

אַנדערע דיכטער און דערציילער האָבן אַרויסגעוויינט זייער חלק־חורבן און זיך פון אים טעמאַטיש באַפרייט. וואָגלער קען זיין חורבן נישט אויסוויינען. ער וויל נישט פון געבליבענעם תוהו ובוהו אַרויסשאַפן נייע וועלטן. ער איז טריי זיין ווילנער לאַנדשאַפט, דער פאַרצוקטער עדה, דעם אָרעמען פאַסטעך מיקיטאַ, זיין פאָטערס קבר און זיין מאַמעס צויבערנ־דיקן ליפּן־באַריר.

פאַר וואָגלערן איז נישט די היימישע לאַנדשאַפט בלויז אַטמאָספער און דעקאָר, ראַם פאַרן געוועב פון זיין ליד. ניין, ס׳איז דער תוך גופא פון זיין שאַפן. נאָך מער, זיין אייגענער באַשאַף. די נאַטור ווערט דורך אונ־דזערע געפילן אַליין באַשאַפן. אָן אַ צאָל זענען די ערטער אין וואָגלערס

לידער, ווי ער מאַכט פון דער יצירה דאָס ווערק פון מענטשנס געמיט. דאָ ליגט טאַקע איינע פון זיינע שטאַרקסטע פּאָעטישע אייגנשאַפטן. עס זענען איבעריק צו ברענגען ביישפּילן. כמעט אין יעדן ליד קענט איר טרעפן אַזעלכע זאָגן, ווי: „דורך איר צויבערלעכן ליפּן־באַריר בליט אויף אין דאָרף דער רויטער מאָן”. אָדער: „פון אירע טרערן האָט אין פעלד די נידעריקע גריקע אויפגעבליט און פון זיינע ביינדעלעך דער הויכער קאָרן”.

דאָס צינדן מיר אָן די זון מיט אונדזער פרייד, דאָס לעשן מיר אויס דאָס ליכט פון דער וועלט מיט אונדזער רשעות.

וואָסער פויגל זינגט בשעת איך וויין
און וואָסער פויגל קלאָגט בשעת איך לאַך?

און אויב דער פּייזאַזש, די לאַנדשאַפט זענען די עמאַנענץ פון אונדזער הויך, טאָ ווי אַזוי־זשע אַוועקגיין פון יענער נאַטור, וואָס מיר האָבן פון זיך אַרויסגעאָטעמט, ווי אַזוי שאַפן נייע פּייזאַזשן, ווען די טויערן פון אונדזער געמיט זענען חרוב?

וואָגלער בלייבט טריי זיינע ליטווישע שליאַכן און טראַקטן. אויף זיי וואַנדערט ער אין זיין פּאָעטישער וויזיע, ווייל אַוועקגיין פון יענע טראַקטן און יענע פּייזאַזשן הייסט אַוועקגיין פון זיך און וואָגלער ווי אַן אמתער דיכטער קען פון זיך נישט אַוועקגיין.

מען קען וואָגלערן נישט צוקלעפּן קיין שום עפּיטעטן און עטיקעטן פון נאַציאָנאַלער אָדער סאָציאַלער דיכטונג. איר וועט ביי אים ווייניק געפינען פון ירושלים דליטא און ווייניק דירעקטע סאָציאַלע לידער, אָבער אַלע מענטשלעכע געפילן זענען אים אייגן און ער קומט צו זיי שטענדיק דורך דער פאַרמיטלונג פון דער לאַנדשאַפט מיט זיינע קינדער־יאָרן.

פאַראַן ביי אים לידער, פּאָעמעס און באַלאַדעס, וואָס זענען אָנגעלאָדן מיט סאָציאַלן סימבאָל, אָבער שטענדיק דורך דער פאַרבינדונג מיט דער נאַטור. אַפילו זיינע חורבן־לידער זענען צומייסט אויסגעדריקט נאָר אין פאַרבינדונג מיטן אַרומיקן פּייזאַזש, וואָס איז חרוב ווי זיין עדה און ווי זיין געמיט.

1958

## י. פּאַפּיערניקאָוו

דער תושב פון ישראל און אויך אין פּאַריז גוט באַקאַנטער דיכטער יוסף פּאַפּיערניקאָוו האָט פון זיינע רייכע, אומבאַוועגלעכע גיטער, וואָס באַשטייען פון אומעט, צער, בענקשאַפט, התבודדות, שטילקייט און שטאַ־מיקייט, אויסגעבויט זיין פּאָעטישע היים, זיך אין איר רחבותדיק באַזעצט און עס איז אים דאָרט ווויל און גוט. דאָרט קען ער אומגעשטערט אָנגיין מיט זיין נשמהדיקן עגאָיזם, דאָרט קען ער אויסשפּינען אומצאָליקע וואַריאַנטן אויף דער טעמע „איך".

ער איז נישט קיין קאָמפּליצירטער דיכטער, פּאַפּיערניקאָוו, און אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט געקענט אַריינפאַלן און פאַרפאַלן ווערן אין איינטאָניקייט, אין לאַנגווייליקייט, פון וועלכער מען קען זיך נישט ראַטע־ווען. אָבער י. פּאַפּיערניקאָוו האָט זיין אומעט געמאַכט אַ לייט־מאָטיוו צו אַ רייכער סימפאָניע. ער האָט זיין אייביקן בענקשאַפט־מאָטיוו אַרומגע־זונגען מיט אַלע מינאָרע טענער, וואָס ער פאַרמאָגט אין אַזאַ גרויסער שפע. ער האָט זיין טרויער איבערגעאַרבעט אין אַ קוואַל פון געזאַנג. ער האָט זיין אָרעמקייט־טעמע אַזוי רייך אויסגעשטאַט און אויסגעשטייערט, אַז ער וואָלט מסתם זי נישט אויסגעטוישט אויף קיין הון דעלמא.

און איך, וואָס בין קינדווייז פאַרשאָלטן געוועז מיטן פּילן
ביז פאַרפילן אַלץ, וועגן וואָס מ׳האָט אייך נישט גערעדט;
בין ווערנדיק איינזאַם און שטום אין מיין היים אין מיין קאָלטער,
געוואָרן פון אומעט, פון טרויער און צער — אַ פּאָעט.

ער האָט גוט געטאָן, פּאַפּיערניקאָוו, וואָס ער האָט צו זיין נייעם בוך „די זון הינטער מיר", אָפּגעשאַפט אַלע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן, ווי ער פלעגט זיך ביז איצטער נוהג זיין. אַן איבעריקע טירחה, אַלץ איינס זענען אַלע זיינע לידער, פּרטים פון זיין לעבן, אַלע דערציילן זיי זיין ביאָגראַפיע

פון טאַטנס היים אין וואַרשע און זיין אייגענער היים־היימלאָזיקייט אין ישראל און פון זיין אומהיימלעכער יוגנט אָן ביז צו די יאָרן, ווען ער זעט זיך שוין פאַרזקנט מיט דער זון הינטער זיך.

אויב שוין אין אַלע זיינע ביכער פריער איז פּאַפּיערניקאָוו געווען דער באַזינגער פון זיין טרויער, דער איך איכה־באַקלאָגער פון זיין בענקשאַפט, איז ער איצטער אין זיין נייעם בוך „די זון הינטער מיר" דער בענקער נאָך זיין בענקשאַפט, דער טרויערער נאָך זיין טרויער; און אויב פריער האָט ער פאַרוואַנדלט זיין צער אין פּאָעזיע, פאַרוואַנדלט ער איצט זיינע רעמינעסצענצן פון צער און טרויער אין פּאָעטישן עכאָ.

דער דיכטער אַליין וויל עס בכל אופן אַזוי האָבן.

מיין ליד איז, דאַכט זיך, נאָך אין פולן בלי,
נאָר עפּעס בליט עס שוין, ווי שווינדזיכטיק קראַנק,
און עפּעס אָטעמט עס מיט יענעם גלי
פון הויכער היץ און פיבער פון פאַרגאַנג.

אין גאַנצן ציקל לידער „ביי מיר", זענען אַלע לידער ווי אַן עכאָ, ווי אַן אָפּקלאַנג פון אַ פאַרגליווערטן צער, וואָס געפינט מער נישט זיין אויסדרוק.

דאָס איז פּאַפּיערניקאָווס אַ נייע פּאָעטישע קאַטעגאָריע, אויסצודריקן דעם אַריינטריט אין זקנה, און דעם דאָזיקן אַריינטריט אויפסניי טראַנספאָרמירן אין אַ נייעם קוואַל פון דיכטונג, אַזוי ווי ביז איצט זענען אַלע זיינע געזאַנגען נאָך געווען געווענדט צום ערשטן קוואַל, צום יוגנט־מקור און צו דער בענקשאַפט צו איר; און פּונקט ווי ער האָט געקענט פון דער „היימפרעמד" מאַכן אַ לאַנג שפּעכץ פאַר היימבענקשאַפט אין אַן אַ שיעור וואַריאַציעס:

אין דער היים פון טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער —
דערזען האָב איך די וועלט; באַקענט דאָס לעבן,
פון וואַנען כ'האָב גענומען מיינע לידער,
און דערנאָך — זיי טרויעריק צוריקגעגעבן.

אין דער היים פון טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער —
ווו יעדער האָט געהאַט זיין פיין־מגילה —
פאַרפאַסט האָב איך מיין אייגענעם סידור
מיט אַן אייגענער פאַרפאַסטער תפילה.

**„היימפרעמד", זייט 14**

**אַזוי האָט ער אויך פון אַריינגיין אין די יאָרן, ווען דער שאָטן פון לעבן פאַרגרעסערט זיין פראַפּאָרץ צום ליכט פון דער זון, געקענט אין זיין נייעם בוך אַרויסזינגען אין אומצאָליקע ניואַנסן זיין בענקשאַפט צום נישט זיין, צו אייביקער שטילקייט און אַבסאָלוטער שטומקייט:**

נישט לאַנג און כ׳וועל, ווי נישט געווען, פון קיינעם נישט געהערט זיין.
(כאָטש אַ דיכטער קען אויך איבערלעבן זיין געזאַנג),
און מיר אַליין קען ווייטיקלעך אַמאָל באַשערט זיין
כ׳זאָל מיין ליד — מיין קינד — אַרויסבאַגלייטן צום פאַרגאַנג.

**אָדער אין שיינעם ליד „הינטער מיר":**

די זון איז ווייט הינטער מיר,
ס׳איז נאָענט שוין צו נאַכט;
איך גיי, איך גיי אַנטקעגן איר
די אויגן האַלב פאַרמאַכט —
אין בלענד פון ליכט און שאָטנשפּיל,
אין אויפשטראַל פון פאַרגאַנג,
און מיט אַ נאָגנדיק געפיל
און נאָגנדיק געזאַנג
פון איינעם, וואָס געזעגנט זיך,
פון איינעם, וואָס דערמאָנט;
ווי ס׳גייט די זון אַזוי ווי איך —
אַראָפּ פון האָריזאָנט.

י. פאַפּיערניקאָוו גייט נישט אויף אַלע שליאַכן פון דער וועלט זוכן פּאָעטישע טעמעס, שטימונגען און אינספּיראַציעס. ער נייגט נישט אָפּ פון זיך, ער פאַרראַט זיך נישט. איר וועט ביי אים נישט געפינען די אָנשטרענגונגען פון פּאָעטישער באַנייאונג, פון מאָדערניזמען אין וואָרט און פערז, אָבער פאַר זיין וועלט, פאַר זיין נשמהדיקן „איך", שטייען אים צום דינסט אַלע רייכקייטן פון אויסדרוק, אַלע שפּעס פון גוטן, נאַטירלעכן גראַם, אַלע לייכטקייטן פון ריטעם, אַלע פאַרבן פון אַן עכטן דיכטערישן ליריזם.

ביי ווייניק פּאָעטן איז אפשר פאַראַן אַזאַ האַרמאָניע צווישן לעבן און דיכטונג, ווי ביי י. פּאַפּיערניקאָוון, און פּונקט ווי אין לעבן האָט ער זיך אויך אין דער פּאָעזיע פאַרקליבן אין אַן אייגענעם ווינקל, אין די אייגענע ד' אמות פון ווו ער קוקט דאַכט זיך מיט חשד און פאַרדאַכט אויף די הענט פון די בויער (אין ישראל) צי זיי וועלן נישט אַמאָל, בויענדיק, צעלייגן זיין פּאָעטישן שלאָס, צי זיי וועלן נישט אַמאָל אין רעש, אין שאַל פון היימבוי, אים נישט חרוב מאַכן זיין היימוויי.

1961

# די פּאָעזיע פון לייזער אייכענראַנד

די דיכטונג פון לייזער אייכענראַנד קען פאַררעכנט ווערן צו דער מאָדערניסטישער שולע. דערמיט ווילן מיר נישט זאָגן, אַז דער דערמאָנ־טער דיכטער איז אַ נאָכפאָלגער אָדער אַ שאַפער פון עפּעס אַ ספּעציעלע שולע, ניין, דערצו איז אייכענראַנד צו אינדיווידועל און אייגנאַרטיק. ער איז דעריבער נישט קיינעמס תלמיד און קען נישט ווערן קיין רבי פאַר אַנדערע. ער האָט זיין דרך אין באַנעמען דעם אוניווערס און זיינע מיטלען דאָס אייגענע זעען און פילן צו ברענגען צום אויסדרוק.

ער געהערט נישט צו די פּראָדוקטיווסטע דיכטער, אָבער זיין פּאָעטיש געמיט רופט זיך אַלעמאָל אָפּ ווי אַן עכאָ צו די טומלדיקע מעשים פון די מענטשן און צו דער שטימער באַגלייטונג פון אומעטיקע פּייזאַזשן.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער פאַרעפנטלעכט אין פּאַריז אַ בוך לידער „ממעמקים" (פון די טיפענישן).

פון וועלכע טיפענישן קומט דער פּאָעט? עס זענען זיכער נישט פאַראַן קיין אַנדערע טיפענישן ווי די, צו וועלכע מיר נידערן אַליין אַראָפּ יעדעס מאָל ווען מיר ווילן דערגרונטעווען אונדזער מחשבה, אונדזער געפיל, די טיפענישן פון אונדזער פּסיכישן באַוווסטזיין און אַפילו פון אומ־ און אונ־טערבאַוווסטזיין; די אָפּגרונטן פון וועלכע מיר קומען און וווהין מיר גייען, פונוואַנען מיר ברענגען און וווהין מיר טראָגן אונדזערע פאַרשטעלונגען און שטימונגען, אונדזערע אומקלאָרע עמפּינדונגען און טונקעלע אָנונגען.

די וועלטן אין וועלכע די מאָדערנע דיכטונג זוכט איר פּאָעטישן רוי־שטאָף האָבן זיך גוואַלדיק פונאַנדערגעשפּרייט. די מעטאַפיזיק, די פּסיכאָ־אַנאַליטישע וויסנשאַפטן פון איין זייט, די פּחדים־געשעענישן פון וועלכער אונדזער דור איז געווען דער רעזשיסער, דער עדות און דער קרבן, פון דער צווייטער זייט, האָבן פאַר דער היינטצייטיקער פּאָעזיע געעפנט אַן אויסדרוק צו אַזעלכע אָפּגרונטן און תהומות, וועלכע האָבן פריער נישט געקענט זיין דאָס געביט פון פּאָעטישן געמיטס אַריינדרינג.

אַלע געביטן פון קונסט טראָגן אין זיך די יוירונגען פון טראַגישער דערפאַרונג. און די באַרייכערטע טראַגישע דערפאַרונגען מוזן זיך אויס־געפינען אַ באַרייכערטע און באַנייטע אויסדרוקספאָרעם. אַ באַרייכערטע פּאָעזיע מוז האָבן איר אייגענע שפּראַך, איר אייגענעם טאָן, אירע אייגענע אַסאָציאַציעס פון וואָרט. איז אָבער שפּראַך דאָס צומיינסט קאָנסערוואַטיווע, איז אָבער ס׳וואָרט דווקא דאָס צומייסט פאַרגליווערטע און צומייסט סטאַ־טישע פון אַלע מענטשלעכע שאַפונגען.

זעט, וויפל טראַנספאָרמאַציעס, גייסטיקע און מאַטעריעלע, איבערקע־רענישן, רעוואָלוציעס און עוואָלוציעס האָט די מענטשלעכע געפילס־ און עמפינדונגס־וועלט דורכגעמאַכט, לאָמיר זאָגן, זינט די צייטן פון בעל תהילים ביז צו אונדזערע צייטן, אָבער נישט אין וואָרט. דאָס וואָרט איז געבליבן הינטערשטעליק. און אויב שוין דער בעל תהילים האָט, כדי אויסצודריקן זיינע באַוווּנדערונגס־געפילן פאַר דער נאַטור, כדי משתף צו זיין די מעשי־בראשית צו זיין אינערלעכער פרייד, באַדאַרפט אָנקומען צו אַזעלכע מעטאַפאָרן ווי „נהרות ימחאו כף״ (די טייכן פּאַטשן בראַוואָ). וויפל־זשע מער מעטאַפאָרן, משלים, סימבאָלן און רמזים, מוז דער היינטי־קער דיכטער אַריינלייגן אין כמעט דער זעלבער צאָל ווערטער, כדי אַרויס־צוברענגען אָט דעם גאַנצן קאָמפּליצירטן קנויל פון געפילן און עמפינ־דונגען, מעטאַפיזישע און מעטאַפּסיכישע פון אונדזער דור?

דעריבער געשעט עס אָפט, אַז דער היינטצייטיקער דיכטער זוכט מער צו מאַכן אָנשטרענגונג אויף צו פאַרגרעסערן די אָנלאָדונג און סימבאָל פון וואָרט, ווי בלויז צו פאַרגרעסערן דעם סכום פון ווערטער. און פון דאַנען שטאַמען אויך אָפטמאָל די שוועריקייטן פון פאַרשטיין די מאָדערנע פּאָעזיע.

דער אויסלאָדונג פון דער באַרייכערטער פּאָעטישער סענסיוויטעט, מוז ענטפערן אַן אַדעקוואַטע אָנלאָדונג פון וואָרט, וועלכע מוז נאָך דערצו זיין אַ פערזענלעכע, אַן אייגענער אָפּקלייב פון סימבאָלן, רמזים, וואָס זאָלן געבן אַן אייגענעם תוכן די ווערטער, אַן אייגענע אַסאָציאַציע פון ווערטער, אַן אייגענע פאַרבינדונג פון געדאַנקען און געפילן, וואָס קומען פון אַן אייגענעם באַנעמען די וועלט און אירע דערשיינונגען.

פאַרשטיין די היינטצייטיקע פּאָעזיע מיינט — און האָט איבעריקנס שטענדיק אַזוי געמיינט, — פאַרהיימישט ווערן מיט די פּערזענלעכע אויס־דרוק־אופנים פון דיכטער מיט זיינע סימבאָלן און רמזים, מיט די כוונות וואָס ער לייגט אַריין אין זיי, כדי אויף אַ פּערזענלעכן אופן אויסצודריקן זיין פּערזענלעכע וועלט.

און מיר קערן זיך צוריק צום אָנהייב, נאָך אַ לענגערער אָפּווייכונג פון אַן אַלגעמיינערן כאַראַקטער. פון וועלכע ממעמקימס קומט דער דיכטער אייכענראַנד ?

ער קומט ווי מיר אַלע, אגב, פון די ממעמקימס פון זיין צייט און פון זיין דור, וואָס דאָס מיינט פון די אַנגסטיקע טיפענישן פון כף הקלע, אין וועלכן דער מענטש פון אונדזער צייט, און נאָך מער דער ייד פון אונדזער צייט, האָט געהאַט די שרעקלעכע פּריווילעגיע אַריינצובליקן.

אָבער אונדזער געפילס־וועלט איז נישט אָביעקטיוו, און דער דיכטער, כדי אויסצודריקן דעם צער פון אַלע איכס, מוז זיי אויסדריקן דורך זיין אייגענעם איך. אייכענראַנדס פּאָעזיע — טאָקע גלייכצייטיק ווי זי דריקט אויס דעם דורס צער, דריקט זי אויס זיינע סוביעקטיווע געפילן. אויך זיינע חורבן־מאָטיוון שלאָגן אָן אין אָט יענעם פּערזענלעכן טאָן, וואָס אָן אים איז נישטאָ קיין פּאָעזיע און נישט קיין אָפּקלאַנג ביים לייענער.

אייכענראַנד איז ליריקער און מעטאַפיזיקער, אַ מעלאַנכאָליע פון אַ הבל־הבלים־שטימונג פּאַרווייכט זיין געזאַנג.

דאָס וועלט־געפיל, וואָס מיר באַקומען אַרויס פון אייכענראַנדס לידער און סאָנעטן, איז טיף פּעסימיסטיש. דאָס בילד, וואָס אייכענראַנד גיט אונדז פון אוניווערס — אַ שוואַרץ אַפּאָקאַליפּטישס.

וואַנדערער
אין טונקעלן ווינט,
פון פאַרנאַכטיקן דעמער
פאַלן קיל די לעצטע בלעטער;
מיט שוואַרצע פליגל
צייכענען ווילדע פייגל

**ווערטער און ווערטן**

אויפֿן גרויען הימל
שטומע היעראָגליפֿן.
באַלד בייגט זיך גאָטס שטערן
איבער די שווייגנדיקע וואַסער — נאַכט.

**פילאָזאָפיש־מעטאַפיזיש שאַפֿט ער פֿון זיין געפילס־וועלט אַ מין מעטאַפיזיש־פּאָעטישן סיסטעם ; גאָט ? ער איז מעכטיק, אָבער ער איז שטייענרדיק שווייגנדיק.**

**דער מענטש ? ער איז נישט אומאָפּהענגיק. ער איז נישט באַשאַפֿן אין אַן אייגענער פֿאָרעם, אַ רגע אין אין־סוף. ער איז דער אָטעם פֿון גאָטס גייסט.**

איך בין די וועלדער אויף דער לבנה
דער בליק פֿון מיר צו דיר,
און די טונקעלע סכּנה
פֿאַר יעדער באַלויכטענער טיר ;
איך בין די זון אויף מיין שטערן,
דער שאָטן פֿון מיין טראָט —
און אין אייביקן פֿאַרגיין און ווערן
דער אָטעם פֿון גאָט.

**אַ גאַנצן ציקל לידער ווידמעט דער דיכטער דעם פֿאַרגיין, דעם סוף, וואָס ריזלט אין אין־סוף. אין דאָזיקן ציקל צייכענען זיך באַזונדער אויס: „האַרבסטיקע שעהן”, „האַרבסט”, „שוואַרצע וואַסערן”, „שפּיטאָל־באַלאַדע” און דאָס זייער שיינע ליד „טרויעריק לעבן”.**

שפּיל איך מיט וואָלקן און ווינט,
ווייַנט די נאַכט פֿאַר מיין טיר —
אַ יעדער טאָג וואָס צערינט
לעבט ווייטער אין מיר

ל. דאָמאַנקעוויטש...

און ווייטער אין זעלבן ליד:

קלאָגט איוב פאַר מיטנאַכט־טויערן
ציען נעפּלען פאַר מיין טיר —
אַלע נישט־געשלאָגענע שלאַכטן
לעבן לאַנג שוין אין מיר.

מוז מען פאַרשטיין פּאָעזיע? מען דאַרף יעדנפאַלס קענען געפינען אויף איר אַן אייגענעם פּירוש. לייענענדיק אייכענראַנדס לידער האָב איך מיר זיי אויסגעטייטשט אויף מיין אייגענעם אופן. האָב איך אַלעמאָל צוגע־טראָפן צו די אָנונגען און כוונות פון מחבר?

איך מיין, אַז נישט שטענדיק איז דאָס דער עיקר, אָבער שטענדיק, אַפילו אין די נישט גאָר קלאָרע לידער, טראָגט זיך פון אייכענראַנדס פּאָעזיע אַ פיינער פּאָעטישער אַראָמאַט און אַ מוזיקאַלישער ריטעם, וואָס פילן אייך אַן מיט פּאָעטישער שיכרות.

אַפילו אין די שוואַכערע לידער פון אייכענראַנדן — און אַזעלכע זענען שטענדיק פאַראַן ביי דיכטער — אַפילו דאָרט, זענען שטענדיק פאַראַן איבעראַשנדיקע, אינטערעסאַנטע סטראָפן.

וואָסער אָרט פאַרנעמען יידן, די טראַגישסטע פון די טראַגישע אין עמק הבכא־אוניווערס פון אייכענראַנדס פּאָעטישער וויזיע? אין זיין בוך און אין זיין פּאָעזיע בכללווידמעט ער דער יידישער ספּעציעלקייט, דעם טראַגישסטן פראַגמענט אין דער טראַגישער וועלט־געשיכטע אַ גרויסע צאָל לידער. אָבער אייכענראַנד איז פילאָזאָפיש אוניווערסאַל און ער פאַר־געסט קיינמאָל נישט, אַז דער אַפּאָקאַליפּטישער רייטער טראָגט שוואַרצע בשורות פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

1957

## י. יאַנאָסאָוויטש

די פאַרוויסטעניש, וואָס האָט זיך אַזוי פּלוצעם אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזערע ישובים, האָט צווישן אַנדערע פּסיכישע אויסווירקונגען אויך געהאַט דעם רעזולטאַט, וואָס די גאַנצע לעבעדיקע פּילפּנימדיקייט פון נאָענטן עבר איז אין אונדזער דמיון פאַרשמאָלצן געוואָרן אין איין פאַר־גליווערטער איינפּנימדיקער געשטאַלט. ווען אַ מוטער וועט חלילה פאַר־וואַרפן אירע קינדער אין אַ מגפה, וועט זי דען אין די שבעה־טעג קענען טראַכטן וועגן די מעלות פון איינס, וועגן דעם חן פון אַ צווייטס פון אירע פאַרשניטענע עופהלעך? וועט דען נישט איין שווערער צער האַלטן אין קלעם אירע געפילן? אָבער איינציקווייז, איינציקווייז, ווען די צייט וועט אַרויפציען אַ דין הייטל איבער דער שווערער ווונד, וועלן זיך פון טיפן טרויער אָנהייבן אַרויסשיילן פאַר די אויגן פון דער שווער געפרוווטער מוטער, די באַזונדערע פּנימלעך פון יעדן קינד, די באַזונדערע שטריכן פון יעדן פּנימל. מיט דער צייט וועט אַפילו עפּעס אַזעלכעס ווי אַ גרימאַס פון אַ פאַרקרימטן שמייכל זיך באַווייזן אויף די ליפּן פון דער פאַרצערטער מוטער, דערמאָנענדיק זיך אין קול פון איינס, אין געלעכטער פון אַ צווייטס און די חכמות פון אַ דריטס פון די פאַרשוווּנדענע קינדער.

עס איז נישט אַנדערש אויך מיט אונדזער גרויסן קאָלעקטיוון נפטר. מיר האָבן אַריבערגעצויגן אַ שווערע שוואַרצע עגלה־דעק איבערן בראָך, אונטער איר באַהאַלטן אַלע אונדזערע נאָענטע, זייערע היימען און זייערע פּרנסות, זייערע דאגות און זייערע שמחות. אַלע כמעט ביז איצטיקע כראָ־ניקעס און זכרונות זענען געווען איין גרויסער קאָלעקטיווער קדיש נאָכן קאָלעקטיוון נפטר.

די צייט פון אַרויסשיילן באַזונדערקייטן, פון אַרויסוויקלען פון אונטער דער שוואַרצער דעק די אינדיווידועלע פּנימער פון שטעט, שטעטלעך, שטובן און מענטשן, הייבט פּאַמעלעך אָן קומען.

עס וועט זיין דער וויכטיקער פאַרדינסט פון דיכטער יצחק יאַנאַסאָוויטש צו געהערן צו די ערשטע, וואָס האָבן פאַרשאַרט אַ שטיק פון דער שוואַרצער עגלה־דעק און מיט אַ גרימאַס־שמייכל אונדז אַנגעוויזן אויף איינער אַזאַ שטוב, אַן אָרעמער צווישן אָרעמע, מיט מענטשן געשלאָגענע מיט אַ שרעק־לעכער אביונישקייט און דאָך נישט דערשלאָגענע, מיט אַ קבצנות, וואָס וויינט און קאָן דאָך נישט באַוויינט, נאָר באַזונגען ווערן.

פון וואַנען נעמען פאַרבן צו מאָלן דלותדיקע פאַרבלאָזיקייט? פון וואַנען נעמען טענער צו באַזינגען די איינטאָניקייט און פון ווי שעפּן מוט צו דערהויבן שפלות? יאַנאַסאָוויטש האָט געפונען די קאָלירן, די טענער און דעם מוט אַריינצופירן אַטמאָספער פון דערהויבנקייט אין דער שוואַרצ־סטער אָרעמקייט, אויסצוזינגען אַ מזמור שיר און נישט קיין קינה פאַר דער שטוב. דעם מוט האָט ער געשעפּט — לאָמיר עס גלייך זאָגן — אין דעם נשמהדיקן תוך פון דער אָרעמקייט.

ווייל איר האָט דאָ נישט יענע באַקאַנטע אין דער גאַנצער וועלט־לי־טעראַטור באַשריבענע אָרעמקייט פון דעם געוויסן מיאוסן מין, וואָס אירע וואָרצלען זענען דעגענעראַציע און פאַרפוילטקייט און אירע פּירות — זינד און פאַרברעכן. עס איז דער ידישער דלות, אַ חוסר לחם וואָס קומט פון נשמה־שטערענישן. וואָס וועט אָלץ דער דאָזיקער טאַטע, דער העלד פון יאַנאַסאָוויטשעס פּאָעמע „אַ שטוב אין שטעטל" נישט טאָן, וויפל ביז־יונות וועט ער נישט אויף זיך נעמען אַריינצוברענגען דאָס שטיקל ברויט אין שטוב אַריין! עס וועט נישט פועלן, די הענט טוען אַלץ, די גופישע כוחות זאָגן זיך פון גאָרנישט אָפּ, אָבער די נשמה, דאָס פּנימיותדיקע שוועבט אין אַנדערע וועלטן, אין די תהלימדיקע גאָט־בענקשאַפטן, אין די סודותדיקע וועלטן פון חצותן זוכט זי זיך אַן אַנטרינונג.

דער ייד איז אַ מין ר' שלמה נגיד פון דער צווייטער זייט. ער האָט גאָרנישט מיט וואָס צו באַשיינען זיין שטוב; נישט קיין געלט און נישט קיין כבוד, נישט קיין מסחרים און נישט קיין הדרת פּנים, נישט קיין רחבות און נישט קיין שאַרפע לומדות. עס פעלט אַלץ וואָס קען גלאַנצן, אָבער עפּעס אַן אינערלעך פלעמל איז דאָ וואָס טליעט מיט בענקשאַפטן, מיט ציענישן צו עפּעס וואָס איז נישט בנמצא, צו עפּעס וואָס דאַרף זיך

געפינען ערגעץ ווייט, וואָס דאַרף זיך פּאַרט אַמאָל באַווייזן און באַווייזט זיך טאַקע אין איינער אַ פינצטערער פּראָסטיקער נאַכט: אַ ייד אַן אורח קלאַפּט דעמאָלט אָן אין דער אָרעמער שטוב, ברענגט מיט זיך מיט מחיה־דיקע וואַרעמקייט און פון זיין טאָרבע שיט זיך פון כל טוב פאַר די אויס־געהונגערטע און אויסגעפרוירענע קינדער און פאַר זייערע עלטערן. אַ נאַכט וועט דאָס זיין וואָס וועט זיך אויף אייביק איינקריצן אין זכרון פון דער שטוב. דעם טאַטן וועט עס אויף אייביק ציען צו דער מיסטעריעזער אליהו־הנביאדיקער געשטאַלט. ער וועט אים שטענדיק און אייביק אַרומ־זוכן, ביז ער וועט אין אַ געוויסן טאָג פאַרשווינדן פון שטוב און אַוועקגיין אין דער וועלט אַריין, ווו קיין עול פרנסה איז נישטאָ, ווו אליהוס און למד־וואָווניקעס וואַנדערן אויף די וועגן צוזאַמען מיט די מדינה־גייערס.

נישט זייענדיק זיך דערצו מכוון, בין איך דערוויייל אַריין אין דער־ציילערישן שטאָף פון דער פּאָעמע, וועלכע איז זייער פאַרכאַפּנדיק, און ווען איך האָב באַקומען דאָס בוך אין דער האַנט אַריין האָב איך עס קודם־כל געמוזט איינגאַנצן דורכלייענען צוליבן אינטערעסאַנטן סיפּור המעשה. ערשט ווען איך האָב זיך באַפרייט פון אינהאַלט האָב איך געקענט ווענדן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף די פּאָעטיש־קינסטלערישע וואַלאָרן פון דער פּאָעמע.

אָבער לאָמיר פאַרענדיקן מיטן אינהאַלט: אַחוץ דער דערמאָנטער הויפּט־געשטאַלט פונעם טאַטע, דער טאַטע פון דיכטער, (דער אויטאָביאָ־גראַפישער עלעמענט איז אַן עיקר אין דער פּאָעמע) זענען אין דער פּאָע־מע דאָ: די מאַמע, אַ פעטער, אַ שוועסטער און עטלעכע נעבן־געשטאַלטן וואָס קומען פון נאָענט אָדער פון ווייט אין באַריר מיט דער „שטוב".

אַ קאָנטראַסט צום הכנעהדיקן טאַטן איז זיין שוואָגער, ער, דער פעט־טער, גיט זיך קיינמאָל נישט אונטער, ער איז שטענדיק קעמפעריש. מיט אַלץ און מיט אַלעמען ראַנגלט ער זיך. ער פירט מלחמה מיט די יידן פון שטעטל און מיט די גויים פון דאָרף. זיינע לײדנשאַפטן דערפירן אים ביז צום ווערן אַ מיסיאָנער. ער ענדיקט מיט ווידוי, תשובה און זעלבסטמאָרד.

און עס איז דאָ אַ מאַמע, אַן אומגליקלעכע צעבראָכענע יידישע מאַמע.

זי קאָן מער נישט ווי איר אומגליק, האָט נישט מער ווי צו באַווייַנען דעם ביטערן גורל פון אירע קינדער און פון זיך אַליין.

אין אַזאַ שטוב קען די שווערע האַנט פון גורל אָדער צעדריקן הינטער זיך די צאַרטע נשמות פון אויפוואַקסנדיקן קליינוואַרג, אָדער זיי אָנפילן מיט אַ גייסט פון רעוואָלט און ווידערשטאַנד. דאָס לעצטע געשעט טאַקע. דער אומגעריכטער שיין פון דער שטוב, דער איינציקער נחת פון דער מאַמען, די טאָכטער, טראָגט אַרויס פון דער אָרעמער שטוב רעוואָלט און ווידערשטאַנד צו די אָרעמע פון שטאָט און אונטערדריקסטע פון דאָרף.

צו באַזינגען און צו מאָלן דאָס אָרעמע לעבן פון אַ משפחה, פון זיין אייגענער משפחה, האָט דער דיכטער יאַנאָסאָוויטש געפונען די פּאַסיקע האַלב־טענער, די געדעמפּטע קאָלירן וואָס גיבן די שטימונג און די אַט־מאָספער, די פּערספּעקטיוו און דעם הינטערגרונט, אָפט מאָל דערציילט די שווייגנדיקע אָרעמקייט וועגן זיך דורך דעם ביסל מטלטלין אין שטוב. זיי זענען די פּאַסיוו־באַטייליקטע און די עדות פון דער דראַמע, וואָס שפּילט זיך יעדן טאָג אָפּ.

דער שווייגנדיקער טאַטע האָט טאַקע מער נישט ווי ליימענע לייכטער־לעך און אַן אָפּגעגרינטע קאַפּאָטע צו באַשיינען דעם שבת, אָבער אָט די זאַכן גליווערן אין זיך אַריין די גאַנצע האָפענונגלאָזיקייט פון היינט און דעם גאַנצן פאַרשווונדענעם גלאַנץ פון אַמאָל:

„געווען אַ מאָל אַ הדרתדיקע זאַך, זעט אויס,
יוסט געבויט, גענייט אַן שטעטנזפּעדים,
נאָר איצט אַן אויסגעבליאַקעטע פון יאָרן,
אַן אויסגעפּרעסענע פון דלותדיקן שטויב
כאָטש אויסגעבאַרשט, פאַרצירעוועט און גאַנץ —
זי האָט מיט גרינער אומעטיקער שיין געגלאַנצט,
מיט יענער בלינצלדיקער גרינער שיין
פון בעל־הבתישער בכבודיקער נויט.
וואָס פאַרמאַכט די לאָדנס אויף די פענצטער,
ווען קידוש מאַכן קומט איר אויס אויף ברויט

ווען זמירות זינגען מוז זי, וואָכעדיק און שפּל
ביי אַ קאַלטן אַביונדיקן טיש,
ווו אָנשטאָט לאָקשן עסט מען קילבלעכע קאַרטאָפל".

ווען דער טאַטע גייט צום סוף אַוועק אַפריכטן גלות איז עס ווייטער די קאַפּאָטע וואָס דריקט אויס די אומהיימלעכע פּאַרלאָזנקייט אין שטוב:

„זי האָט געוויינט.
די שוואַרץ־געוואַנטענע אַלטפּרענקישע קאַפּאָטע,
זי האָט געריסן זיך פון שאָטנדיקע ווענט
מיט אַרבל אויסגעשטרעקט ווי בעטנדיקע הענט —
זי האָט געוואָלט אַוועקגיין
נאָר ס'האָט דער זשאַווערדיקער נאָגל איינגעקלעמט
אין הענגער
זי געהאַלטן צוגעבונדן צו דער וואַנט".

די ירידה פון דער שטוב קייטלט זיך אַריין אין דער ירידה פון שטעטל, וואָס איז ווידער אָנגעקייטלט אין אַ גאַנצער ריי סיבות ביז צו אַן ערשטער סיבה. די „סיבה ראשונה" פון דער גאַנצער נויט און דלות, זי ברענגט יאַנאָסאָוויטש אַרויס זייער בילדעריש דורך אַ מלחמה צווישן טראַקט, פון אַמאָליקן וואַרשע־לאָדזשער טראַקט, שפּעטערדיקער באַן און נאָך שפּע־טערדיקער אויטאָסטראַדע.

„טאָ איז דער וואַרשע־לאָדזשער שליאַך —
אַן אַלט פאַרגעסענער — מיט שטויב און זאַמד פאַרשאָטן,
די וועלדער מאָכיקע ווי פּייכטע שטיקער נאַכט
געפאַנגען האָבן אים אין קלעם פון זייער שאָטן,
פאַרלאָקערט אים אין פּלאָנטער פון געצווייג
און בלאָנדזשען אים געלאָזט אויף וויפל מייל,
און ווען ער איז אַרויס פון זיי ווי פון אַ שטייג,
ער האָט דערזען, אַז וויי! נישטאָ שוין ווו צו איילן".

**ער וואַנדערט ווייטער דער שליאַך דורך שטעטלעך בית־עלמינס און צווינטערלעך.**

„ער בלאָנדזשעט לאַנג, פאַרתמט, אַרום אין פוסטן פעלד,
און קריכט אַוועק צו סאַזשלקעס פון טאָרף,
און ווען די בריק די הילצערנע פארשווינדט
ער פאַלט אַריין אין אַ פארשלאָפן דאָרף
צווישן הענערקריי און בילנדיקע הינט״.

**צוזאַמען מיט אַלטן שליאַך איז אויך איינגעשלאָפן ס׳שטעטל.**

„ס׳האָט אָפּגערוישט דער וועג... קיין פערד געשפּאַן
עס דאַרפן אויטאָס נישט קיין כאָמעטעס, קיין לייצעס,
און ס׳דאַרף קיין בייטשן נישט פון לעדער
די פייפנדיקע באַן...
אַ וועלט געווען — האָט גאָט געזאָגט: עד כאן...״.

**דורך דער גאַנצער פּאָעמע וואָס פליסט מיט עפּישער רואיקייט שלאָגט אַדורך אַן איינגעהאַלטענער ליריזם, אַ מילדע חכמה, אויסגעדריקט אין משלים און אַפאָריזמען, וואָס זוכט נישט זיך אליין איבערצוּוואַקסן, קאָנ־טראַסטירט אָפט מאָל אָנגענעם מיט דער מרה שחורה פון די געשילדערטע סיטואַציעס.**

**דער אויסטערלישער אורח וואָס פאַלט אַריין אין אַ פּראַסטיקער נאַכט רעדט אַזעלכע רייד:**

„דער אויבערשטער האָט ליב דעם אָרעמאַן
און דעם בכבודן — אַוודאי.
נאָר ווי אַ הונט עס פּאַסט אַ פערדסגעשפּאַן,
און ווי אַ שטריימל פּאַסט דעם עלטסטן באָק פון סטאַדע,
עס פּאַסט דער אָרעמקייט דאָס גדלות פון גביר.

**ווערטער און ווערטן**

די גאווה ווארפט אוועק, ווי ס׳ווארפט דער בוים
פון זיך אראפ דעם דארן בלאט.
ביי אונדזער האר — דער זעלביקער בעל יחסן איז
ווי דער גביר — דער פּושט יד״.

וועגן זיין שוואגער הענעכס ארומאמפערן זיך מיט דער וועלט טראכט דער שטילער טאטע אזעלכע מחשבות:

„און הענעך נעבעך ווייסט נישט אז ער שרייט און שילט
ווייל ערגעץ מוז מען האבן אויך זיין שרייען,
וואס טוט דער וואלף אין וואלד? ער וואיעט ווילד
און איביק שטום אין טייך מוז זיין דער שלייען״.

אחוץ מיט קליינע אויסנאמען פילט זיך אומעטום אין דער פּאעמע א זיכערע האנט וואס באהערשט דעם דערציילערישן שטאף דורך טאקט און מאס. עס איז יאנאסאוויטשן געלונגען אן אריגינעל דיכטערישע קאמבינאציע, וואס האט אים דערלויבט א נאטירלעכע פארשמעלצונג צווישן רעאל־איבערגעלעבטן עלעמענט מיטן לעגענדאריש־וויזיאנערן, און א הארמאניע צווישן עפּישן און לירישן וואס זאגט א סך וועגן די פּאעטישע מעגלעכקייטן פון מחבר. די פּאעמע „א שטוב אין שטעטל״ וועט בלייבן א געלונגענער פּרווו צו רעסטאוורירן שטיקער לעבנס פון א פארשווונדענער וועלט אויף א רעאלן גרונט, נישט בלייבנדיק דערביי אויף די אויבערשטע פלאכן פון רעאליסטישער אבסערוואציע.

# „בלומען פון באַדויער" פון משה שולשטיין

בלויז פון באַדויער? נישט פון צאָרן, נישט פון רעוואָלט, נישט פון אויפשוידער, נאָר פון באַדויער? און מיר אַלע האָבן דאָך דערוואַרט בלומען פון גיפט, פון שנאה צום אויסראָטער, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צו פאַר־ענדיקן דאָס ווערק פון דער ברוינער פעסט; מיר האָבן זיך דאָך געפילט באַרעכטיקט צו דערוואַרטן קללות שאַרפע, ווי די האַק, וואָס האָט געוואָגט זיך אַראָפּצולאָזן איבערן קאָפּ פון אַ גוף פול מיט ווונדן, איבער דער רעשט פון אַ קולטור פון אַן אויסגעהרגעטן פאָלק!

און נאָך: באַדויער פאַר וועמען? פאַר די דערמאָרדעטע, וואָס יאָרן לאַנג זענען זיי געווען געצוווּנגען צו גלעטן און קושן די האַנט פון דער־ווערגער? פאַר די, וואָס האָבן געמוזט פירן אַ פאַרשאָלטן לעבן פון לעסטערן אַלץ, וואָס איז זיי געווען נאָענט און טייער און זינגען הימנען צו די, וואָס האָבן זיי אייניציקווייז פאַרטיליקט? פון באַדויער צו אַ לעבן, ווו דער אומקום פון אַ נאָענטן פריינד האָט געמוזט אַראָפּגעשלונגען ווערן צוזאַמען מיטן טעגלעכן ברויט, ווו אַ קולבאַק האָט געמוזט צושמייכלען צום טויט פון אַ כאַריק, ווו אַ מאַרקיש האָט געמוזט אָנשטעלן אַ פריילעכע מינע צום טויט פון ביידע, אַ נסתר האָט געמוזט אין זיין אייגענעם ספר „די ברידער משבר" פאַררייבן די שפּורן פון זיין בענקשאַפט צו אַ ביסל הייליקייט און געלייטערטקייט, ווו אַלע צוזאַמען האָבן זיי אין טאָג־טעגלעכן פאַרראַט און שאַנד זיך געמוזט איינקויפן טראָפּנס רעכט צו אָטעמען?

בנאמנות, ווי פאַר אַ סך פון זיי איז דער גזר פון אומקום געווען דער איינציקער וועג צום אויסלייז.

און אפשר, טראַכט איך, מיינט דער טיטל פון בוך באַדויערן צו זיך אַליין, צום מחבר, דעם באַוויינער פון די אומגעקומענע מער ווי די אומגע־קומענע גופא?

איך קען דעם אויטאָר פון די „בלומען" זינט לאַנגע יאָרן, איך האָב

געקענט זיינע וואַקלעגישן, די שלעסער פון אילוזיעס, וועלכע ער האָט זיך אויסגעבויט און האָט זיך אין זיי פאַרבאַריקאַדירט. און איך האָב זיך דעריבער געשטעלט די פראַגן און געמאַכט קאָמענטאַרן צום טיטל נאָך איידער איך האָב געעפנט דעם שער פון דער לידער־זאַמלונג.

און איצט שליס איך דאָס בוך, אַ דורכגענומענער און דורכגעדרונגע־נער און פרעג זיך ווידער: זענען מיינע פראַגן פאַרענטפערט?

יאָ און ניין.

יאָ, דער דיכטער באַדויערט נישט בלויז די אומגעקומענע לעבנס, ער באַדויערט אויך אויף פאַרשידענע אופנים זיך אַליין, זיין פאַרקוקן זיך, זיינע פאַרזוימונגען, זיין נישט אַנען און נישט וויסן...

און איך גאָר, קען זיין, בין זיך דעמאָלט געזעסן
אין אַ שטרויענעם שטול פון דער קאַפע־טעראַסע
פון „סעלעקט״, „מאָדערן״, צי „טערמינוס״
אין זומערדיקן, שיינעם און פרייען פאַריז —
און פון גאָרנישט געאַנט
און פון גאָרנישט געוווּסט...

די פינטעלעך געהערן דעם מחבר און זיי ווילן אָנווייזן, אַז עס איז פאַראַן אַ נישט אַנען און אַ נישט וויסן, וואָס מאַטערט כסדר, פאַר זיין וועלן זיך כסדר באַהאַלטן אין שוץ פון אומבאַוווּסטזיין — און אונטערבאַוווּסטזיין, אָבער וואָס טרעטן איצט אַרויס ווי מאָנער און באַשולדיקער לגבי דעם באַוווּסטזיין, און עס זענען נאָך פאַראַן אין בוך אַזעלכע בלומען פון באַ־דויער, וואָס באַציען זיך אויף לאַנג־פאַרפלאָסענע אָוועקבלאָנדזשענישן פון אייגענעם פעלד און אייגענעם בוים...

אין ציקל לידער „ישראל״ געפינען מיר אַזעלכע רמזים, און דאָס פאַרעפנטלעכטע ליד „אַ בוים ביים וועג״ איז עדות דערצו.

אין אַ צווייטן ליד „אַ ייד מיט אַ פערד״ פאַרענדיקט שולשטיין:

„כ׳דאַרף אויפשטעלן אפשר די אַנדערע באַק,
אַז שמיץ זאָל דער סוס מיר דערלאַנגען געשמאַק,
וואָס איך האָב נישט פריער דערזען און דערהערט —
אַ ייד מיט אַן אַקער, אַ ייד מיט אַ פערד״

אָבער די שאַרפע קללה, די שוין אויבנדערמאָנטע און געמאָנטע פאַר־שעלטונג אויפן אַדרעס פון פאַרטיליקער זוך איך בחינם אין בוך. ווייסט שולשטיין נישט, אַז די ברכות און די קללות זענען געגעבן געוואָרן צוזאַמען אין איין אָטעם? די ברכות אויפן קאָפּ פון קרבן קענען נישט אַנדערש ווי נאָר פאַלן צוזאַמען מיט די קללות אויף דער האַק פון קאַט.

אין דער טעריע לידער „אין שיין פון קדושים״, געהייליקט דעם אָנדענק פון די דערמאָרדעטע שרייבער, האַלט זיך דער דיכטער אין שטילן טאָן פון ווייכן ליריזם, פון צאַרטן טרויער און באַדויער, וואָס קלינגט זיך אפשר גוט צונויף מיט די גלאָקן פון לוויות, אָבער וואָס זענען אָפּטמאָל צו איידל, צו דינטשיק אויף אויסצודריקן אונדזערע געפילן פון אויפברויז און אויפשוידער.

ווו זענען די לידער אויף דער טעמע פון זייער געצוווּנגענעם אַנוסים־לעבן, ווי זיי וואָלטן באַלויכטן נישט בלויז זייער קדושים־טויט, נאָר זייער מאַרטירער־לעבן!

אָבער לאָמיר זיך אַביסל פאַרנעמען מיט דעם, וואָס איז אין בוך יאָ פאַראַן.

„מאַך אויף דאָס בלאַט, ווי אַ בית־עולם־טויער,
ווו יעדע שורה איז אַ קברים־ריי,
און לאָמיר וואַנדלען דאָ אין צער און טרויער.
פאַרהוילן אין דער קבר־שטעג צו זיי.
האָט אויסגעטראָטן אים דאָס ליד פון ווייי —
מאַך אויף דאָס בלאַט ווי אַ בית־עולם־טויער.

אין שיינעם ליד צום „פרץ־אוהל" בעט דער דיכטער רחמים ביי אונ־דזער שבת־יום־טובדיקן דיכטער יצחק לייבוש פרץ, ער זאָל טיילן זיינע דלד אמות מיט די קברלאָזע, ער זאָל זיין אַ מכניס־אורח, ווי ער איז עס געוווען ביים לעבן.

זיי פאַר כאַריקן, פאַר קולבאַקן און האָפשטיינען די לעצטע וווינונג,
פאַר אַלע ריטער און קדושים פון מיין אומה און מיין שפּראַך,
גיב רו דאָרט מאַרקישן און בערגעלסאָנען אונטער דיין געוועלבטן דאַך
און ס'גאָלד פון דיינע אותיות טו־אָן זיי אויף די קעפּ, ווי קרוינען.

אין ליד „ביי דער הייליקער קופּע" דערלויבט זיך ענדלעך דער דיכטער אַ ביסל איראָניע, אַ ביסל שטעכיקן הומאָר אויף דעם אַדרעס פון די פאַלשע טרייסטער און פאַרגעלטער.

ס'געריכט זיך אַנטשולדיקט מיט העפלעכן טאָן,
ווי עמיץ, וואָס טרעט אויף אַ הינער־אויג אָן.
מ'האָט לאַנג שוין פאַרגעלטונג די קרובים געבראַכט,
דעם תלין אַ פריינדלעכן פאָרוואורף געמאַכט.

דעם אָפּטייל פון טרויער־לידער שליסט אַ גרויס און רחבותדיק גע־זאַנג „ביינאַכט אויפן בוידעם פון יידישן מלוכה־טעאַטער". דער פאַר־פאַקטער רעקוויזיט פון געשענדעטן יידישן טעאַטער אין מאָסקווע באַקומט אונטערן שוץ פון דער נאַכטיקער פינצטערניש צוריק זיין לעבן. אויפן בוידעם, ווייט פון אַ בייז אויג, שפּילט ער אויס אַלע ראָלעס, וואָס ער האָט נאָך אין זיין פאַטענץ באַדאַרפט אויסשפּילן אין די טעג אויף די גופים פון די דערמאָרדעטע, צום שיין פון טאָג לויפן די זאַכן פון רעקוויזיט צוריק אין די לעכער, וואָס ער האָט פאַר זיי רעזערווירט, דער „פאַרבאַט".

עס זענען נאָך דאָ אין בוך די אָפּטיילן: „די פליט פון די אַלפּן", „דער חותם פון דער נאַכט"; „אַ רינג אין רינגען"; „מיצקעוויטש אין פּאַריז"; „ישראל". יעדע אָפּטייל האָט זיך פאָרצושטעלן מיט אַ גרעסערער צאָל

שיינע, גוט ריטמישע און גוט רימירטע לידער, הגם מאנכע זינדיקן מיט אַ ביסל צופיל רעטאָרישקייט.

איך האָב זייער ליב אַזעלכע לידער ווי „קאסקאַדן״, ווו פאָרעם, ריטעם און אינהאַלט פאַלן זיך אַזוי גליקלעך צונויף. אַזאַ בילדעריש־שפּילעוודיק ליד ווי „אין גרינעם טאָל״, אַזאַ ליד מיט פיינעם הומאָר, ווי: „שווימט אַ שיף מיט יידן״... אויך די ספּעציפיש שולשטיינישע משלדיקייט האָט אים אין דאָזיקן בוך נישט פאַרלאָזן.

עס איז אַ בוך, רייך מיט גוטע לידער, פיין עסטעטיש אָרויסגעגעבן. די קינסטלער קאָלניק, בען און מאַנע קאַץ, האָבן מיט זייער אָרנאַמענטיק צו־געגעבן חן דער אויסגאַבע.

# אברהם לעוו

שוין אַריבער דרייסיק יאָר געפינט זיך אברהם לעוו ווי אַ חלוץ אין אַ קיבוץ פון ישראל. אויך אַזאַ גלייכע צאָל יאָרן בערך איז ער דער יידיש־באַזינגער פון ארץ־ישראלדיקן פּיזאַזש.

ער געהערט, אברהם לעוו, צו די דיכטער־פּיאָנערן, וואָס האָבן זייער דאָפּלטע פּיאָנערישקייט אויסגעקליבן נאָך אין די יאָרן פון ערב־מדינה און וואָס זענען אָט דער דאָפּלטער שליחות פון פּיאָנער פון יידישער אַרבעט און פּיאָנער פון יידיש־געזאַנג אויף דער ערד פון ישראל טריי געבליבן.

היינט איז מדינת ישראל דער מקום מקלט און דער קיבוץ גלויות פאַרן גרעסטן טייל פון דער שרייבערישער שארית־הפּליטה. אָבער סך־הכל מיט אַ דריי צענדליק יאָר צוריק האָבן זיך אויפן שטיינערנעם באָדן פון דער מדינה אונטערוועגס גרופּירט בלויז עטלעכע חלוצים פון דער יידיש־פּאָעזיע, צו זיי האָט געהערט דער שטילער, באַשיידענער, נאַטור־פּאָעט אברהם לעוו.

בלחשדיק איז דאָס געזאַנג פון אברהם לעוו ווי עס וואָלט געווען באַשאָפן צו זיין די באַגלייטונג פון זיין עבודה פון יעדן טאָג, זיין ליד איז דער אינסטרומענט וואָס אַקאָמפּאַנירט די שווערע פיזישע האָרעוואַניע פון פעלד, מילדערט זי און מאַכט זי דערטרעגלעך...

ווער מיט דער האַרמאָשקע, ווער מיט דער גיטאַרע, אברהם לעוו פאַרזיסט זיך זיין יאָך מיטן יידישן ליד.

אַזוי האָט ער אַלע טאָג פון די דרייסיק יאָר חלוצישער פרייד און פּאָעטישן אומעט, געהאַלטן אין איין האַנט דעם שפּאַדל און אין דער צווייטער האַנט דאָס ווייסע פּאַפּירל. דער שפּאַדל און דאָס פּאַפּירל האָבן זיך קאָמפּלעטירט, דערגאַנצט, זיך קעגנזייטיק געגעבן כוח און האָפענונג. איז דאָך אַ יידישער בחור פון ווילנער קלויז נישט געגאַנגען שפּאַלטן גרודעס קיין ארץ־ישראל ווי צו אַן ערדישן תכלית, נאָר צו ברענגען גאולה...

דער צער פון יאָך, די פרייד פון שאַפן, דער אויפליי אין קיבוצישן ציבור און דער אַקצענט פון יחידישער עקזיסטענץ וואָס האָט געמאָנט, זענען געקומען צום אויסדרוק אין די אותיות און ווערטער, וואָס האָבן אויס־געפילט דאָס פּאַפּירל, וואָס דער פויער־פּאָעט האָט געהאַלטן אין זיין צווייטער האַנט.

אברהם לעוו איז אַ ווילנער. פון ירושלים דליטא האָט ער מיטגענומען זיין יידיש־נשמהדיקע פאַרוואָרצלטקייט, וואָס האָט אויף די צווייגן פון אַזויפיל דורות דאָרט צעהאָנגען אַזוי פיל צורות און אַזויפיל יצירות פון אַ נצחדיקער יידישקייט.

דאָרט אין ווילנע, ווי אין אַלע גרויסע שטעט און קליינע שטעטלעך פון גלות מזרח־אייראָפּע, האָט מען דעמאָלט בעת אַ. לעוו איז נאָך געווען יונג זיך שטאַרק געאַמפּערט וועהין גיין, וועהין אַוועקטראָגן אַזויפיל וואָרצלדיקע אויסגעוואָרצלטקייט? וועהין פאַרטראָגן די אין די טיפענישן פון דער נשמה פאַרגראָבענע אוצרות פון פאַרזיי?

זענען אַ טייל געגאַנגען ווייטער קיין מזרח, נאָכגעגאַנגען דעם סאָ־ציאַלן שופר של משיח בן אפרים, אַנדערע זענען נאָכגעגאַנגען דעם קול וואָס האָט מבשר געווען אַן אייגענע נאַציאָנאַלע גאולה.

דער פּאָעט אברהם לעוו האָט געהערט צו די לעצטע.

דאָרט אויפן באָדן פון ארץ־ישראל האָט דער חלוץ־דיכטער לכל הפּחות באַקומען זיין שכר און באַוווסטזיין, אז זיין אַרבעט איז אַ טייל פון אַ ציבורדיקער מי, וואָס וועט טראָגן ציבורדיקע פּירות.

אין זיין פּאָעטישן נאָטיץ־ביכל האָט ער כסדר פאַרצייכנט די עצבות פון מי און די פרייד פון האָפענונג.

און פיל שפּעטער, נאָך פינף און צוואַנציק יאָר חלוצישער אַרבעט און פּיאָנערישן יידישן געזאַנג קען ער זינגען מיט טרייסט און רואיקער דערוואָרטונג.

אַוודאי בין איך מיד
און אויסגעמאַטערט איז מיין גאַנג
דאָ צווישן בייטן;

נאָר דורך אַלע יאָרן מיין ליד
מיין יידישער געזאַנג
טוט מיך באַגלייטן.

פאַר מיר ליגן איצט צוויי לידער־זאַמלונגען פון קיבוצישן דיכטער אַ. לעוו.

ביידע ביכער זינגען פון נאַטור, פון אַרבעט, פון מי, אָבער אויך פון פרייד, פון שפע, פון ברכה פון דער ערד, פון זון און ליכט:

„כ׳בין אויפגעשטאַנען היינט מיט שטילער פרייד
אַוועק אין פעלד אויפרייסן דעם שוואַרצן באָדן;
און ס׳האָט פאַרשיכורט מיך דער דופט פון בליעכץ און פון קוויט
וואָס איז געשטאַנען אין באַגינען ווי אַ קינד אין פרישן טוי
געבאָדן"

„איז גוט מיך דאָ, אויף דויער ערד, איז גוט
מיט זון און ליכט אין אונדזער לאַנד זיך קערן"

אין דער שטילער, הגם מיט פּאַטאָס פון יצירה דורכגענומענער פּאָע־זיע פון אברהם לעוו איז נישטאָ קיין אָרט פאַר אַ פּרעטענציעלן „איך". אין זיין געמיטלעכער ליריק זענען די אינדיווידועלע אַקצענטן נישט צו שטאַרק אונטערגעשטראָכן.

אָפּטמאָל האָט מען אַפילו דעם איינדרוק לייענענדיק לעווס פּאָעזיע, אַז זיינע געזאַנגען און זעלישע אויסגוסן האָבן קודם־כל דעם ציל זיך אַליין צו פאַרזיכערן, אַז ער האָט נישט אויפגעלייזט זיין גאַנצע יחידישקייט אין קיבוצישן ציבור. ניין, די בענקשאַפטן זענען זיינע! די ליבשאַפט צו דער נאַטור איז זיינע, ער איז דאָ, אַ באַוויז, ער פאַרצייכנט זיינע געפילן, זיינע איינדרוקן, זיינע שטימונגען. ער איז דער פּאָעט פון זיין עצבות און פון זיין פרייד.

אָפּטמאָל האָט ער ליב פון ליריש־פּערזענלעכע שטימונגען איבער־צוגיין צו עפּישע רעמינעסענצן, צו אויטאָביאָגראַפישע זכרונות. זיין פּאָע־

**טיש נאָטיץ־ביכל פירט אים דעמאָלט צוריק צו ווילנער ייגנלערישע יאָרן...**

**מיר ווערן דעמאָלט געוואָר פון ליד און דערמאָנונג, אַז פונקט ווי חיים גראַדע, זיין חבר, בן־עיר און פאָעט פון יונג ווילנע, איז אויך ער — אברהם לעוו — געוואָרן אַ יתום פון זיין פאָטער, פונקט ווי חיים גראַדעס מוטער, האָט אויך זיין מוטער געהאָרעוועט שווער אויף פרנסה און פונקט ווי חיים גראַדע איז אויך ער אברהם לעוו געווען אַ ישיבה־בחור אין קלויזניק...**

און אין דער ווינטערדיקער שטאָט געשפּאַנט האָבן צוויי יאַטן,
יתומים קליינע צוויי (איך ווי דו,ביידע אָן אַ טאַטן),
פון מאַנטעלעך צעפּלאַצטע האָט
אויף דרויסן זיך געשפּאַרט די וואַטע
און ס'האָט דער ווינט אַריינגעבלאָזן דורך די לעכער;
אַ קוימען, ווי אַ פויסט, האָט זיך געדרויטלט
איבער ווילנער דעכער;
די יאַטן האָבן שווייגנדיק געשפּאַנט
און מרה־שחורהדיק געשוויגן,
נאָר פלוצעם האָסטו זיך גענומען ווי פאַנאַנדערוויינען,
צענומען ברייט די גרויסע הענט ווי וויאָסלעס אין דער ווייטן
אַ ברודער, ווען מען קען פון טיפן האַרץ אַזוי אַ שריי־טאָן
אַז עס זאָלן אָט די מויערן זיך טאָן אַ טרייסל!
נאָר איך בין שווייגנדיק געגאַנגען
נישט געוווסט מיט וואָס דיך טרייסטן
און נישט געוווסט האָב איך נאָך דאָן אז ס'ליגט
אין דיר אַ גבורה
וואָס שרייט אַרויס מיט קראַפט איצט פון יעדער שורה...

**אויך אין אַ צאָל אַנדערע לידער דערציילט א. לעוו מיט אַן עפּישער רואיקייט און אַ געמיטלעכער לירישקייט פאַרשידענע אויטאָביאָגראַפישע דערמאָנונגען פון זיינע יוגנטלעכע יאָרן.**

ער דערציילט דאָס מיט איינגעהאַלטענעם אומעט און באַהערשטן צער,
אָבער קיינמאָל נישט מיט בונטאַרישן כעס, קיינמאָל נישט מיט האַס.

אַפילו אַזאַ טעמע ווי „מבצע סיני" אַזאַ ליד וועגן מלחמה אין לאַנד, זון אויפן שלאַכט־פעלד, זאָרג, צער און אומרו אין אייגענעם הויז, מאַכן נישט העכער זיין שטים, העפטיקער זיין טאָן.

פון געאַקערטן פעלד שעפט ער זיין כוח, זיין שטילקייט, זיין באַהערשטקייט.

אויף ביאַליקס רויט־ווערן פון בושה, ווייל „נישט זיינע הענט האָבן די תבואה געשטאַלטיקט" ענטפערט ער רואיק אין ליד „אין פעלד":

אָ, ניין, נישט ווי ביאַליק אַמאָל טו איך
מיין פנים אין דר'ערד טיף באַהאַלטן —
ווייל איך האָב געאַקערט דאָס פעלד
ווייל איך האָב די תבואה געשטאַלטיקט.

מיין שוויס איז גערונען אָט דאָ
אויף דעם געטריקנטן באָדן,
און איצט שיסט אַרויס יעדע זאַנג
מיט כוח מיט מיינעם באַלאָדן.

אין אונדזערע צייטן פון אויפברויז און צעשטורעמטקייט זענען די לידער פון אברהם לעוו אן אינדזל פון רו און אידיליע פון פעלד־אַרבעט און נאַטור־נאָענטקייט.

# בינם העלער

## „ביים ראַנד"

דער ערשטער ציקל לידער אין בוך „ביים ראַנד" פון בינם העלער, וואָס איז דערשינען אין ישראל — די נייע און ענדגילטיקע היים פון דיכטער — הייסט „חרוב". אַלע לידער פון דאָזיקן אָפּטייל זענען גע־ווידמעט דעם חורבן. זיי זענען געשריבן אין די נע־ונד יאָרן אין רוסלאַנד בעת דער מלחמה און אונטערגאַנג פון דער פאַרלאָזטער היים אויף די הין און צוריק־וועגן פון וואַרשע־ביאַליסטאָק־אלמא־אַטא־מאָסקווע־וואַרשע.

דער צווייטער ציקל „ביים ראַנד" אַנטהאַלט לידער פון חרטה „דערפאַר ווייל איך האָב אויך געשוויגן" און פאַרשוויגן פּאָגראָם און פאַרברעכן.

די דריטע און לעצטע סעריע לידער אין בוך רופט זיך „דער רוף". דער רוף קומט פון ישראל, ווו דער דיכטער באַפרייט זיך פון קאָשמאַר פון חורבן, וואָס האָט זיך הויך און ברייט אָנגערופן ביים נאָמען און פון קאָש־מאַר פון פאַרברעכן, וואָס האָט זיך כיטרע פאַרשטעקט אונטער די רויטע תכריכים פון פּסיידאָ־סאָציאַלן געשפּענסט. די לידער פון אָט דער לעצטער סעריע פאַרלירן זייער בלוט־שפּאַנונג. זיי זענען קאָנטעמפּלאַטיווע, געליי־טערטע, געוואָנדן צו דער נאַטור. זיי זענען רואיקע, באַרואיקנדיקע, האָפע־נונגספולע.

בינם העלער געהערט צום דור יידישע פּאָעטן, וועמען עס האָט גע־מאַכט זינגען די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע נויט פון אונדזער צייט און פון אונדזער פאָלק, אַרויסגעריסענע פון די וואַרעמע, אָבער פאַרחושכטע היימען, פאַרשלעפּטע אין געווירבל פון מאַסן־געזאַנג, ווו אַלע קולות — ספּאָנטאַנע און אָרגאַניזירטע — פון יחידישן, פאָלקישן און סאָציאַלן רע־וואָלט, האָבן זיך צונויפגעמישט אין איין געשריי פון אויסלייז און אויפ־לייז; צו וועמענס טענער עס איז געווען גוט און באַקוועם בייצושטייערן מיט אַן אַנטפּערזענלעכטן, אָבער פאַרט אייגענעם טאָן.

העלערס פּאָעטישער „איך" איז תמיד אַ מאָסנדיקער, זעלטן אַ פּער־

זענלעכער. בינם העלער איז אַ ליריקער, אָבער זיין ליריק איז נישט קיין סוביעקטיווע, זי איז אַן אינדיווידואַליזירטער עכאָ פון אַ מאַסן־ניגון.

דעם דאָזיקן גרונט־שטריך איז ער טריי געבליבן אין אַלע זיינע שאַ־פונגען אַדורך אַלע זיינע טראַנספאָרמאַציעס פון די לעצטע יאָרן. און דער דאָזיקער שטריך ווערט די בריק, איבער וועלכער ער שפּאַנט לייכט צו אַלע פּאָעטישע פאַרוואַנדלענישן אָן נשמה־פאַרדאַרבונגען. אָן דעם דאָזיקן נאַ־טירלעכן שטריך וואָלטן אונדז פיל פון זיינע לידער אויסגעזען ווי הוילע גראַמען־אָפּנאַרעריי.

איין קליין לידל „דער ריח פונעם פריש־געבאַקענעם ברויט״ גיט מיר מער ווי אַ סך אַנדערע אַ שליסל צום מקור פון זיין פּאָעזיע און צו די בלאָנדזשענישן, וואָס האָבן זיך פון אים אַרויסגעוויקלט.

די אַלע ריחות, וואָס די גוטע ערד
האָט איבער מיינע יאָרן מיר פאַרטרויט —
זיי האָבן נישט פאַרשלאָגן און צעשטערט
דעם ריח פונעם פריש־געבאַקן ברויט.

און צום סוף פון זעלבן ליד:

פאַרוואָס איז אָט דער ריח אַזוי שטאַרק,
אַז ער באַגלייט מיך ביז צום סאַמע טויט?
ווייל אין מיין קינדהייט האָט מען מיר געקאַרגט
דאָס פריש־געבאַקן ברויט.

לא על הלחם לבדו יחיה האדם. אין דער בענקשאַפט צום פריש־גע־באַקענעם ברויט האָבן זיך זיכער באַהאַלטן אַ סך נישט דערפילטע בענק־שאַפטן. און אַלע האָבן זיי באַדאַרפט דערפילט ווערן דאָרט... דאָרט.. ווו מען לייזט זיך אַזוי לייכט אויף אין דער מאַסע, ביז צום ווערן אַ מיליאָנסטל טייל פון אַן אָפּקלאַנג פון אַ „הורא״.

און אפשר איז כדאי אַפילו אָפּצוואַרטן מיט געדולד איבער אַלע אַנ־טוישונגען, איבער אַלע אומגערעכטיקייטן?

אָבער דער מאַסן־מאָרד־פינאַל האָט ענדלעך באַוויזן דעם דיכטער, אַז מען טאָר קיינמאָל נישט אריבערגיין איבער אומגערעכטיקייט מיט פאַר־שוויגן. און איצט פרעגט זיך דער דיכטער:

און אפשר פאַלט אַ טייל פון אָט דער שולד
אויף מיר — דערפאַר, ווייל איך האָב אויך געשוויגן?

און אין איין ליד וועגן יענע דיכטער פּושקין, מיצקעוויטש, לאָרד בייראָן, וואָס האָבן יאָ געוווּסט מקריב צו זיין זייער לעבן, זאָגט דער פּאָעט זיך אַליין:

פון זיי דאַרף איך צו לערנען, אַז דאָס בלוט
ביי יעדער אומגערעכטיקייט זאָל זידן,
די דרייסטקייט און דעם בירגערלעכן מוט,
די מידה פון נישט זיין מיט זיך צופרידן,
דאָס האַרץ זאָל אויף קיין טאָג נישט בלייבן שטום,
נישט שלום מאַכן מיטן קלענסטן ליגן,
כדי דאָס וואָרט אין הונדערט יאָר אַרום
זאָל בלייבן נישט פאַרשוויגן.

יאָ, אין דער זעלבער צייט זענען פון העלערן דערשינען אין פּוילן אויך אַנדערע לידער, לידער, וועגן וועלכע מ. מירסקי זאָגט אין אַ זייער מעלאָדראַמאַטישן אַרטיקל (פאַרעפנטלעכט אין „פאָלקס־שטימע" אין פּוילן), אַז דאָס איז העלערס ירושה, פון וועלכער ער, מירסקי, וועט זיך נישט אָפּזאָגן. „מיר וועלן זיי אָפּראַטעווען פון דער שחיטה, וועלכע דער דיכטער אַליין איז איבער זיי (די לידער — ל. ד.) באַגאַנגען".

נישט אָפּזאָגן זיך פון דער דאָזיקער ירושה וועלן זיך אויך עטלעכע סאַדיסטן, וועמען די זינד פון נעכטן פרייען מער, ווי די ראַנגלענישן פון היינט זיך צו באַפרייען פון זייער נעץ.

מיר אָבער וועלן מיט די זינד פון די אַרויסגעריסענע פון קאָשמאַר

בלויז באַלאַסטן די וואָג פון אַ רעזשים, וואָס האָט באַצוואונגען, גענאַרט, גע־קוילעט און געמאַכט אַ ברכה.

אגב, די לידער פון ציקל „חרוב", געשריבענע דווקא אין רוסלאַנד, זענען עדות פון אַ שטאַרק נאַציאָנאַל געפיל און פון אַ טיפער פאַרוואָרצלט־קייט אין יידישן עבר. סיי דער אינהאַלט, סיי די פאָרעם פון די לידער און דער אופן פון אויסדרוק, זאָגט דערויף עדות:

נעם איך דעם כוס אין דער רעכטער האַנט —
מיר איז דער גוף, די נשמה איז קראַנק,
פול ביז צום ברעג מיט דעם גיפטיק געטראַנק,
נעם איך דעם כוס אין דער רעכטער האַנט,
מאַך איך הבדלה ביי ברענענדיק לאַנד.

רויט איז דער הימל, שוואַרץ איז דאָס גראָז,
פעלדער מיט נאַקעטע ביינער פאַרזייט,
קברים אויף קברים, אויף לענג און אויף ברייט,
רויט איז דער הימל, שוואַרץ איז דאָס גראָז,
אַלט איז די תפילה: פאַרוואָס אוי, פאַרוואָס?

(„הבדלה", 1943, אַלמאַ אַטאַ)

מיט טיפער געריריטקייט לייענען זיך אַזעלכע לידער ווי „אַ פריי־לעכס", „ישראל שטערן", „אהל פרץ", „ביים דענקמאָל פון געטאָ", „אָן יידן".

העלער געהערט נישט צו די דיכטער, וואָס נידערן אין די נשמה־טי־פענישן. ער גייט אין די ברייטן, אָבער זיין נאַטירלעכער רעאַליזם איז נישט באַנאַליזירט. ער בלייבט תמיד אויף אַ פּאָעטישער הויך.

זיין גראַם איז אַ לייכטער, אָפטמאָל אַ צו לייכטער, ווי ער וואָלט אים זוכנדיק געפונען נישט וויסנדיק. אָבער אין סך־הכל, נאָכן לייענען מערערע לידער, געפינט איר אויף זיי אויסגעגאָסן אַ חן, אַ צויבער, וואָס באַווירקט אייך.

און איך דערהאַלט זיי, די לידער פון „ביים ראַנד", אַלע, אַזוי ווי זיי

זענען. די לידער פון קינות אין „חרוב", די לידער פון חרטה אין „ביים ראַנד", די לידער פון האָפענונג אין „דער רוף". איך דערהאַלט זיי, ווי די פּאָעזיע פון אַ ידישן דיכטער, אַ מיטגעריסענעם און צעריסענעם פון אַלע שטראָמען, ווי אַ געראַטעוועטן פון פרעמדן און אייגענעם שאול תחתית און ווי אַ דאָקומענט און אַן אויסדרוק פון אונדזער טראַגישער פיל־נסיונות־דיקער צייט.

און ענדיקן וויל איך מיט אַ ווונטש: ער זאָל געפינען אין דער בייער היים פון יידישן פאָלק מנוחה און נחלה, ווי עס קומט יעדן יידן, וואָס קערט זיך צוריק צו זיין פאָלק און צום לאַנד פון די יידן.

## „נייע לידער"

איך בין שוין ווייט אַוועק, נאָר אין געלויף
איך פיל נאָך אַלץ דאָס פאָכען פון אַ קנוט
מיר דאַכט זיך, אַז דער טייוול מאָנט אַ חוב,
וואָס כ'האָב אַמאָל געחתמעט מיט מיין בלוט.

איך האָב געהיפּערט איבער צוואַנציק שטעט,
איך האָב פאַרלאָזט אייראָפּעס קאָנטינענט.
נאָר אין דעם שוואַרצן שאָטן פונעם שד,
געפּענטעט זענען מיינע פיס און הענט.

איצט בין איך צווישן וויסטעניש און ים —
אַ מקום מקלט אויף אַ שמאָלן פּאַס,
אַ וואַנט פון וואַסער און אַ וואַנט פון פלאַם
דאַרף ראַטעווען מיין לעבן פונעם האַס.

איצט איז ביי מיר געבליבן איין באַגער,
צו לערנען חכמה פונעם גרויען שטיין,
און ווערן פרעמד און אומבאַוווּסט ווי ער,
אין שטומער קראַפט פון קענען זיין אַליין.

*

איך הייב גלייך אָן מיט ציטירן אַ גאַנץ ליד פון בינעם העלערס „בייע לידער", זאָל ער אַליין דערציילן זיין געמיט מיט אייגענע דיכטערישע ווערטער; זאָל ער אַליין פון זיין טיפסטן אינעווייניק זיך פּאַרטייטשן, איידער איך, זיין אויסווייניקסטער לייענער, טרעט צו אים צו טייטשן און אינטערפּרעטירן.

איך האָב געלייענט די לידער פון זיין נאָר־וואָס פּאַרעפנטלעכטער זאַמלונג מיט דער הנאה, וואָס ער פאַרשאַפט גוטע פּאָעזיע און מיטן אינטערעס, וואָס עס פּאָרדינט אַ צעבראָכן געמיט פון אַ דיכטער, וואָס האָט זיך לאַנג געפּלאָגטערט אין די פּענטעס פון בייז, וואָס האָבן געשטיקט און געדריקט ביז צום פּאַרלירן דאָס נאַטירלעכע באַוווסטזיין.

וואָס שייך דעם שרייבער פון די שורות, האָט ער קיין מאָל נישט געהאַלטן, אַז אַ יידישער דיכטער האָט נישט קיין רעכט צו האָבן אָפענע אויערן און שפּירעוודיקע חושים פאַר די ראַנגלענישן פון זיין דור. ער איז אויך תמיד געווען זיכער, אַז אַלע געזאַנגען און פּראָטעסטן פון באַ־עוולטן זינגען צו אים אַלץ איינס אויף יידיש, און אַז נאָר די אידענטיפי־צירונג מיטן באַעוולטן איז דער סטימול פון זיין ליד און, אַז נאָר אין דאָזיקן קול גיט ער אַריין אין שותפות זיין ליד. און אַוודאי איז עס געווען וואָר פאַר אַ יידישן דיכטער אין פּוילן ערב דער קאַטאַסטראָפע, ווען וועלפישע אויגן, הינטישע ציין און חיהשע פּיסקעס האָבן געשטערעקט פון אַלע ווינקלען זייערע העלדזער צו פאַרציקונג און פאַרלענדונג.

וואָס אַ טייל יידישע פּאָעטן האָבן נאָך נישט געקענט און נישט געוואָלט פאַרשטיין איז געווען, אַז אין גרויסן פליץ פון שנאה און פון בלוט האָבן שוין לאַנג אַלע פאַרציקערס געשלאָסן אַ בונד קעגן אָנגעבריטן קרבן.

ווען דער דיכטער האָט פון קאָנצעסיע צו קאָנצעסיע זיך געשטראָכן, זיך געמעקט און זיך פאַרלייקנט, האָבן שוין אַלע נאָענטע נישט באַדאַרפט קיין גליקן און הבטחות צוליב די פּיסקעס פון גרויסן פאַרציקער, און זיין יידישע שפּראַך און זיין יידיש ליד זענען שוין געווען ליקווידירט צוליבן באַגליקער —

אין מויל — אַ ביטערניש פון סם.
אין האַרץ — אַ ווייטיק, וואָס פאַרקלעמט.
די טיפע וואָרצלען פון מיין שטאַם
נאָך ליגן ערגעץ אין דער פרעמד.

מיין מאַמעס לשון איז דאָרט שטום,
מיין טאַטנס קבר איז צעשטערט.
אַ קאַלטער ווינט זוכט מיך אַרום
אויף מיילן שניי־באַדעקטער ערד.

**אַ דערוועקטער, אַ דערוואַכטער, אַ צעשראָקענער זעט בינם העלער אַרום זיך די גרויסע ליידיקייט, דער ליגן איז אויסגערונען און געבליבן איז בלויז אַ הוילע פוסטקייט, וואָס נאָגט און מאָנט און בלויז דאָס קול פון די נישט־אויסגעלעבטע מאָנערס שרייט פון דער ערד:**

ווו זענען די מאָנערס — די גראָע געשטאַלטן,
וואָס האָבן געווינט אין דעם פירעק פאַרמאַכט?
איך הער נאָר ביז איצט די פאַרשטיקטע געוואַלטן
פון פריען באַגינען ביז שפעט אין דער נאַכט.

יאָ, איך האָב געוואָגט און זיי איבערגעשריגן,
פאַרטויבט זייער ביטער געוויין מיט אַ ליד.
צי האָט דען מיין צוזאָג געקענט זיין אַ ליגן,
אַז מיר האָט דאָס וואָרט אויף די ליפּן געבריט?

**אַזעלכע זענען די לידער פון איצטער, די נייע לידער.**

**זיכער זענען אויך איצט די גילגולים, די אומוואַנדלונגען, די פרעמדע טומלענישן — די הויפּט־טעמעס פון זיינע לידער, אָבער אַנדערש זינגט ער וועגן זיי איצטער, מיט מער רואיקייט און אינזיכיקער שטילקייט, מיט פּאַטעטישער געזעצקייט.**

ווען ער איז מיט אַן ערך זיבן יאָר צוריק געלאָפן איבער שטאָק און שטיין, זיך אַרויסגעריסן און דורכגעריסן, האָבן זיינע לידער פון „ביים ראַנד" נאָך געהאַט די כוונה זיך צו פאַרשרייען, זיך אַוועקצושרייען פון יענער געפאַנגענער וועלט, פול מיט פאַלשער פאַטעטיק און פרעמדער שמחה. דערוועקט האָבן יענע לידער האַס פון פיינט און שמייכלענדיקן שפּאָט פון געוויסע פריינד — — —

איצט דאַרף איך מיט דער שטילקייט אויסצושווענקען
דעם לעצטן שפּור פון פאַלשקייט אין געהער.
כל זמן איך וועל אַ קלאַנג פון דאָרט געדענקען,
וועט גלייבן זיך אַליין אויך זיין מיר שווער —

די פאַזע פון גלייכגעוויכט איז געקומען. אַ פאַזע פון דיכטערישער נאָרמאַליזירונג און מעג זי זיין אַ מעלאַנכאָלישע, אויסגעפּילט מיט סקעפּטיציזם, איז עס דער וועג, וואָס פירט צו אייגענע פאַטעטישע שטילקייטן.

איך לייען כסדר אַלע לידער, וואָס הגם זיי זענען תמיד מרמז אויפן נעכטן, זענען עס לידער איצטיקע אַקלימאַטיזירטע, וואָס הייבן אָן שמעקן מיט וואָרצל, ווי איבערגעפלאַנצטע ביימער, וואָס נעמען זיך אָן אין באָדן.

און סיי דאָס זענען די נאַטור־לידער פון ערשטן פּרק, סיי די לידער פון אַליינקייט און איינזאַמקייט פון קאַפּיטל „אין מיטן", און סיי די אינטים־פּערזענלעכע לידער פון לעצטן פּרק „נאָענט", געפין איך אומעטום אַ נייע היימישקייט, דורכגעגליט פון נייעם פּייזאַזש. בלויז שוין דורך קאָנפראָנטירן די צוויי קלימאַטן — דעם קלימאַט פון שניי און דעם קלימאַט פון מדבר־דיקער זון — ברענגט ער אַרויס אָפּט דעם מהלך פון שטימונגען און געמיט־צושטאַנדן פון נעכטן און היינט.

אָבער נישט תמיד קומען די קעגנגעזעצטע קלימאַטן עדות זאָגן אויף דעם מהלך פון פאַרשווונדענעם „ויתרוצצו". אָפּטמאָל קומען זיי פאַרקערט אָנווייזן אויף די נישט־דערשטיקטע בענקשאַפטן, ווייל נישט תמיד איז אונדז מעגלעך שטימונגען און בענקשאַפטן גובר צו זיין. קלימאַטן האָבן אויך דעם ניגון פון אונדזער יוגנט, וואָס הערן נישט אויף צו באַגלייטן און צו באַאומרואיקן.

אַ בריוו פון וואַרשע איז היינט אָנגעקומען
געגאַנגען איז ער מיט דער שנעלסטער פּאָסט —
און איך האָב ווידער זיך דערמאָנט די בלומען
אויף שויבן, איינגעקאָוועטע אין פראָסט.

ניין, נישט די בייזע קעלטן איך באַדויער
און נישט פאַר יענע בלומען טוט מיר באַנג.
אַ שאַרפן ניגון האָט געהאַט דער טרויער,
און אים צוליב איז מיין נשמה קראַנק.

**אין אַ ליד „ווערטער" אַנאַליזירט דער דיכטער מיט ביטערניש דעם גאַנצן פלאַנטער און טרויער פון זיך מוזן פּערזענלעך אויסדריקן דורך ווערטער:**

ער וואָלט געדאַרפט זיין נאָמען אויסצומעקן,
און נישט דערקענען זאָל מען מער זיין שטימע,
כדי די ווערטער זאָלן זיך דערוועקן,
אין לעבן, ווי אין תפילות אַנאָנימע.

**אין אַ צווייט ליד פון דער זעלבער סעריע וואָגט ער צו זאָגן:**

איך ווייס שוין, אַז מיט גלויבנדיקן גלי,
מען קען אויך זינגען ליגנערישע לידער.

**שורות געפּערלעכע, וואָס נאָר דער ווירוואַר פון שטימונגען קען זיי פאַרענטפערן ווי אַ „פאַררעדן זיך" און מאָמענטן פון איבערגעטריבענעם סקעפּטיציזם.**

*

**זייער גרויס איז די צאָל שיינע און גוטע לידער אין דעם בוך „גייע לידער". פאַרשידן זענען די שטימונגען, הגם דער רוב — דורכגעזאַפּט מיט**

**וועדטער און ווערטן**

**יאוש און געוויסער רעזיגנאַציע, אָבער איך האַלט זיי אַלע פאַר אַן אָנזאָג — פון אָט דעם גוטן דיכטער — צו אַ גוטן אומקער צו זיך אַליין.**

**צום סוף וויל איך ענדיקן מיט ציטירן אַ קליין ליד, וואָס זינגט וועגן אונדזער אַלעמענס אָנהייב און גיט דעם צייכן, אַז גאָטס האַנט באַרירט נאָך אַלץ דעם מענטש און בלאָזט אין אים אַריין דורך זיין אָטעם־הויך פון „נאַקעטקייט די פרייד"׃**

צום ערשט האָט גאָט באַשאַפן דעם גן־עדן,
און פרילינג — אין דער שענסטער צייט פון יאָר,
דערנאָך האָט ער פון נאַקעטקייט די פריידן
אַוועקגעשענקט צום ערשטן מענטשן־פּאָר.

זיי האָבן נישט געוווסט נאָך זיך צו שעמען —
אין צווייען האָבן זיי באַוווינט די וועלט;
די חיות האָבן נישט געהאַט קיין נעמען,
ווען גאָט האָט זיי פאַר אדם פאָרגעשטעלט.

— דו רוף זיין אָן! און באַלד ביים ערשטן צייכן,
די בושה איז ביים אים געוואָרן וואַך.
דורך איר האָט אדם אָנגעהויבן גרייכן
צום זינגענדיקן ריטעם פון דער שפּראַך.

**פון מעטאַמאָרפאָזע צו מעטאַמאָרפאָזע קומט בינם העלער צו די אייגענע קוואַלן פון פּאָעזיע, וואָס זענען רייך און דערקוויקנדיק.**

**פּאַריז, דעם 7טן נאָוועמבער 1964**

# זלמן שזר

## ליכט פון פערזענלעכקייטן *

אין פלאַם און שיין פון ליכט, וואָס זלמן שזר וואַרפט אויף זיינע „פער־זענלעכקייטן" דערקענט זיך קודם־כל דער מחבר אַליין; אין שפיגל פון די כאַראַקטערן, וואָס ער שילדערט, די עפּיזאָדן וואָס ער מאָלט. די שיטות, וואָס ער אַנאַליזירט, זעט זיך די פערזענלעכקייט שזר גופא, איינער פון די, וועלכע האָבן אַליין דורך דעם פלאַמיקן וואָרט און אינטענסיווער אַקציע געהאָלפן געשטאַלטיקן און פאָרמירן אַלע עטאַפּן פון ערב־מלוכהשן ביז צום נאָך־מלוכהשן ישראל.

מען מוז אַליין האָבן מיטגעמאַכט דעם לאַנגן וועג פון וואַרעמען געטאָ־שויס פון שטעטל ביז צו דער גרויסער קוזשניע פון וועלט־פּראָבלעמען, פון די „געצעלטן פון תורה" פון אַ ישיבה־מתמיד ביז צו די קאַטעדרעס פון אַלע אָפיציעלע און נישט־אָפיציעלע אוניווערסיטעטן, ווו עס האָבן געמאָלן די מילן פון אַלע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע טעאָריעס און דאָקטרינעס פון ערב דער עפּאָכע פון פּראַקטישע עקספּערימענטן ביז צו די אָנהויבן פון געלונגענע און דורכגעפאַלענע רעאַליזאַציעס — אַז מען זאָל קענען באַנע־מען, שילדערן און אַנאַליזירן אַזויפיל כאַראַקטערן, אַזוי פאַרשידענע לויט זייער טעמפּעראַמענט, לויטן געביט פון אַקטיוויטעט און געדאַנק.

זלמן שזר האָט שוין נישט געהערט צום דור וואָס האָט באַדאַרפט זוכן אַ פּשרה צווישן ייִד און מענטש ווי מיט אַ דור פריער אין דער השכלה־תקופה. די „פּשרה" איז אין זיינע צייטן שוין געווען אַ געמאַכטע, אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכע. פּערזענלעך האָט ער אויך נישט געהערט צו די וועלכע מוזן ערשט מאַכן שלום צווישן זייער ייִדישקייט און סאָציאַליזם. דאָס איז

* „אור אישים", פאַרלאַג „עם עובד", תשט"ו

ביי אים געווען מער ווי נאַטירלעך. אַנדערש איז געווען אומדענקבאַר. עס איז ממש געווען היינו הך. יידישקייט און עכטער הומאַנער סאָציאַליזם האָבן זיך ביי אים אידענטיפיצירט פון די יינגסטע יאָרן אָן, פון די צייטן פון זיין סטודענטשאַפט אין פעטערבורג, בערלין פאַר און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

נויטווענדיקייטן פון דער תקופה און פערזענלעכע אייגנשאַפטן האָבן פון אים געמאַכט דעם מענטש פון אינטערעסאַנטע געשפּרעכן מיט פּער־זענלעכקייטן וואָס האָבן דעצידירט אין וויכטיקע סאָציאַלע און אינטערנאַ־ציאָנאַלע אָפּשניטן אין אַ מאָמענט פון אַ הרת־עולמדיקער עפּאָכע. זיין דורכדרינגענדיק אויג, שאַרפע אַנאַליטישע מעגלעכקייטן, רייכע שפּראַך און געשיקטע פעדער האָבן אים ממש באַשטימט צו ווערן דער פּראָזשעק־טאָר־וואַרפער איבער פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן מיטגעשטאַלטיקט די לעצטע צוויי דורות.

איך ווייס נישט וואָס איך זאָל פריער באַוואונדערן, די קראַפט פון שיל־דערן, צי די אומגעהויערע רייכקייט פון וואָרט, וואָס ביי אים ווערט זי קיין מאָל נישט קיין סתם אָנהויפונג פון מליצה, נאָר אַ כסדרדיקע שטייגערונג פון געדאַנק, אַן אַנטוויקלונג וואָס איז אין יעדן וואַריאַנט עפּעס מחדש.

דאָס בוך וואָס אַנטהאַלט קנאַפּע 500 זייטן, באַשטייט פון זעקס אָפּ־טיילונגען, אין יעדער אָפּטיילונג רעדט זיך פון אַ צאָל פּערזענלעכקייטן, פאַרבונדן דורך אַ שותפות פון אידעע, פון כאַראַקטער אָדער פון גורל.

זיין מעטאָדע פון אַנאַליז:

פּאַרגלייך און קאָנטראַדיקציע, גזרה שווה און סתירה. ער ווייסט אַז ירושה, יידישע ירושה איבערהויפּט, קען גורם זיין אי צו להכעיסדיקער קעגנערשאַפט צום שטאַם, אי צו ליידנשאַפטלעכן פאַרלאַנג צו המשך און אַמאָל ווירקן ביידע כוחות פון צוצי און אָפּשטויס און האַלטן די פּערזענ־לעכקייט אין אַ קאַלטן גלייכגעוויכטיקן דיסטאַנץ פון ביידע זייטן.

מיט דער דאָזיקער מעטאָדע און מיט לעבעדיקער אָבסערוואַציע אַלס צוגאָב גייט שזר צו צו זיינע פּערזענלעכקייטן, צי דאָס איז עדוואַרד בערנ־שטיין, מאַרטאָוו, יוסף בלאָך און די אַנדערע וועלכע זענען געווען צוליב אומשטענדן און דערציאונג אָפּגענאָפּלט פון שטאַם.

היימיש, וואָרעם און פאַטעטיש ווערט דער מחבר ערשט ריכטיק ווען ער קומט צו אַזעלכע געשטאַלטן ווי ווייצמאַן, סאָקאָלאָוו, זשאַבאָטינסקי, בערדיטשעווסקי, בער באָראָכאָוו, בערל (קאַצענעלסאָן) און אַנדערע גדו־לים פון גייסט און טאַט אויף די געביטן פון נאַציאָנאַלער, אינטערנאַציאָ־נאַלער און שריפטשטעלערישער אַקטיווּיטעט.

רעדנדיק וועגן מארטאָוון זאָגט שזר: „די יידישקייט פון די אַלע האָט בלויז באַשווערט זייער אויפגאַבע, זייערע קעגנער פון אויסנווייניק און פון אינעווייניק האָבן נישט אויפגעהערט אָנצוווייזן — דירעקט אָדער אומ־דירעקט — אויף זייער יידישן שטאַם ווי אויף דער סיבה פון זייער רע־וואָלטירטקייט. אָבער זיי אַליין האָבן נישט פאַרשטאַנען פון וואָס זייערע קעגנער רעדן. זיי אַליין האָבן גאָרנישט געפילט, אַז עס איז פאַראַן עפּעס אַ צוזאַמענהאַנג צווישן זייער סאָציאַליסטיש־אינטערנאַציאָנאַלן פּלאַם אין זייער נשמה און זייער יידישן אָפּשטאַם. פאַרקערט, אין זייער אויפגעשטורעמ־טן האַרץ האָבן זיי אין יעדן פרווו פון אַזאַ אינטערפּרעטאַציע געזען אַ שענדלעך מיטל פון פאַרדרייען און פאַרקרימען די ווירקלעכקייט".

פראַכטפול איז זיין עסיי־פּאָרטרעט וועגן נחום סאָקאָלאָוו. אפשר זע־נען עס מיינע ספּעציעלע סענטימענטן צום „עילוי" פון פּוילישן יידנטום, צו דער לעגענדע פון חסידים־שטיבל און רבי פון מיין טאַטן ע"ה דעם פּלייסיקן „הצפירה"־לייענער, אָבער איך האָב געפונען די באַצייכענונג „עילוי פון עילויים" אויף נחום סאָקאָלאָוו, אַלס די סאַמע כאַראַקטעריס־טישסטע.

אין זיין עסיי וועגן וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי דעם וווּנדערלעכן אָראַ־טאָר, שרייבט שזר: „סוף כל סוף וואָס איז אַ רעדע? אַפילו נישט קיין ליד, וואָס מען קאָן ארויסלייענען פון כתב און איבערגעבן אַ צווייטן צו לייענען אַ צייט שפּעטער, אַפילו נישט קיין ראָל פון אַ בינע־אַרטיסט, וואָס נעמט אָן אַ באַשטימטע פאָרעם געבונדן דורך זשעסטן און באַוועגונגען און ווערט אָפט מאָל איבערגעחזרט אָוונט נאָך אָוונט. אַ רעדע איז אָבער בלויז אַ חלום, אַ פיקציע, אַ פלאַטערל וואָס לעבט אַ דריי־פערטל שעה און געענדיקט". און אַ ביסל ווייטער גיט ער צו.

„ער, זשאַבאָטינסקי, האָט געפּרוּווט זיך קעגנשטעלן זיין אַכזריותדיקן

גורל פון דער עפּעמערישער עקזיסטענץ פון זיינע רעדעס. ער האָט גע־וואָלט באַלזאַמירן דאָס פּלאַטערל״.

„באַלזאַמירן דאָס פּלאַטערל״! אַ גרויסאַרטיקע דעפיניציע! עס איז גוט צו וויסן, אַז שזר אַליין, דער גרויסער פּלאַמיקער אָראַטאָר, באַצייכנט אַזוי דאָס בלויז גערעדטע וואָרט.

איך קען נישט נאָכגיין אַלע עסייען און אַלע פּאָרטרעטן. זיי זענען אַריבער פופציק אין בוך „ליכט פון פּערזענלעכקייטן״. די עסייען וועגן ב. באָראָכאָוו און וועגן בערל, וואָלט שטאַרק געלוינט צו ציטירן. איך וועל זיך בלויז באַגנוגענען זיי צו דערמאָנען.

וועגן באָראָכאָוון דעם „מאַרקס פון יידישן סאָציאַליזם״ שרייבט זלמן שזר, נאָך דעם ווי ער גיט די פּערזענלעכקייט, די עפּאָכע און די השפּעה „ער האָט געפונען די סינטעזע פון ציוניזם און מאַרקסיזם און דערמיט דער־גרייכט דעם טאָפּלטן ציל: ער האָט געראַטעוועט אַן אויפגעשטורעמט דור, ער זאָל נישט אָפּגעריסן ווערן פון זיין ציוניסטישער מיסיע און ער האָט געראַטעוועט דעם ציוניזם אַליין אין אַ צייט פון מהומה און קריזיס. ער זאָל נישט אָפּגעריסן ווערן פון יונגן צעשטורעמטן דור״.

פון זייער איידעלן און דינעם שטאָף איז געוועבט די עסיי וועגן בערל קאַצענעלסאָן, וועגן זיין אידעאַליזם און וויזיע פון אַ געזונט יידיש לעבן. שזר געפינט פאַר אים די פּאַסיקע שפּראַך, בילד און משל.

אַ פּערזענלעכע סאַטיספאַקציע האָט מיר געגעבן אַן עסיי וועגן יונג־כאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער אַהרון זאב אשכולי, מיין יוגנט־חבר פון לאָדזש און פון די ערשטע פּאַריזער יאָרן.

און אין סך־הכל אַ זייער אינטערעסאַנט און פיין געשריבן בוך, וואָס אויך דער יידיש־לייענער וואָלט באַדאַרפט באַקומען די מעגלעכקייט עס צו לייענען.

1953

## זלמן שזרס רעקאָנסטרוקציע פון ליטווישן שטעטל

אין איינעם פון זיינע צאָלרייכע מאמרים זאָגט זלמן שזר וועגן חסי־דים: חסידים האָבן אָפּגעהיט אַלע ירושות. זיי האָבן קאָנסערווירט אַלע תורות: תורה שבכתב, תורה שבעל פה, קבלה, חסידים האָבן גאָרנישט באַנייט, זיי האָבן אָבער אַלץ באַלעבט.

ר׳ זלמן שזר אַליין איז אַ חסיד, זיין שורש־נשמה איז חסידישער ברען, התלהבות און וועגן אים גופא קען מען זאָגן: ער באַלעבט אַלץ, ער באַלעבט אַלע טעמעס, אַלע פּערסאָנאַזשן צו וועלכע און צו וועמען ער רירט זיך נאָר צו מיטן פלאַם פון זיין יידיש האַרץ, מיט דער חריפות פון זיין לומדישן קאָפּ.

אַלע ירושות זענען אים הייליקע, אַלע צורות פון יידישקייט זענען אים טייער. ער קומט קיינמאָל גאָרנישט ממעט זיין, פאַרמינערן, אַראָפּנעמען. ער קומט תמיד אַריינגעבן אַ גייסט פון לעבן, פון נשמה אין אַלע זיינע מחשבות, זכרונות און עסייען, אַרויסגעברענגטע אין גערעדטן אָדער געשריבענעם וואָרט.

בעת מיין קורצן ווינטער־אָפּרו פון 1963 אויף דער פראַנצויזישער ריוויערע, האָב איך אין מיין זייער באַגרענעצטן לייען־באַגאַזש מיטגענומען ז. שזרס „פרימאָרגן־שטערן״ („כוכבי בוקר״, 6טע אויפלאַגע, „עם עובד״, תל־אביב) די גאָלדיקע ערב־פרילינג זון האָט פראַכטפול קאָנטראַסטירט מיט די שניי־דעקן אויף די אַרומיקע אַלפּן־בערג. די ווייסע מעוועס האָבן פריידיק געהאָפּסלט און, פלירטעווענדיק מיט די צעבושעוועטע כוואַליעס פון ים־התיכון און מיט די ווילדע פרייע ווינטן, האָבן זיי אויסגעדריקט זייער אנטציקונג צו דער בשורה פון זיך דערנענטערנדיקן פרילינג.

איז מיר זייער גוט געווען צו האָבן דאָס געפיל פון זיין איינגעהילט אין די בראשית־וויקלען פון דער פולער און אומענדלעכער נאַטור, אָבער מיין גאַנצע באַוווסטזיניקע הנאה איז מיר געקומען פון די בלעטער פון שזרס „פרימאָרגן־שטערן״, וואָס איך האָב דעמאָלט געלייענט מיט אַ משונהדיקן תענוג.

עס איז נישט געווען די סתם הנאה פון אַ גוט געשריבן בוך. עס איז געווען די פרייד פון אַ רעקאָנסטרואירט לעבן, וואָס מיר אַלע האָבן נאָך דאָן געהאַט דעם זכות עס מיטצולעבן אין אונדזערע קינדער־יאָרן און וואָס זלמן שזר ברענגט אַרויס מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט פון זיין יידיש האַרץ, מיט דער גאַנצער באַגייסטערונג פון זיין נשמה, מיט דער טיפער ליבשאַפט, וואָס ער פאַרמאָגט פאַרן יידישן עבר, פאַר אַלע יידישע עברס און וועמענס פערל ער הויבט אַרויס פון אַלע פאַרגאַסענע ימים ווי אַ גע־ניטער טויכער און שימערירט מיט זיי און צויבערט זיי אויס פאַר אונדזערע אויגן.

דער ספר „כוכבי בוקר" איז צוזאַמענגעשטעלט פון פרקים זכרונות וועגן זיין ליטוויש שטעטל שטויבץ „וואָס איז נישט געווען אַזוי לומדיש ווי דאָס נאָענטע מיר מיט איר באַרימטער ישיבה, נישט אַזוי חסידיש ווי דאָס נאָענטע קוידאַנאָוו מיט אירע אדמו"רים און צדיקים", וואָס איז אָבער געווען אַ שטעטל פון מסחר, פון פרנסה, פון יידן, וואָס האָבן געבונדן טראַטוועס און געשיקט זייער געהילץ איבערן ניעמען.

אַ שטעטל מיט יידן, בעלי־מלאכהס, וואָס האָבן געהאַט דרך־ארץ פאַר תורה, געזוכט פאַר זייער שטאָט גרויסע רבנים, גוטע מלמדים, שיינע מגידים און איידעמס בני תורה.

עס איז אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך פון גרויסן אַמאָליקן רוסישן תחום־המושב, ווו נוסח און שטייגער איז געווען איינגעשטעלט מקדמונים, ווו נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן באַוועגן און פונאַנדערטרייסלען די יוגנט און ווו די האַק פון נאַצישן שניטער איז אַריבער און אַלץ אונטערגעשניטן.

עס איז אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך דאָס „שטויבץ שלי", אָבער שזר זינגט אַרויס איר שיר השירים, וואָס ווערט דער שיר שירים פון אַלע שטעטלעך, איר בענקשאַפט צו לעבן, איר רייסן זיך צו מעשים, ערגעץ־ווו צו דערגיין. ער גיט די קנאות פון די אַלטע, זייער מורא פאַר פריצת הגדר און דעם ברען פון די יונגע רעוואָלטירטע, אָבער צוגענאָפּלטע צום שטאַם, אַפילו ווען זיי ווילן אויפרייסן. ער גיט עס מיט באַוווּנדערונג, ער גיט עס פון אינעווייניק, מיט פנימיות שבלב.

אויף אַלע 450 זייטן פון בוך, סיי דאָרט ווו ער דערציילט זייער אינ־טערעסאַנטע עפּיזאָדן, סיי דאָרט, ווו ער שילדערט מענטשן, טיפּן, כאַראַק־טערן, זעט זיך אומעטום זיין שטרעבונג צו סינטעזע, צו אונטערשטרייכן דאָס המשכדיקע:

אַריינצוזאַמלען אין זיין העברעיש דאָס לשון קודש־יידישע פון שטעטל; אין זיין ציוניזם — וואָס איז אים געקומען מלידה ומבטן — אַריינצונעמען ליבשאַפט צו אַלע יידישקייטן אין אַלע פאָרמען און אויסדרוקן; אין זיין סאָציאַליזם — וואָס קומט צו אים פון אַ נאַטירלעכן הומאַני־טאַרן מקור — צו אַנטפּלעקן די לכאורה אומשולדיקסטע, לאַטענטע, שטעטל־דיקע קוואַלן פון בית־המדרשדיקן קלאַסן־קאַמף, וואָס דריקט זיך אויס צווישן אַנדערע אין געבן אַלע „פעטע עליות" די גבירים און אַלע „אָרורס" פון דער תוכחה דעם פאַרשעמטן אָרעמען וואַסערטרעגער.

אַן עפּיזאָד, וואָס וויקלט זיך פונאַנדער אין אַ טיפער דראַמע און ענדיקט זיך טראַגיש, דערציילט אונדז שזר אין איינעם פון זיינע פּרקים אויף אַט דער אומשולדיקער טעמע:

אין שטעטל זענען פאַראַן דריי ברידער וואַסערטרעגערס. אַלע דריי ביטערע דערנידעריקטע אביונים; צוויי פון זיי זענען אַפילו פאַרקריפּלט און פאַראידיאָטישט פון דורותדיקן דלות... איינער פון זיי, איסרל, דער נאָרמאַלסטער, מענטשלעכסטער פון זיי, האָט פון קהל די טרויעריקסטע חזקה אויפגערופן צו ווערן צו דער תורה ווען עס גייט די סדרה מיט דער „תוכחה". אַלע ווילדע קללות פון דער „תוכחה" ווערן אין אים אַריינגע־זאָגט... איינמאָל רעוואָלטירט זיך איסרל: ער אַנטלויפט פון שול איידער מען רופט אים אויף צו די „אָרורס".

איסרן, דעם עני ואביון, איז נאָר איינמאָל אויפגעלייגט צו האָבן נחת: ער שיקט זיין זון אין ישיבה אין מיר. דאָרט ווערט זיין בנימין־לייב אַ ווילערנער און עילוי. מען הייבט זיך אָן אין שטעטל רעכענען מיטן בחור, און מען דערוואַרט, אַז ער זאָל ווערן אַ גוטער מלמד, אַ לערער. אָבער איסרס זון טוט ווי זיין פאָטער. ער רעוואָלטירט זיך ווען ער קערט זיך אום פון ישיבה, ווערט אַ בונדיסט, אַן אַגיטאַטאָר, שרייבט פּראָקלאַ־מאַציעס, רופט צו שטרייקן. אין יעדער פּראָקלאַמאַציע זענען לכל הפחות

— דערציילט שזר מיט אַ גוטן הומאָר — פאַראַן אַזוי פיל „נידערס" וויפל „אָרורס" זיין פאָטער האָט אַריינגעכאַפּט בעת מען האָט אים אויפגערופן צו דער תוכחה...

אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט בנימין־לייב, דער פירער פון לאָקאַלן „בונד", קראַנק און שטאַרבט.

די יוגנט פון אַלע באַוועגונגען אָרדנט אים איין אַ גרויסע וועלטלעכע לויה. מיט רויטע פענער און רעוואָלוציאָנערע לידער. דער טאַטע דער וואַסערטרעגער שלעפּט זיך נאָך דער לוויה אַ פרעמדער און צעבראָכע־נער. ווען דער טרויער־צוג גייט דורך די שול, פאַרלאָזט דער פאָטער די לוויה, לויפט אַריין אין שול און ערשט דאָרט צעוויינט ער זיך אויף זיין טאָפּלטן בראָך.

דאָס בוך איז פול מיט ווונדערלעכע עפּיזאָדן: דער רב פון שטעטל, וואָס קהל האָט באַקומען נאָך אָן אַ שיעור באַמיאונגען און מחלוקות, איז מספּיד אַן אַלטן בעל־בית און פאַלט אַליין אַוועק אין מיטן פון זיין הספּד. די יידן אין דער אָנגעפּראַפּטער שול מיינען, אַז דער זקן איז פאַרחלשט. אָבער ניין. דער רב איז טויט. ווי עס טרעפט אַמאָל מיט אַ גרויסן בינע־קינסטלער, וואָס לעבט איבער ביז צום טויט זיין ראָל, האָט דער אַלטער רב זיך איבערגענומען מיט זיין מוסר און משלים פון הספּד און איז אַוועק־געפאַלן.

אין ערשטן, זייער שיין געשריבענעם פּרק פון זיין בוך „כוכבי בוקר", דערציילט שזר וועגן זיין פאָטערס ספרים־שאַנק. זיין פאָטערס ביבליאָטעק איז נישט געווען — דערציילט דער מחבר — פון די גרעסטע אין שטעטל. „אין איר זענען נישט געווען אַזוי פיל הלכה־ספרים ווי אין די ספרים־שענק פון דיין... נישט אַזוי פיל השכלה־ספרים ווי אין דער ביבליאָטעק פון רייכן משכילישן איידעם פון שטעטל. אָבער פאָרט האָבן זיך אין איר געפונען פיל הלכה־ספרים, די ארבעה טורים, די שולחן ערוך'ס, פיל שאלות און תשובות, אַ סך ספרי דרוש, חסידישע ספרים מיטן „תניא" בראש. זייער פיל השכלה־ספרים און דער מאַמעס עברי־טייטש־ספרים.

ערב פּסח האָבן די מאַמע און די שוועסטערן ארויסגענומען אַלע ספרים.

אַלע ביכער אויסצושטויבן און אויסצורייניקן. אָבער די קונסט זיי צוריק־צושטעלן און אויססדרן לויט זייער חשיבות — דאָס האָט דער פאָטער נאָר געקענט אָנטרויען דעם קליינעם זלמנען.

אין יעדער שורה, אין יעדן וואָרט פון אָט דעם פּרק קומט צום אויסדרוק די ליבשאַפט פון דערציילער צום ספר, זיין צוגעבונדנקייט צו די ווערטער און צו די ווערטן און צו דער שטוב וואָס האָט די ליבשאַפט געפלעגט און גענערט.

און אַזוי פאָלגן אין בוך פּרקים נאָך פּרקים: וועגן די מלמדים פון זלמן שזר, זיינע רביס און לערערס: דער דרדקי־מלמד, די תנ״ך־מלמדים, די גמרא־מלמדים; וועגן זיידן דעם שאַרפן חב״דער חסיד, דעם קנאי, פאַר וועמען יעדע שיין־ריידעריי, אַפילו מגידות, יעדע אָפּווענדונג פון תורה אַפילו דקדוק און לשון־קודש, זענען אָפּנויגן פון דרך הישר; וועגן טאַטן דעם געמילדערטן חסיד, וואָס האָט דווקא יאָ ליב תנ״ך, העברעאיש און דקדוק און וואָלט שטאַרק וועלן, אַז זיין זון דער עילוי זאָל דאָס אַלץ אין זיך איינזאַפּן.

דער טאַטע איז אַ פאַרמעגלעכער סוחר, ער נוצט אויס זיין גוטע מאַטעריעלע סיטואַציע צו געפינען די בעסטע לערערס און מלמדים פאַר זיין זון. איינער פון זיי איז דער „פּרוש פון קיידאַנאָוו״. דער „פּרוש״ איז קוים מסכים צו נעמען דריי בחורים, גוטע קעפּ, פון וועלכע איינער איז דער יונגער זלמן, מיט זיי צו לערנען גמרא. דער „פּרוש פון קיידאַנאָוו״ האַלט יעדן אינטערעס צום ענינים מחוץ גמרא פאַר ביטול־תורה. און אַפילו אויף זיין זון, וואָס ווערט איינער פון די גרויסע מגידים פון ליטע, ווערט ער ברוגז, ווייל, דערקלערט ער, זיינע דרשות וועלן אים אָפּרייסן פון לערנען.

עס פאַרטראָגט נישט, בכן, דער „פּרוש״, קיין שום אָפּווענדונג פון אַ בלאַט גמרא, אָבער איין מאָל, ווען צו דער שוועסטער פון זלמן שזר קומט צו גאַסט אירס אַ קאָלעגע, אַ סטודענט פון מאַטעמאַטיק, אוןביידע יונגע מענטשן דיסקוטירן צוזאַמען אַ מאַטעמאַטישן פּראָבלעם, און קענען נישט געפינען קיין לייזונג, מישט זיך דער „פּרוש פון קיידאַנאָוו״ אַריין און ער געפינט די ריכטיקע לייזונג.

וועגן אַ צווייטן, זיין שפּעטערדיקן העברעישן לערער, דערציילט שזר, אַז ער האָט אַחוץ זיינע גרויסע קענטענישן אין העברעיש אויך געקענט אַראַביש, פראַנצויזיש און מערערע אַנדערע שפּראַכן און ליטע־ראַטורן.

מיר מיינען, אַז דאָ איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשיד צווישן פּוילן און ליטע. אין פּוילן איז נישט מעגלעך געווען, אַז אַ גמרא־מלמד, ווי גרויס זיין חריפות זאָל נישט זיין געווען, זאָל זיך אינטערעסירן צו לייזן אַ הויכן מאַטעמאַטישן פּראָבלעם, אָדער אַז אַ לערער פון העברעיש זאָל האָבן אַזאַ ברייטע אַלגעמיינע בילדונג.

זיכער רעדט שזר וועגן אויסנאַמען, אָבער מיר מיינען, אַז דער אַלגע־מיינער קולטור־ניוואָ איז אין ליטע געווען העכער מיט ברייטערע קולטור־האָריזאָנטן ווי אין חסידיש־לומדישן פּוילן פון דער זעלביקער צייט.

צו די אינטערעסאַנטע פּרקים פון ז. שזרס זכרונות אין „כוכבי בוקר“, געהערט דאָס קאַפּיטל: „האקדמיה ורבותיה“ (די אַקאַדעמיע און אירע פּראָפעסאָרן).

עס איז דאָס יאָר 1907. אונדזער מחבר איז דעמאָלט אַ נאָך יונגער בחור, בערך 17 יאָר אַלט. ער איז שוין מער נישט צוגעבונדן צום קנאותדיק־חסידישן יידן, און אַפילו פון מילדערן טאַטן איז ער שוין היפּשלעך דער־ווייטערט. קיין מלמדים און קיין לערערס זענען שוין פאַר אים אין שטעטל נישט פאַראַן. ער איז שוין טעטיק אין „פּועלי ציון“. ער קאָנקורירט מיטן „בונד“ פון שטעטל אין שרייבן פּראָקלאַמאַציעס און רופן צו שטרייקן. און דווקא ביי זיין פעטער דעם רייכן טליתים־פאַבריקאַנט, וועמענס אַרבע־טער זענען פרומע יידן און מוראדיקע קבצנים.

ער איז שוין אַקטיוו פּאָליטיש, אָבער אַ נדר האָט ער געטאָן: קיינמאָל זיך נישט אָפּצוקערן פון לערנען. און ווען דער באַראָן גינצבורג פון פּעטער־בורג שאַפט אַן אַקאַדעמיע, אַ יידישע הויכשול און נעמט אויף ווי תלמידים, עלויים פון גאַנץ רוסלאַנד, ווערט דער יונגער זלמן איינער פון די סטו־דענטן.

דאָ גיט אונדז שזר גרויסאַרטיקע פּאָרטרעטן פון די פּראָפעסאָרן און קודם־כל פונעם איניציאַטאָר און גרינדער, דעם באַראָן גינצבורג גופא,

ווען שזר רופט אָן מיט פאַרערונג און ליבשאַפט: רבי, רבנו, ר׳ דוד גינצבורג. דער באַראָן איז געווען נישט בלויז דער אויסקעמפּער, דער גרינדער און דער נדבן פון דער אַקאַדעמיע, נאָר אויך איר לייטער און איינער פון אירע וויכטיקסטע פּראָפעסאָרן אויפן געביט פון יודאַיסטיק און תלמוד.

די אַנדערע פּראָפעסאָרן זענען: דער באַרימטער דניאל כוואָלסאָן, דער משומד און גרויסער געלערנטער אויף אַלע געביטן פון אָריענטאַליסטיק און יודאַיסטיק.

און הגם דער פּראָפעסאָר כוואָלסאָן האָט אויף זיך געזאָגט דאָס באַרימטע וואָרט: אף על פי שנוצרתי כאילו לא נוצרתי, מיטן טייטש: כאָטש איך בין געשמדט, איז אַזוי ווי איך וואָלט מיך נישט געשמדט; און הגם ער, דניאל כוואָלסאָן, האָט געהערט צו די גרעסטע לומדים אין רוסלאַנד און איז שוין דעמאָלט געווען קרוב צו די תשעים, האָט אים דער באַראָן, מחמת זיין טיף יידיש געפיל, נישט געוואָלט פאַרבעטן צו פאַרנעמען אַ נאָרמאַלע קאַטעדרע אין זיין אַקאַדעמיע, אָבער ווי אַ לעקטאָר מחוץ דער נאָרמע, האָט ער אים יאָ פאַרבעטן, און דער אַלטער רוסישער פּראָפעסאָר, דער דערציִער פון אַ גאַנצן דור רוסישע פּאָפּן, וואָס האָט זיך שוין נישט געקאָנט באַוועגן, איז געבראַכט געוואָרן אין אַ פאָטעל, און האָט געלערנט און גערעדט וועגן „אונדזער הייליקער שפּראַך" און „אונדזער פאָלק" אויף די קורסן פון דער אַקאַדעמיע. צו די אַנדערע פּראָפעסאָרן האָבן געהערט, דער באַרימטער העברעישער שריפטשטעלער בוקי בן יגלי (ד"ר קאַצענעלסאָן), און דער דעמאָלט נאָך זייער יונגער אָבער גענוג פּאָפּולערער געלערנטער פּראָפעסאָר דובנאָוו.

מיט פיל וואַרעמקייט און טיפער פאַרערונג רעדט שזר וועגן דער גרויסער פערזענלעכקייט פון שמעון דובנאָוו און וועגן דעם גרויסן אינטערעס, וואָס זיינע לעקציעס פון יידישער געשיכטע האָבן אַרויסגערופן צווישן אַלע סטודענטן, וואָס זענען געקומען פון אַלע יידישע שיכטן און פון אַלע פּאָליטישע שאַטירונגען.

און אָט דערציילט שזר פאָלגנדיקן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד: צווישן די תלמידים פון דער אַקאַדעמיע האָט זיך אויך געפונען דער שוין דעמאָלט

באַרימטער העלד פון פאָרט־אַרטור, יוסף טרומפּעלדאָר. בעת אַן אָפיציעלן פּאַראַד האָט זיך דער אָפיציר טרומפּעלדאָר געדאַרפט באַטייליקן אין זיין מיליטערישן אוניפאָרם מיט אַלע צאַרישע מעדאַלן און אויסצייכענונגען.

נאָך דער צערעמאָניע איז ער גלייך געקומען אויף אַ לעקציע פון פּראָפ. דובנאָוו. ער איז אַריין אין פּריוואַטן צימער פון זיין שול־קאָלעגע שזר און צו אים געזאָגט: איך מוז זיך שנעל איבערטאָן. עס וואָלט געווען אַ חילול־הקודש אַריינצוגיין אין אַזאַ הילוך צו דער לעקציע פון אונדזער היסטאָריקער.

אין קאַפּיטל „תשורה מסבא" (אַ מתנה פון זיידן) דערציילט שזר וועגן זיין לעצטער זעאונג מיטן זיידן, דעם שאַרפן ליובאַוויטשער חסיד. ער האָט באַשלאָסן עולה צו זיין. עס איז דאָס יאָר 1912. ער מוז אָבער נאָך פריער זען זיין זיידן, וועמען ער האָט שטאַרק ליב, אָבער פון וועמען דאָס לעבן האָט אים שטאַרק דערווייטערט.

ער קומט קיין מיר, דאָס וווינאָרט פונעם זיידן. ער גייט מיט אים צו קבלת שבת אין שטיבל פון די חב"דער. שזר גיט איבער וועגן דער רירנ־דיקער איבערבעטונג, וואָס קומט פאָר צווישן זיידע און אייניקל, נישט דורך ווערטער, נישט דורך זשעסטן, נאָר נשמהדיק־אינטים, דורך דעם געזאַנג פון „לכה דודי". דער זיידע איז מקבל שבת פאַרן עמוד לכבוד דעם אייניקל. און ווען ער זינגט די ווערטער „מקדש מלך עיר מלוכה" קומט צו אַ געמיינזאַמער בענקשאַפט, וואָס פאַראייניקט ביידע אין איין געפיל, הגם די בענקשאַפט פון זיידן איז אַ קבלהדיק־מיסטישע און די פון אייניקל — אַ קאָנקרעט־נאַציאָנאַלע.

צומאָרגנס, זונטיק, באַגלייט אים דער זיידע צו דער פורמאַנקע. אויפן וועג חזרט ער מיט אים איין אַ חב"דער ניגון, אַ מתנה אויפן וועג. האַלדזט אים און גייט אַוועק. מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער ווערט זלמן געוואָר, אַז דאָס איז געווען זייער לעצטע זעאונג, דער זיידע איז געשטאָרבן.

איך קען נישט פאַרענדיקן מיין אָפּשאַצונג פון „כוכבי בוקר" אָן צו דערמאָנען איינעם פון די עסייען פון די „פּרקי מסה", וואָס זענען לויז באַהאָפטן מיטן בוך זכרונות, נישט בילדנדיק קיין המשך צו די זכרונות־פּרקים פון שטעטל.

דער עסיי הייסט „צופיך צפת״, און עס איז מיר שוין אויסגעקומען אים צו דערמאָנען ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט. דער עסיי „דיינע זעערס, צפת״, איז אַליין אַ שעדעוור פאַר זיך, אויסגעשפונען פון מחבר אַרום דעם וואָס ער רופט: „דער נס פון צפת״, אַרום דעם ווונדער, וואָס די הייליקע חבריה, די גרופּע מקובלים פון צפת האָט באַוויזן אויפצוטאָן אין משך פון עטלעכע יאָר, לטובת דער באַנייאונג און אָפּפרישונג פון דער גאולה־אידעע.

די גרופּע מקובלים איז באַשטאַנען פון אר״י הקדוש, דער „לייב״ פון דער חבריה, און פון די גורים (יונגע לייבן), אָבער בעת דער גרינדונג פון דער גרופּע, האָט זיך אין איר שפּיץ געפונען דער מקובל און גרויסער בעל־הלכה, דער פּליט פון שפּאַניע, ר׳ יוסף קאַרו, דער מחבר פון שולחן ערוך, „בית יוסף״, וואָס איז געוואָרן די פּראַקטישע זאַמלונג פון הלכות און דינים פאַר אַלע תפוצות הגולה, פון ספרדים ווי אשכנזים, פאַר אַדריאַנאָפּאָל, ווי פאַר קראָקע. ר׳ יוסף קאַרו אַליין איז אויך געווען אַ מיסטיקער, מקובל, חבר און הייסער פאַרערער פון קדוש שלמה מולכו, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן אויפן באַפעל פון פּויפּסט.

נאָך אים האָט דער אר״י הקדוש (האלוהי ר׳ יצחק) אָנגעפירט מיט דער הייליקער חבריה, צו וועלכער עס האָט אויך געהערט ר׳ משה קורדו־בײַרע, זיין שוואָגער ר׳ אליעזר אלקבץ, דער דיכטער מיסטיקער, מחבר פון „לכה דודי״. צו דער גרופּע האָט אויך געהערט דער דיכטער באַהעמיאַנער ר׳ ישראל נאַדזשאַראַ, מחבר פון די באַרימטע זמירות „יה רבון עלם״, וואָס ווערט נאָך היינט געזונגען אין אַלע טראַדיציאָנעלע יידישע היימען אום שבת.

וועגן אָט דער גרופּע און וועגן נס פון „לכה דודי״, וואָס האָט זיך אַזוי שנעל אָנגענומען און אַזוי שנעל פאַרשפּרייט אין אַלע יידישע תפוצות, פון ארץ־ישראל ביז רוסלאַנד, פון מאַראָקאָ ביז פּוילן, פון תימן ביז רומעניע, פון ירושלים ביז לעמבערג, שפּינט אויס שזר אַ ווונדערלעכן עסיי. פול מיט באַרעכטיקטער באַוווּנדערונג און התלהבותדיקער התפעלות פאַרן גרויסן נס, וואָס מער ווי 1500 יאָר נאָך דעם ווי די תפילות זענען שוין געווען פעסטגעשטעלט, און הונדערטער יאָרן נאָך דעם ווי אַפילו די פּיוטים סליחות און קינות, זענען שוין געווען געסדרט, האָט נאָך געקענט אַ תפילה

אַריינקומען אין סידור, אַרומלויפן אַלע יידישע קיבוצים און באַקומען אַזאַ ערנפּלאַץ אין קבלת שבתדיקן צערעמאָניאַל.

אין דער זעלביקער צייט האָבן אַלע תפוצות אַקצעפּטירט דעם וווּנדערלעכן הימן פון ישראל נאַדזשאַראַ „יה רבון עלם", אים געגעבן וווּנדערלעכע מעלאָדיעס און געזונגען ביי אַלע טישן פון שבת און אַפילו די אַראַמעאישע געזאַנגען פון אר"י הקדוש אַליין, וואָס חסידים זינגען ביי די שבתדיקע סעודות און וואָס ביי דער כנופיה פון די מקובלים איז עס געווען אַ צערעמאָניאַל בעת די שבת־שפּאַצירן אויף די עפּל־פעלדער פון צפת (בחקל תפוחין), אַקעגן דער שכינה, רופנדיק זי צו אויסלייז, זענען גיך אַריין אין סדר פון די זמירות.

מיטן גייסט פון אָט דער התלהבות פון פאַרערונג און באַוווּנדערונג איז געשריבן אָט דאָס גאַנצע בוך, אַ הימן פאַר אונדזער גרויסן פאַרשניטענעם עבר — דער גייסט וואָס האָט אונדז איצטער אַריבערגעפלאַנצט אין אַ נייעם הווה, אַ היינט וואָס וואָרצלט אין נעכטן און בינדט זיך מיטן אומבאַקאַנטן המשכדיקן מאָרגן.

אַזוי זעט ז. שזר, אַליין איינער פון די צופים און מאַכט אונדז זען די וויזיעס, וואָס האָבן אים אויפגעשיינט און ברענגט זיי צום אויסדרוק אין זיין וווּנדערלעכן בוך פון וווּנדערלעכע זכרונות און חזיונות.

איך מיין, אַז מרדכי שטריגלער האָט אַמאָל דאָס דאָזיקע בוך „כוכבי בוקר" איבערזעצט אויף יידיש. אויב אַזוי איז עס געבליבן צו ווייניק באַקאַנט און פאַרשפּרייט. וואָלט טאַקע כדאי געווען אָדער די איבערזעצונג איצט נאָך אַמאָל ארויסגעבן אָדער אויפסניי דאָס בוך איבערזעצן.

1963

# מאַרק שאַגאַל

(צו זיינע 75 יאָר)

ווי שמשון הגבור מיט די טויערן פון עזה אויף זיינע מעכטיקע אַקסלען, אַזוי איז דער שטעטלדיקער ייד מאַרק שאַגאַל אַראָפּגעקומען מיט אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק אין פּאַריז, די הויפּטשטאָט פון אַלע הויכשולן פון קונסט. מיט וויטעבסק אויף זיינע יונג־קינסטלערישע, שוין קראַפט־אָנזאָגנדיקע פּלייצעס.

אין דער נאָסטאַלגישער פאַנטאַזיע: דער גאַנצער רעקוויזיט פון שטעטל; אין געמיט: די גאַנצע עשירות פון דער וויטעבסקער אָרעמקייט, די גאַנצע גאַמע פון פאַרבן פון יידיש־שטעטלדיקער פאַרביקער קאָלירלאָזיקייט.

דער ביבלישער שמשון איז געקומען מיטן לייב און מיטן האָניק און געפּרעגט ביי די פּלישתים זיין באַרימטן רעטעניש, אויף וואָס די פּלישתים האָבן נישט געקאָנט געפינען קיין באַשייד, וואָרעם ווי קומט אַ לייב צו האָניק?

שאַגאַל איז געקומען מיט זיין שטעטלדיקן פּאָלוואַרק: מיט דער סוכות־פּסחדיקער לבנה, מיט די פליענדיקע חתן־כלהס, מיט די טעאַטראַלע קלעזמערס און שמחת־תורהדיק־צעטאַנצטע יידן און די מייסטערס פון די פּאַריזער קונסט־שולן האָבן געקוקט, געשטוינט און געפּרעגט אויף באַשייד.

די איינרעדעניש און זיכערקייט פון פּאַריז באַאומרואיקט דעם אָנקומענדיקן יונגן קינסטלער, שאָקירט אים ער טראַכט וועגן צוריקפאָרן.

„אַלע די געדאַנקען און רעיונות האָט איבערגעהאַקט דער „לוווּר" — דערציילט שאַגאַל אין זיינע זכרונות.

ער בלייבט.

אָבער ווי אַזוי איינהאַלטן אַן אייגן פּנים, אַן אייגענע אינערלעכקייט, אַ קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט?

שאַגאַל איז טאַקע געקומען פון וויטעבסק און פעטראָגראַד, לערנען ביי פּאַריז אָבער נישט זיך אויפלייזן; טאַקע פאַרדייען, אָבער נאָר כדי די אייגענע קונסט אויסדריקן דורך זיך. ער איז געקומען זען, לערנען, כדי צו ווערן שאַגאַל. ער לערנט טאַקע אין פּאַריז ליב האָבן וויטעבסק.

„פּאַריז, דו וויטעבסק מיין צווייטע", די ערשטע בלייבט וויטעבסק, מיט אַלעם, וואָס קינדער־ און יוגנט־יאָרן מוזן אויף אייביק אָנפילן אַ קינסטלערישע נשמה.

פאַר פּאַריז האָט ער באַוווּנדערונג, פאַר די פראַנצויזישע לייסטונגען אין דער קונסט שטייט ער אַ פאַרפּלעפטער, אָבער ער פרעגט זיך:

„צי געהערן טאַקע אויף אייביק אָט דעם פאָלק די רעכט אויף יחידות? — פרעגט ער זיך אַ רעוואָלטירטער, לויט ווי ער דערציילט אין זיינע מעמור־אַרן — צי קען זיך נישט כאָטש אויף אַ צייט איינגעבן אַ צווייטן, אַן אַנדער פאָלק אַרויסצוררייסן די רעכט אויף אייגנאַרטיקייט גלייך מיט זיי? איך קען נישט קיין אַנדער פאָלק וואָס זאָל טראַכטן אַזוי ווי די פראַנצויזן, אַז זיי און נאָר זיי זענען דער עסענץ פון דער וועלט אויפן געביט פון קונסט, אין אַ סך האָבן זיי רעכט, אָבער עס איז דאָך אומברחמנותדיק".

נאָך אַ לענגערן בלייבן אין פּאַריז פאַרלאָזט ער די שטאָט; ער קערט זיך אום קיין וויטעבסק. דאָרט אין די סאַלאָנען פון רייכן יוועליר וואַרט מיט בענקשאַפט אויף איר באַשערטן דאָס חסידיש־נגידיש־געבילדעטע טעכטערל, בעלאַ, אָבער אויך אומפּעריזענלעכע ווינטן און שטורעמס וואַרטן אויף אים. דאָרט פאַרכאַפּט אים די ערשטע וועלט־מלחמה, די רעוואָלוציע און דער בירגער־קריג.

ערשט אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן פאַרלאָזט שאַגאַל ענדגילטיק וויטעבסק, מאָסקווע, רוסלאַנד צוזאַמען מיט זיין פרוי. דאָרט אין וויטעבסק האָט זיך דערווייל אַלץ איבערגעריסן. אַ תקופה האָט זיך אויף אייביק פאַר־ענדיקט, אַ תקופה פון באַלעבאַטישער מנוחה, פון יידישן סדר און שטיי־גער, איידער יידיש לעבן וועט אינגאַנצן אָפּגעמעקט ווערן מיט קנאַפּע צוואַנציק יאָר שפּעטער פון אַ נייער וועלט־מלחמה און נאַצישן בלוט־מבול.

שאַגאַל קומט דעמלט צוריק אין פּאַריז מיטן אינעווייניקסטן נשמהדיקן פון שטעטל, וואָס איז איינציק אויף תמיד פאַרבליבן און וואָס קיין שום מלחמות, רעוואָלוציעס און פּאָגראָמען האָבן נישט געקאָנט אָפּמעקן און דאָס רעטעניש ווערט דאָס מאָל פאַרשטאַנען, דאָס רעטעניש פון שמשון־שאַגאַל ווערט אויפגענומען, זיין באַשייד ווערט געאַנט.

און אין אַלע מוזעאומס פון אַמסטערדאַם, פון בריסעל, פון פּאַריז, אויף די שאַגאַל־אויסשטעלונגען פון די לעצטע יאָרן — צו דערמאָנען בלויז די, וואָס איך אַליין האָב געזען — ווו צענער טויזנטער באַזוכער האָבן זיך געשטויסן און געדרענגט, האָט מען די ווערטער ייד, ביבל, תלמוד, שטעטל, שאַגאַל, רעוואָלוציע — געקאָנט הערן אומצאָליקע מאָל, געקאָנט הערן פון מויל פון נישט־יידישן באַזוכער און קאָמענטאַטאָר. דאָס רעטעניש שאַגאַל איז געשטעלט געוואָרן, דער באַשייד איז געזוכט און געאַנט געוואָרן.

און ווען שאַגאַל האָט אין די לעצטע יאָרן נאָך אריינגעפירט אין זיין רייכן פּאָלוואַרק די לייבן פון יהודה און דעם גאַנצן האָב און גוטס פון די שבטים, און דער קונסט־מיניסטער מאַלראָ האָט געמאַכט דעפּילירן אין לוווּר פאַר שאַגאַלס וווּנדערוועלט פון קאָליר און פּאָעזיע צענער טויזנטער באַזוכער, האָבן זיי אַלע באַוווּנדערט אַ וועלט, וואָס קיין שום מבול און פייער האָט נישט געקאָנט פאַרלענדן.

שלום עליכם האָט געהייליקט אויף אייביק די וועלט פון קאַסרילעווקע דורכן מאָנומענט פון פּאָלקישע רייד, שאַגאַל האָט די זעלביקע וועלט אַנט־פּלעקט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט דורך זיין פּלאַמיק בילד, און נישט קיין צופאַל איז — מיין איך — דער שאַגאַל־שלום עליכם זיווג אין וואָרט־בילד.

ווען אין ערשטן יאָר פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט זיך אין מאָסקווע געשאַפן אַ יידיש־קינסטלעריש טעאַטער, איז גראַנאָווסקי געקומען צו שאַגאַלן בעטן זיין מיטאַרבעט, אייגנטלעך זיין מיטגרינדונג. אָנהייבן האָט ער געוואָלט מיט שלום עליכמען.

פאַר שאַגאַלן איז געווען קלאָר, אַז מען דאַרף מאַכן עפּעס נייעס, אָן דעם אַלטן נאַטוראַליזם „מיט צוגעקלעפּטע בערד", ווי ער האָט זיך אויס־

געדריקט און מיר אַנומלט דערציילט: עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שטעלן „אַגענטן", „מזל-טוב", „אַ ליגן".

„איך האָב געמאַכט די קאָסטיומען, די דעקאָראַציעס, און מען קאָן זאָגן די סצענאַריעס, דעם גייסט פון די ספעקטאַקלען".

אַלץ האָט געפעלט, אָבער געפעלט האָט נישט אידעע, התלהבות און ווילן.

שאַגאַל האָט איבערגעאַרבעט די אַלטע הויזן און די קליידער פון די אקטיאָרן און אַקטריסעס, געמאַכט דעקאָראַציעס און מאָלערייען.

נישט גראַנאָווסקי און נישט מיכאָעלס, זיין דעמאָלטיקער שילער, האָבן דערפילט דאָס שלום-עליכמישע אין שאַגאַלן, דערציילט מיר דער קינסטלער.

ערשט אין אַ צייט אַרום איז געקומען מיכאָעלס און מיט אַ הויכן געשריי איז ער אַריינגעפאַלן: איך האָב עס, איך פאַרשטיי!

און אין יענער צייט, דערקלערט מיר שאַגאַל מיט אַ שמייכלדיקן טריומף, וואָס איז נישט ריין פון שטאָלץ „איז שלום עליכם צום ערשטן מאָל אַנדערש געשפּילט געוואָרן אין דער יידישער וועלט".

און איך טראַכט איצט, אַז די צוויי גרויסע מייסטערס פון וואָרט-בילד האָבן זיך וווּנדערלעך קאָמפּלעטירט.

איצט האָט דער מייסטער דערגרייכט דעם בכבודיקן עלטער פון 75 יאָר.

פאַר מיר ליגט די „ערשטע באַגעגעניש" פון בעלאַ שאַגאַל, וואָס איז נישט בלויז די ערשטע באַגעגעניש, נאָר אויך די ערשטע ליבע און די דויערנדיקסטע אינספּיראַציע, וואָס האָט בייגעשטייערט מיט יידישן סטיל און קינסטלערישן נוסח אין דער וועלט-מאָלעריי.

און היינט, ווען יידיש וויטעבסק איז חרוב ומוחרב און די וועגן צום שטעטל זענען פאַרוואָקסן מיט פאַראומערטן בית-עולמדיקן גראָז, איז אונדז געבליבן דער שאַגאַלישער שטעטל-נוסח און סטיל אויף אייביק.

איז דאָס אונדזער גרויסע טרייסט.

1963

## „מיט דער צווייטער עליה"

(זכרונות פון פרעזידענט יצחק בן־צבי)

בעת מיין באַזוך אין ישראל מיט דער דעלעגאַציע פון יידישע שרייבער, האָבן מיר געהאַט די גליקלעכע געלעגנהייט זיך צונויפטרעפן און פון דער נאָענט צו אָבסערווירן די פערזענלעכקייטן, וואָס שטייען אין דער שפּיץ פון דער מדינה און פון איר פּאַרלאַמענט; און ווען נישט דער אומזיניקער אַטענטאַט, וואָס איז גראָד דעמאָלט פאָרגעקומען, וואָלטן מיר מסתּם אויך באַקומען די מעגלעכקייט צו זען און צו רעדן מיטן גרינדער פון דער מדינה און שעף פון איר רעגירונג, דוד בן־גוריון.

בעת די קורצע אונטערהאַלטונגען האָב איך באַקומען דעם ערשטן איינדרוק, אַז יעדער איינער פון אונדזערע חשובע מיטשמועסער צייכנט זיך אויס מיט אַזעלכע אייגנשאַפטן און מעלות, וואָס פּאַסן זיך גוט צו זיינע הויכע פונקציעס.

אַזוי האָט דער ראש הכנסת די גרעסטע מאָס פּקחות צו קענען לאַווירן און מאַנעווורירן צווישן מענטשן. די גרעסטע מעלה פון אַ מענטשן, וואָס האָט די אויפגאַבע אָנצופירן מיט אַ דעמאָקראַטישער, פאַרשידנשיכטיקער און פאַרשידנכאַראַקטערדיקער פאַרטרעטערשאַפט פון אַזאַ צונויפגעזאַמלטן פאַרשידנגלותדיק פאָלק ווי אונדזערס און וואָס איז דערצו אַזוי ליידנשאַפטלעך פּאָליטיזירט ווי אונדזערס.

דער נשיא המדינה האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו באַזיצן די גרעסטע רו, דורכגעטראַכטקייט און געלאַסנקייט, די גרעסטע געלייטערטקייט פון ליידנשאַפטן, צו קענען ווירדיק און איינשטימיק סימבאָליזירן דעם צעמענטירונגס־ווילן פון אַ פאָלק אין זיין באַנייאונג.

ער פאַרמאָגט אַ נאַטירלעכע באַשיידנקייט, אַ פּשטות, וואָס האָט גאָרנישט אין זיך פון פאַלשער ענוות. ער האָט אונדז אויפגענומען אָן צערע־

מאָניעס, געשמועסט אָן צערעמאָניעס. והשגל לימינו, און זיין פרוי, די פּרע־זידענטין רחל ינאית, זיין טרייע באַגלייטערין פון „פּאָלטאַווע ביז ציון" (אַ קאַפּיטל אין די זכרונות פון פּרעזידענט) ביי זיין רעכטער האַנט.

און איצט, ווען איך קען דעם מענטשן, קען זיינע פונקציעס, קען דאָס באַשיידענע הויז, דעם מיט געשמאַק איינגעאָרדנטן האָל פון צריף, אין וועלכן דער פּרעזידענט פון ישראל נעמט אויף די אַמבאַסאַדאָרן פון די פּרעמדע מלוכות, זע די אָרנאַמענטיק פון די ווענט, וואָס זאָגן עדות אויף ליבשאַפט צום יידישן פאָלק, צו זיינע שבטים, צו זיינע עדות, צו זיין גע־שיכטע און צו זיינע רעגיאָנען פון דן ביז אילת, ווען איך זע דאָס אַלץ, לייען איך זיינע זכרונות, וואָס נעמען אַרום די תקופה פון אָנהויב יאָרהונ־דערט ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה מיט אַ פּאַר־שטאַרקטער פּאַראינטערעסירטקייט און איך זע דאָרט און שאַץ ערשט ריכטיק אָפּ די זעלביקע באַשיידנקייט, דעם זעלבן ווילן צו פאַרשטעלן די אייגענע פּערזאָן אונטער דעם פּאַראַוואַן פון פאַקטן.

דאָס בוך „מיט דער צווייטער עליה" האָט יעדער איינער פון די דע־לעגאַטן באַקומען פון פּרעזידענט־מחבר, „למזכרת ברכה", ווי ער שרייבט אין זיין דעדיקאַציע. ער רופט עס אָן זכרונות. אין דער אמתן זענען עס זכ־רונות פון אַ באַוועגונג, כראָניק פון אַ באַוועגונג, כראָניק פון פאַקטן. איר וועט דאָרט זייער ווייניק טרעפן רייך־פּערזענלעכע דערמאָנונגען און נאָך ווייניקער מליצות און עמאָציעס.

איך זוך אָבער דווקא דאָס פּערזענלעכע הינטער די פאַקטן, דאָס רייך־סוביעקטיווע הינטער דער אָביעקטיווקייט פון אָן אינטערעסאַנטער כראָ־ניק און איך געפין עס. עס איז דעם באַשיידענעם מחבר נישט געלונגען אין גאַנצן צו פאַרטושן זיינע עמאָציעס. צו באַהאַלטן זיינע געפילן, ווי זיי וואָלטן געווען אַן ענין בלויז פאַר אים אַליין און נישט פאַר דער „גאַס".

*

עס איז געווען די צייט פון אויפברויז אין אַלע עקן פון דער רוסיש־צאַרישער אימפּעריע. עס האָבן אויפגעשטורעמט פעלקער און עס האָבן אויפגעשטורעמט קלאַסן: אידעען, אידעאָלאָגיעס האָבן געשפּראָצט און

געדייעט. די אַרבעטער און שטודירנדיקע יוגנט האָבן די לאָזונגען פון רעוואָלוציע צעטראָגן איבער אַלע לענדער, וואָס די רוסישע אימפּעריע האָט צונויפגעזאַמלט „ווי מען קלויבט צונויף פּאַרלאָזענע אייער".

און עס איז געווען אויפגעברויזט די יידישע גאַס. קרייזלעך פון סטו־דענטן און פון אַרבעטער האָבן אין איר אַריינגעטראָגן אומרו און האָפע־נונג.

מען האָט זיך באַטייליקט אין שטורעם, מען האָט געוואָלט פאַרבעסערן דעם סדר העולם, מען האָט זיך אינטעגרירט אין דער רעוואָלוציע, וועלנ־דיק לייזן די אייגענע פראַגע דורך לייזן די אַלגעמיינע.

דער יונגער בחור פון פּאָלטאַווע האָט אויך געטאָן דאָס זעלביקע. אָבער אַ קריטישער חוש און אַ באַאומרואיקט יידיש האַרץ האָבן אים שוין דע־מאָלט, אין 1904, אונטערגעזאָגט אַן אייגענעם וועג פאַר זיך און פאַר זיין פאָלק.

„אויך איך האָב זיך אינטערעסירט פּונקט ווי אַנדערע, מיט די טעאָ־רעטישע און פּראַקטישע פּראָבלעמען פון דער וועלט־אויסבעסערונג, אָבער שטענדיק האָב איך געפילט, אַז די רוסישע פּאָליטישע פּאַרטייען שענקען נישט קיין אויפמערקזאַמקייט, נאָר באַציִען זיך מיט גרינגשעצונג צו דער שטרעבונג פאַר עקזיסטענץ פון דעם יידישן פאָלק, צו זיין פאַרגאַנ־גענהייט און אויך צו זיין קעגנוואַרט. איך האָב געזען ווי אַ סך פון די יידישע יוגנטלעכע, מיינע חברים, וואָס ווערן מיטגעריסן מיט די פּאַרטיי־ען — פאַרלייקענען זייער פאָלק און זיך אַליין. טיילמאָל קומט אָט די פאַר־לייקענונג מיט אויסרעכענונג און באַוווסטזיין. אָבער מערסטנטייל אומבאַ־וווסטזיניק און צוליב דעם פעלן פון געפיל און פאַרשטענדעניש. עס איז געווען אַ שענדלעכער און פאַרשטענדלעכער ספּעקטאַקל פון דעזערציע אין דעם לאַגער פון די שטאַרקערע. פונעם שטאַנדפּונקט פון פאַרלייקענען, האָב איך נישט געזען קיין אונטערשיד צווישן די יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך אָפּ־געזאָגט פון זייער פאָלק און האָבן זיך צוגעפּאַסט צום צאַרישן רעזשים, צו דער פּראַוואָסלאַווער קירכע און סביבה, וועלכע הערשן אין גימנאַזיע און אויסער איר... כדי צו געפינען חן אין די אויגן פון די מאַכטהאָבער, און צווישן יענע, וואָס האָבן זיך צונישט געמאַכט. בכדי צו געפינען לייטזעלי־

קייט אין די אויגן פון זייערע חברים, די רוסישע רעוואָלוציאָנערן. דער חילוק איז בלויז געווען וואָס די האָבן געשטרעבט זיך איינצוקויפן אין גנאָד ביי דעם היינטמעכטיקן קלאַס און יענע האָבן זיך געלאַשטשעט צו דער מאַכט פון מאָרגן. עס איז געווען דער זעלבער וועג פון פאַרלייקענונג".

אין 18־יאָריקן בחור האָט אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס געמיט פון איינעם, וואָס נעמט זיין אייגענעם זיכערן וועג.

ער איז אין 1904 אַלס 18־יאָריקער בחור צום ערשטן מאָל געפאָרן נאָך ארץ־ישראל. זיך באַגוטצנדיק מיט די זומער־פעריען פון אַ סטודענט.

ער קומט צוריק. דער אויפברויז שטאַרקט זיך. אין פּאָלטאַווע קומט פאָר אַן עפנטלעכע מאַסן־פאַרזאַמלונג. בן־צבי רעדט צום פאַרזאַמלטן עולם אין רוסיש.

„איך האָב גערעדט ווי אַ ייד — וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע, וועגן דער באַטייליקונג פון די יידן און וועגן אונדזער שטרעבונג אויך צו קענען לעבן ווי אַ פריי פאָלק אין ציון. אין דער צייט, וואָס איך האָב גערעדט פונעם טעאַטער־באַלקאָן, איז געשטאַנען פאַר די אויגן פון מיין גייסט די לעבעדיקע געשטאַלט פון דער הייליקער שטאָט ירושלים, מיט אירע רואינען, אַ פאַרלאָזטע פון אירע קינדער... אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך אַליין געפרעגט: צו וועמען רעד איך? צי וועלן מיך פאַרשטיין אָט די צוהערער מיינע דאָ, אין פּאָלטאַווע? וועלן זיי מיר גלויבן? זענען טאַקע די יידן באמת שותפים צו דער רעוואָלוציע און צום זיג? וועט אָט די רעוואָלוציע, וואָס זאָגט אָן אויסלייזונג פאַר די רוסן אויך ברענגען אויסליזונג פאַר אונדז, יידן?".

און אין יאָר 1907 איז ער עולה קיין ישראל איינער פון די ערשטע פון דער צווייטער עליה.

עס איז די עליה פון אינטעליגענץ, פון אידעאַליסטן, פון חלוצים, וואָס קענען נאָך אַפילו נישט דעם נאָמען דערפון; עס זענען שפּליטערן פון גלות און פון אידעען.

דער פּאָליטישער ציוניזם איז שוין פאַרוואָרצלט, ער איז שטאַרק. מען רעדט פון אים, מען מאַכט דעקלאַראַציעס, מען פירט דיפּלאָמאַטיע און פּאָ־

ליטיק. אָבער יענע מענטשן פון דער צווייטער עליה פילן, אַז נישט אַזוי ווערט געבוירן ווערן אַ לאַנד און זיכער נישט אַזוי ווערט איבערגעבויט ווערן אַ פאָלק.

מען מוז אַהינפאָרן, מען מוז אַרבעטן, מען מוז אַליין טאָן: עס איז: אם לא עכשיו — אימתי? און אם אין אני לי — מי לי?

און יעדער איינער פון זיי איז מקיים אין זיך די הגשמה עצמית.

און עס קומען פאַקטן און אַקטן אין דער דאָזיקער כראָניק, וואָס דער־ציילט פון אָנהייבן, פון מעשה בראשית, פון פּיאָנערן־אַרבעט יעדן טאָג אונ־טער דער ממשלה פו אָטאָמאַנישן (טערקישן) הערשער.

עס קומט דער ערשטער וועלט־קריג. דער גירוש פון כמעט אַלע יידן דורך דער טערקישער מאַכט. בן־צבי און בן־גוריון פאָרן אָפּ נאָך אַמע־ריקע.

ווען דער קריג ענדיקט זיך, הויבט זיך אָן די תקופה פון דער פערטער עליה, פון ענגלישן מאַנדאַט.

אָבער וועגן דער דאָזיקער עליה איז שוין אין בוך נישטאָ.

זי איז נענטער פון אונדז, מיר קענען זי בעסער. מיר ווייסן וווהין די קערנער, וואָס זענען פאַרזייט געוואָרן דורך אַליין־רעאַליזירונג, האָבן גע־פירט און דערפירט דעם מחבר פון די אומפּערזענלעכע זכרונות צו זיין הויכער און פאַרדינטער פונקציע.

דאָס בוך איז גוט איבערזעצט פון א. א. פישער און פאַרזען מיט אַ הקדמה פון מ. רעגאַלסקי.

1958

# י. זרובבלס „בלעטער פון אַ לעבן״

צום דאָפּלטן יובל — 70 יאָר פון זייער מחבר און 50 יאָר זינט „פּאָל־טאָווע״ — זענען אין תל־אביב דערשינען „בלעטער פון אַ לעבן״ פון באַקאַנטן מנהיג פון אַרבעטער־ציוניזם, י. זרובבל.

היינט ווייסן מיר, אַז אין רוסלאַנד האָבן געהערשט, הערשן און עס וועלן הערשן — רוסן; אַז דער צאַרישער אַבסאָלוטיזם איז פאַרביטן געוואָרן דורך אַ צווייטן, דורך אַ רעזשים, וואָס נאָר די רוסישע פּסיכיק איז פעאיק צו פּראָדוצירן און צו דערהאַלטן. אָבער מיט פופציק יאָר צוריק אין דער תקופה פון צעפאַלונג־פּראָצעס פון צאַריזם, ווען די רוסישע אימפּעריע איז געווען אַ גינסטיקער באָדן פאַר דער פאַרזייאונג און געדייאונג פון (פאַר איר) עקזאָטישע קערנער פון מערב, איז עס אויך פאַר דער פּילמיליאָניקער יידישער פאַרקנעכטעטער מאַסע געווען אַ הרת־עולמדיקע צייט, אַ תקופה פון וועלט־דערלייזערישע און נאַציאָנאַל־דערלייזערישע אידעען, אידעאַלן און חלומות.

פאַר די יידישע סאָציאַליסטן פון נוסח „בונד״ פון רוסלאַנד, פּוילן און ליטע, איז דער באַגריף וועלט־יידנטום דעמאָלט געווען אַן אומדערלאָזבאַרע אַפּיקורסות, קיין באַזונדערע יידישע פּראָבלעמען האָבן, ווי עס זאָגט טאַקע דער מחבר פון די „בלעטער״, פאַר אים, דעם „בונד״, נישט עקזיסטירט. עס איז געווען פאַר זיי אַ מושכל ראשון, אַן אַקסיאָמע, אַז מיטן פאַלן פון צאַריזם, פאַלן אַוועק אַלע פּראָבלעמען, אַלע זאָרגן; מיטן אויסלייז פון רוסישן פאָלק, קומט במילא דער יידישער אויסלייז.

די „סיימיסטן״ די „ס. ס.״ זענען געווען אַ ביסל רעזערווירטער, אַ ביסל פאָרזיכטיקער, אָבער אויך זיי האָבן פון זייער אייגענעם „ווייטערן קוק״ נישט אַרויסגעצויגן די געהעריקע קאָנסעקווענצן.

דער ציוניסטישער „פּעסימיזם״ איז געווען דער רעזולטאַט פון פּערספּעקטיוו. ער האָט געזען אַז דער יידישער אויסלייז איז נישט קיין אוי־

טאַמאַטישער, ער קומט נישט אויף די פליגלען פון דער רוסישער רעוואָלו־ציע ווי אַ מתנה פאַר די יידן, נייערט ער וועט נאָך פאָדערן אַ גאַנץ באַזונדערן און אַ גאַנץ לאַנגן אָנשטרענג.

דער ארבעטער־ציוניזם, דער מאַרקסיסטישער, דער מיט דער „וויסנשאַפטלעכער באַזע" האָט מיטן באָוווסטזיין געטיילט דעם אַלגעמיינעם אָפּטימיזם, אָבער מיטן אינסטינקט האָט ער באַנומען דאָס באַזונדערע, דאָס נאַציאָנאַל־גורלדיקע פון יידישן פּראָבלעם.

מיטן באַוווסטזיין און מיטן הסכם פון דער צייט, וואָס האָט מיט יוגנטלעכן קנאות פאַרלאַנגט אַז אידעען זאָלן האָבן זייער טעאָרעטישן פונדאַמענט, האָט דער „גאון פון פּאָלטאַווע", ווי זרובבל רופט אָן באָראָכאָוון, דעמאָלט געגעבן דעם פּועלי־ציוניזם זיין תורה שבכתב, זיינע „לוחות הברית" ווי עס דריקט זיך אויס דער מחבר פון די „בלעטער", אָבער דער אינסטינקט האָט נישט באַדאַרפט קיין אסמכתות, קיין „אייזערנע געזעצן", ער איז געקומען מיט נאַציאָנאַלער אינטואיציע, ער איז געקומען מיטן זיכערן געפיל, אַז נישטאָ פאַר יידן אַ לייזונג בלויז אין די ראַמען פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער לייזונג און עס איז נישטאָ קיין יידישע לייזונג אָן יידישער אַרבעט, אָן איבערשיכטונג, אָן פּסיכישער און עקאָנאָמישער איבערפאָרמירונג.

י. זרובבל איז זיין גאַנץ לעבן טריי געבליבן דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם אין זיין „וויסנשאפטלעכער באַגרינדונג" איז עס פאַר אים פערזענלעך לשבח, אָבער עס איז געגוג אויפמערקזאַם צו לייענען זיינע אייגענע ווערטער וועגן מאָמענט פון גרויסן אַקט פון דער גרינדונג פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין פּאָלטאַווע מיט 50 יאָר צוריק, צו זען, אַז נישט די טעאָריע האָט געשאַפן די באַוועגונג, נאָר די באַוועגונג האָט געזוכט אַ טעאָריע זיך צו באַרעכטיקן, וואָס איז איר געגעבן געוואָרן דורך באָראָכאָוון.

באָראָכאָוו אַליין און זרובבל און זייער גאַנצער קרייז פון יונגע אידעאַליסטן זענען אָבער אין דער אמתן געשטויסן געוואָרן פון אַ כוח, וואָס האָט זיין יניקה געצויגן אין דער נאַציאָנאַלער אידעע און נישט אין דער וויסנשאַפט, וואָס די צייט האָט היפּשלעך אָפּגעפּרעגט.

אָבער לאָמיר אַריבערגיין צו דער אינטימער זייט פון די מעמואַרן,

וואָס דערווייל זענען זיי אין צוויי בענד, צוגעפירט ביז צום יאָר 1916. יע־דער באַנד אַנטהאַלט אַחוץ די כראָנאָלאָגיש־געאָרדנטע זכרונות, אויך אַר־טיקלען, רעדעס און עפּיזאָדן פון רייזעס און באַגעגענישן אָן אַ מוקדם ומאוחר.

אַנשטאָט אַ הקדמה גיט דער מחבר ווי אַן אַריינפיר צום ערשטן באַנד זכרונות אַ בריוו מיט אַ דאָפּלטער היסטאָרישער חשיבות: עס איז אַ בריוו געשריבן פון אים אין יאָר 1908 פון די לוקישקעס (לוקישקי — באַקאַנטע תפיסה אין ווילנע) צו רחל ינאית, (דעמאָלט גאָלדע) די פרוי פון איצטיקן פּרעזידענט בן־צבי און צום פּרעזידענט גופא, ביידע שוין דעמאָלט אין ארץ־ישראל. און עס איז אַחוץ דעם אַ מתנה וואָס דער פּרעזידענט און זיין פרוי האָבן אים געשיקט אויף צומאָרגנס נאָך זיין 70־יאָריקן געבוירן־טאָג, ווען זיי האָבן צופעליק אַנטדעקט דעם בריוו.

מיט אַ טאָג פריער, דעם 14־טן יאַנואַר 1956, ווען זרובבל איז אַלט גע־וואָרן 70 יאָר, איז ער מיט דער משפחה געווען דער גאַסט פון פּרעזידענטס שטוב, כדי צו פייערן אין אינטימיטעט מיט זיינע פריינד פון דער יוגנט זיין יום־טוב, צומאָרגנס האָט ער באַקומען זיין אייגענעם בריוו במתנה פון פּרעזידענט. האָט ער, גערירט פון דעם אָנדענק און פון בן־צביס זשעסט, אַריינגעגעבן אים אַלס אַן אַריינפיר צום בוך.

דער בריוו איז אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט. אינטערעסאַנט מיט זיין פאָרעם, פול מיט העברעאישע מליצות און פסוקים — וואָס זענען פאַר מיר געווען אַ חידוש אַפילו פאַרן זרובבל מיט 50 יאָר צוריק. אינהאַלטלעך דריקט ער זייער נאַאיוו אָבער זייער אויפריכטיק אויס די ספיקות פון אַ יונגן אינטעליגענט, וואָס פילט אַז עס וואַרטן אויף אים גרויסע אויפגאַבעס און ער פרעגט זיך מיט שרעק צי ער איז צו זיי דערוואַקסן.

די אייגנטלעכע זכרונות הויבן זיך אָן מיט שילדערן די אויסטערלישע שטוב פון זיין מאַמען דער אלמנה. אָבער נאָך פריער אַן עפּיזאָד, וואָס קריצט זיך איין אין זכרון פון קינד, אַן עפּיזאָד אַן אייביק־יידישער. ער זעט ווי אַ גוי שלאָגט אַ ייד. דער אייביקער ויירא איש מצרי מכה איש עברי... דער גוי איז א שייגעץ פון זעלבן הויז און דער ייד איז זיין אייגענער טאַ־

טע. ווער ווייסט וויפל דער אינצידענט פון די קינדער־יאָרן האָט געווירקט אויף דער אנטוויקלונג פון זרובבל?

נאָך אַזאַ ענלעכער אינצידענט טרעפט אים אין די שפּעטערע בחורשע יאָרן: ער גייט זיך באָדן מיט חברים. צוויי גויים טשעפּען זיך צו, שפּרינגען אַריין אין וואַסער, זיי באָדן זיך אויך. איינער פון זיי וויל דווקא מיט כוח אים דערטרינקען. דער יונגער יעקב ישראל האַלט זיך קראַמפּיק אין די רוצחישע פּאַלעס פון זיין דערטרינקער. ער לאָזט זיך נישט, און אַ האַלב־פאַרטרונקענעם שלעפּט אים דער גוי דאָך צוריק צום ברעג.

די צוויי אינצידענטן האָבן מסתם זייער חלק אין דער אויספאָרמירונג פון שפּעטערן זרובבל.

אויב זרובבל איז נישט ווי זיין גרויסער בן עיר בער באָראָכאָוו און נישט ווי דער פּרעזידענט בן־צבי, געווען קיין מענטש פון גימנאַזיע און אוניווערסיטעט, דער מענטש פון נאָרמאַלער און סיסטעמאַטישער בילדונג, איז ער אָבער געווען זיין גאַנץ לעבן לאַנג אַן אויטאָדידאַקט, סטודענט אין די אוניווערסיטעטן פון לעבן.

פון דער מאמעס שטוב אָן ביז צו די גרויסע וועלט־נסיעות, וואָס ער האָט נאָך ביז היינט נישט אויפגעהערט צו מאַכן, איבער די לערן־יאָרן פון מלאכות, די יאָרן פון תפיסה און יאָרן פון אויסשמידן זיינע אָראַטאָריש־פּאַרטייאישע און שריפטשטעלערישע פעאיקייטן, האָט ער נישט אויפגע־הערט צו שעפּן און צו לערנען.

דער טאַטע איז געווען אַ סך עלטער פון דער מאַמען, אַ קראַנקער, ער איז שוין געווען סופר, מלמד, שוחט, און איצט, ווען דער יונגער יעקב ישראל איז קוים אַלט 10 יאָר, זיצט ער שוין בלויז איבערן זהר, און די מאַמע די אשת חיל פאַרזאָרגט דאָס הויז.

באַלד שטאַרבט דער פאָטער. די מאמע באַדאַרף אויפציען קינדער. זי איז אַ בייגל־בעקערין, זי האָרעוועט ביז זייער שפּעט אין די נעכט. זי באַקט, זי האַלט נאָך דערצו אין דער שטוב אַן אכסניה, אַ גאָרקיך און אַ מצה־בעקעריי, און אַן אַלטע פּראַצענטניצע מיט אַן אייגענעם לאָמבאַרד... מענטשן פון פאַרשידענע מינים קומען צו זיי נעכטיקן, עסן, רעדן, זיך קריגן.

אָפטמאָל אומגעוווּנטשענע געסט מיט ניבול פּה, מיט אויסטערלישע מעשיות, אָט דאָס איז די שטוב פון זרובבלס קינדער־יאָרן. שפּעטער, יאָרן פון תלמוד־תורה, פון לערנען מלאכות: סטאָלער, שילדן־מאָלער, מצבות־קריצער.

אין די קינדער־יאָרן האָט ער ליב צו הערן מגידים, משולחים און זיי צו אימיטירן. שפּעטער זיך צוצוהאָרכן צו די רעדעס פון אָנגעפּאַרענע פּאַרטיי־שליחים. אין דער דאָזיקער שולע פון לעבן וואַקסט דער בחור, הערט זיך צו און שאַרפט דאָס צינגל.

אויף דעם נאַטירלעכסטן אופן וואַקסט ער אַריין אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, קומט צו איר פון אַ שטוב פון זהר, פון פסוק, פון האַרעוואַניע, פון וואָס עס ווערט צוזאַמען דערוויל אַ ייִד־סאָציאַליסט, שפּעטער אַ ציוניסט־סאָציאַליסט.

אין זיין שטאָט אין פּאָלטאַווע איז געבוירן געוואָרן דער פּועלי־ציוניזם. שטעט אונטערליגן, פּונקט ווי מענטשן, גורל. איז עס געווען דער גורל פון פּאָלטאַווע, אַז דאָרט זאָל געבוירן ווערן דער אָרגאַניזירטער פּועלי־ציוניזם.

איז עס דערפאַר, ווייל דאָרט זענען געווען בער באָראָכאָוו, יצחק בן־צבי און זרובבל? דאַרף מען דערפון דרינגען אַז מער ווי געשיכטע פאַרמירט פּערזאָנען, שאַפן פּערזאָנען געשיכטע?

אַ פאַקט איז, אַז ביים מעמד־פּאָלטאַווע, ביים געבן די לוחות פון פּועלי־ציוניזם האָבן זיך געפונען פיל פון די שפּעטערע בויער פון דער מדינה.

די צוויי בענד זכרונות זענען אָנגעפּיקעוועט מיט אָן אַ שיעור אָנעקדאָטן, משלים, מעשיות, עפּיזאָדן, צונויפטרעפונגען, נסיעות, שמועסן און פאַרצייכענונגען.

איך וויל בלויז דערמאָנען צוויי: ביידע באַציען זיך צום באַרימטן רוסישן שריפטשטעלער קאָראָלענקאָ, וועלכער האָט אין זרובבלס יונגע יאָרן געוווינט אין פּאָלטאַווע. זרובבל האָט פרי אָנגעהויבן שרייבן און ווי דער שטייגער איז געווען נאָך דעמאָלט ביי דער אינטעליגענץ — אויף רוסיש. אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט ווייזן זיינע כתבים אַ גרויסן שריפטשטע־

לער אויף מבינות, איז ער אַוועק צו קאָראָלענקאָ. דער גרויסער שרייבער און ליבעראַל האָט אַריינגעקוקט, געזען אַז עס גייט אין יידישע טעמעס, רופט ער זיך אָפּ: איר קענט דאָך שרייבן יידיש! און ער שיקט אים אָפּ צום העברעישן שרייבער, היסטאָריקער און פּעדאַגאָג אַלעקסאַנדער זיס־קינד ראַבינאָוויטש, וואָס האָט אויך געוווינט אין פּאָלטאַווע און וועלכער איז אגב געווען זרובבלס ערשטער לערער.

אַ צווייטער עפּיזאָד: עס איז געווען אין די צייטן פון פּאָגראָמען אין די אַרומיקע רוסישע שטעט. אין פּאָלטאַווע האָט מען זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם אין אַ טאָג פון אַ יאַרמאַרק. נישט פון קיינעם געשיקט, האָט קאָ־ראָלענקאָ אַרומגעשפּאַצירט אַ גאַנצן טאָג צווישן די פורן און פויערים, אויפן מאַרק, מיט זיין וואָך אויג זיי געהיטן און די יידישע באַפעלקערונג דערמיט אָפּגעהיטן פון אַ פּאָגראָם.

די שפּראַך פון די זכרונות איז, ווי זיין שפּראַך שבעל פּה, אַ ריינע, אַ פּליסיקע. אין איר ליגן אַלע אוצרות, וואָס דער מחבר האָט אין זיך אַריינ־געשעפּט אין די „אוניווערסיטעט"־יאָרן אין דער מאַמעס אַכסניה, שפּעטערביים הערן די מגידים און די אָנגעפּאָרענע רעדנער, די דערפאַרונגען פון די תפיסה־יאָרן און פון די אָן אַ שיעור נסיעות פון די יינגסטע יאָרן אָן אי־בער איראָפּע, ישראל (ערשטע רייזע אין 1900) אין אַמעריקע (ערשטע רייזע אין 1912) און איבער אַלע קאָנטינענטן אין אַלע יידישע ישובים אי־בער דער וועלט. שוין אָפּגערעדט פון פּוילן, ווו ער איז געווען דער גאַסט פון אַלע שטעט און שטעטלעך און ווו טויזנטער און טויזנטער האָבן אויס־געפּילט די זאַלן בעת זיינע פּלאַמיקע פּאָליטישע רעדעס און אינהאַלטס־רייכע ליטעראַרישע רעפעראַטן.

די רוסישע רעוואָלוציע האָט די פּועלי־ציון געשפּאָלטן.

עס זענען אין די יאָרן פון צווישןביידע וועלט־מלחמות געווען צייטן, ווען דער כישוף פון „קעגנוואַרטס־אַרבעט" און פון דער אָקטאָבער־רעוואָ־לוציע, האָבן באַצויבערט, געררייצט און געדראָט אַוועקצורייסן די לינקע פּו־עלי־ציון פון הויפּט־ציל פון זרובבלס יונגע יאָרן — פון ציוניזם.

אָבער דער שר האומה, דער גורל פון דער יידישער טראַגישער גע־שיכטע האָט זיי כמעט בעל כרחם צוריקגעשלעפּט. און אין דער פּראַקטי־

שער אַרבעט לטובת דער מדינה האָבן זיך ווידער, נישט בלויז פּערזענלעך, ווידער באַגעגנט די צוויי פּאָלטאַוועער, נאָר אויך אין דער אַרבעט זיי צוריק באַהאָפטן. איז דאָס אַליין אַ זכיה און אַ פּריווילעגיע וואָס איז פאַרן מחבר פון די „בלעטער״ און זיינע חברים נישט געקומען אומפאַרדינט.

# גרויסער ווערטערבוך פון דער יידישער שפּראַך

„וואָסערע מחיהדיקע שפּראַך יידיש איז, מ׳פאַרשטייט פון איר יעדעס וואָרט״, האָט אַמאָל געזאָגט דער קלוגער שלום־עליכם.

אָבער אויך דער דאָזיקער אמת איז בלויז אַ רעלאַטיווער.

היינט, ווען די נייע יידישע צענטערס זענען אַרויסגעריסן פון זייער שורש; ווען די, אין די לעצטע צענדליקער יאָרן אויסגעבילדעטע יידישע קיבוצים, זענען געאָגראַפיש און פסיכיש דערווייטערט פון זייער אייראָ־פּעאישן שפּראַך־וויגעלע, ווען דער שפּראַכלעכער שאַפונג־פּראָצעס — לכל הפּחות אין זיין מאַסנהאַפטן זין — האָט זיך שוין בכל אופן אָפּגע־שטעלט און איז געבליבן בלויז די פּריווילעגיע פון יחידים־שרייבער און פאָרשער. היינט איז שוין זיכער געקומען דער פּעריאָד פון פעסטשטעלן, אויפהאַלטן, קאָנסערווירן און אויפהיטן דאָס אָנגעזאַמלטע. און ס׳איז געווען ריכטיק און געוווּנטשן צוצוטרעטן צו דער פיקסירונג פון אַקומולירטן; פון סדרן, אויסשטעלן און איינשטעלן דעם שפּראַך־אוצר; ווערטער, ווערטלעך, שפּריכווערטער, אָנגעזאַמלטע, געשאַפענע אַריבער דורות, פּראָווינצן, לענדער און שטעט, און וואָס דאָס פאָלק האָט אין זיי אַריינגע־לייגט אַלע ניואַנסן און צערפּולע דערפאַרונגען.

עפן איך, מיש און בלעטער דעם שיין און רייך אַרויסגעגעבענעם באַנד איינס פון גרויסן ווערטערבוך, לייען די הקדמות און די רשימות פון זאַמלערס, אַרויסגעבערס, שטיצערס און בויערס, און טראַכט דערביי, אַז דאָס אַלץ איז טאַקע אויף דער ליניע פון אונדזער אַלטער און אייביקער טראַדיציע.

ואלה שמות, ואלה פיקודי בני ישראל, ואלה החזיקו... און אַזוי ווייטער. אין חומש, אין פּסוק, אומעטום רשימות, נעמען פון מנדבים, פון בויערס, פון שטיצערס און אָט די נעמען האָבן אַפילו זוכה געווען זיך אַריינצוגליטשן

אין נצח ישראל און אַזוי מיטצווואַנדערן איבער דורות און קאָנטינענטן אין דער יידישער אייביקייט אַריין...

נעמען פון יוצאי מצרים, נעמען פון געבערס פאַרן משכן, נעמען פון בויערס פון די איינגעבראָכענע מויערן פון ירושלים אין די צייטן פון נחמיה. יידן האָבן אַזוי תמיד אָפּגעהיטן נעמען און רשימות פון געבערס, פון מנדבים, פון שטיצערס און בויערס. איין אונטערשיד איז פאָרט פאַראַן. מיר זעען קיינמאָל נישט אין תנ"ך קיין באַזונדערע רשימות פאַר די, וואָס האָבן באַוויליקט גרעסערעביישטייערונגען, אַנדערע פאַר די, וואָס האָבן מנדב געווען קלענערע סומעס און אַ גאַר באַזונדערע רשימה פאַר מנדבים פון קליינע מטבעות, ווי דאָס איז דער פאַל מיט די ליסטעס פון ווערטערבוך, ווו די געבער צו טויזנט דאָלאַר און העכער באַקומען זייער "ואלה" אונ־טער טיטל "אַרויסגעבערס", די געבערס צו 500 דאָלאַר און העכער גייען אַריין אין אַ ליסטע פון "שטיצערס", און צום סוף: די נעמען פון מנדבים פון 100 דאָלאַר ומעלה אין אַ ליסטע פון "בויערס".

ווער ווייס, צי דער זכות פון אייביקייט, וואָס איז בייגעשטאַנען די נעמען פון די תנ"ך־מנדבים, קומט טאַקע נישט פון דעם, וואָס זיי האָבן מוותר געווען אויף דער מחיצה צווישן גרעסערע און קלענערע שפענדערס.

אָבער לאָמיר איצט צוריקגיין צו דער ערנסטער זייט פון גרויסן יידישן ווערטערבוך.

אַ יידיש־יידישער ווערטערבוך, איך מיין אַזאַ ווערטערבוך, וואָס פאַר־טייטשט יידישע ווערטער אויף יידיש און נישט אויף פרעמדע שפּראַכן — אין אַזאַ פאַרנעם ווי אָט די נייע אויסגאַבע, גייט ווייט אַריבער די גרענעצן פון אַ בלויז פּראַקטישע, אוטיליטאַרע אַרבעט און אפילו די גרענעצן פון אַ פּעדאַגאָגיש־וויסנשאַפטלעך ווערק. עס איז אַן אונטערנעמונג, וואָס וועט זיך ציילן צווישן די גרויסע קולטור־היסטאָרישע אונטערנעמונגען פון דער נאָך־חורבן־תקופה.

אַזאַ שפּראַך־אינווענטאַר געהערט צו די גרויסע איניציאַטיוועס פון יאָרהונדערטער. איז דעריבער אונדזער חוב מדקדק צו זיין כחוט השערה, זיך אָפּצושטעלן און אונטערשטרייכן די גרויסע מעלות, ווי אויך די, לויט

אונדזער מיינונג, געלאָזענע און באַמערקטע חסרונות אָדער אומנוצלעכע פאַרשווענדונגען.

אַוועקגיין, אַוועקזעצן, אַוועקמאַכן און זייערע פיל אַנדערע פועלים מיטן פּרעפיקס „אַוועק" זענען אָנגענומען אין אונדזער לשון, אָבער ווען מען זאָל אין אַ ווערטערבוך, אַפילו אין אַזאַ היקפּדיקן ווי דער „גרויסער יידישער ווערטערבוך", אַריינגעמען אַזעלכע ווערטער, ווי אַוועקחכמהנען, אַוועקצאַפּן, אַוועקצאַרנען, איז עס דאָך אַ מעשה אָן אַן עק, קען מען דאָך פּשוט נעמען אַלע ווערבן, צו זיי צוגעבן „אַוועק", „אַרויף", „אַראָפּ", „אויס", „אויף" און אויספּילן אומנוצלעך גאַנצע בענד מיט ווערטער.

דאָס זעלביקע האָט זיך טאַקע באַמערקט מיט די פּרעפיקסן: אויף, אויס, אויסברענגען, אויסשטיין, אויסהיטן, אויסהאַלטן, זענען יידישע ווערטער, אָדער „אויס" אין זין פון ריינקן, ווי אויסרוימען, אויסיידישן, אויסגויישן, אָבער ווען מען זאָל אָנהויבן אַזעלכע צוזאַמענגעזעצטע ווערטער און זיי געבן אַ באַזונדערן אָרט ווי: אויסגלוסטן, אויסקלאָגן, אויסגעברוגזט, אויס־טרייסטן, איז דאָך אין לדברים שיעור.

מען מוז נישט דווקא שטרעבן צו זיין רייך אויפן חשבון פון געקינ־סטלטע צירופים, קיינמאָל נישט געפּאָרעמטע און דורך זעלטן ווען געניצטע.

נאָך די דאָזיקע באַמערקונגען בלייבט אונדז בלויז צו ווינטשן, אַז די אָנגעהויבענע אַרבעט זאָל דערפירט ווערן צו אַ גוטן סוף אָן שום שטערונג פון דרויסן און אָן מכשולים פון אינעווייניק.

זאָלן געשטאַרקט ווערן די הענט פון די זאַמלער, בויערס, שטיצערס און אַרויסגעבערס.

און זאָלן געשטאַרקט ווערן די הענט פון די רעדאַקטאָרן יודא א. יאפע, יידל מאַרק און פון סעקרעטאַר נחום סטיטשקאָווסקי, קאָמיטעט פון ווער־טערבוך און פון די אַלע, וואָס האָבן אויף וועלכן עס איז אופן צוגעהאָלפן און וועלן צוהעלפן צו דער פאָרזעצונג און פאַרענדיקונג פון אַזוי ברייט פאַרמאָסטענעם שפּראַך־ווערק.

מיר געפעלט זייער גוט דאָס אָנגעבן די פאַרשידנסטע טראַדיציאָנעלע ראשי תיבות, וואָס יידן יודעי ספר האָבן באַנוצט אין זייער קאָרעספּאָנדענץ

אָדער מחברים אין זייערע ספרים, ווי, למשל: א. א. ז. ל.: אדוני אבי זכרונו לברכה און אַנדערע. אויך דאָס אָנגעבן ווערטער און ווערטלעך פון תלמוד און מדרש ככתבם וכלשונם איז ריכטיק. אַזעלכער איז געווען דאָס יידיש־לשון פון למדן, פון בן־תורה, אַ שיכט, וואָס האָט נישט ווייניק צוגעגעבן מיט זיינע טייטשן פון גמרא און משנה צו דער באַרייכערונג פון יידיש.

מיר געפעלט אויך דאָס אָנגעבן אין אַ ברייטער מאָס שוין אין אות אלף — און מסתמא וועט דער פרינציפּ באַהאַלטן ווערן אויך ווייטער — פון לאָקאַליזמען און פון ווערטער, וואָס האָבן זיך געשאַפן צווישן קרייזן, גרופּן אויף באַגרענעצטע געאָגראַפישע שטחים, אָדער אַפילו בלויז ביי געלעגנהייטן, כדי קיין שום חדושים אין לשון זאָלן נישט פאַרלוירן גיין.

מיר האָבן, ווי איך האָב שוין אויבן דורכגייענדיק באַמערקט — דער־גרייכט אַ פּעריאָד ווען באַנייאונג אין דער שפּראַך אין זייער אינסטינקטיוו־מאַסנהאַפטער פאָרעם האָט שוין אויפגעהערט, און עס איז אונדזער חוב אויפצוזאַמלען און דערהאַלטן די ביז איצטער אָנגעזאַמלטע חידושים און פאַרמירונגען.

יידיש האָט דערגרייכט זיין רייפונג־פּראָצעס און טאָר מער נישט באַהאַנדלט ווערן, נישט דורך די רעדנדיקע מאַסן און נישט דורך יחידים, ווי אַ לשון אָן צוים, אָן פּלויט, אָן באַריערע, וואָס קען נאָך אַלץ צולאָזן אַלע מינים באַרבאַריזמען, אָפּן פאַר אַלע אומהיימישקייטן און פרעמדקייטן.

איך מיין דעריבער, אַז אַזעלכע ווערטער פון רוסיפיצירטע קאָמיוואָיאַ־זשאָרן ווי אַבשטשעסטוואָ, אָדער אַזעלכע סלאַוויזמען ווי אַביוואַטעל־שטשינע, אַבראַזשעניע, אַבעזפּעטשעניע, האָבן נישט קיין שום אָרט אַפילו אין צום ברייטסטן פאַרמאָסטענעם ווערטערבוך, זיי דערוועקן בלויז אַ גריל־צעניש, אַן אומבאַטעמטקייט פאַרן אויער.

1962

# לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור

ואלה שמות... דאָס זענען די נעמען פון די מחברים, און דאָס זענען די נעמען פון זייערע ווערק, פון די יידישע שרייבער וואָס לעבן און שאַפן, אָדער פון די, וואָס זענען שוין פון אונדז אַוועק און האָבן אונדז געלאָזט זייער חלק מי אין גרויסן שותפות־ווערק.

דערווייל איז דערשינען אין גרויסן אַלבום־פאָרמאַט דער ערשטער באַנד. ער אַנטהאַלט אַלע נעמען, וואָס הייבן זיך אָן מיט די ערשטע צוויי אותיות אלף און בית. דער באַנד איז שיין, רייך און מיט לוקסוס אַרויסגעגעבן דורך דעם אַלוועלטלעכן קולטור־קאָנגרעס (פאַראייניקט מיט ציק״אָ). די רעדאַקטאָרן פון אָט דעם ערשטן באַנד זענען געווען שמואל ניגער און ד״ר יעקב שאַצקי זכרונם לברכה, ביידע אַוועק איידער עס איז נאָך דערשינען דער ערשטער באַנד, איידער זיי האָבן נאָך געקענט זען די פרוכט פון זייער אַרבעט.

און אַזוי איז דער לעקסיקאָן, וואָס איז געהייליקט געוואָרן דעם אָנדענק פון זלמן רייזען, דעם אומדערמידלעכן מחבר פון ערשטן לעקסיקאָן, אויך גלייך געוואָרן די מצבה פון אָט די צוויי פלייסיקע בויער פון אַ נייעם לעקסיקאָגראַפישן בנין.

די נויטווענדיקייט פון אַ נייעם לעקסיקאָן האָט זיך געלאָזט פילן צוליב צוויי עיקר־טעמים: צוליב דעם צופלוס פון אַ נייעם דור שרייבער, אַריינגעקומענע אין דער יידישער ליטעראַטור אין צווישנצייט, פון נאָך דער פאַרענדיקונג פון רייזענס לעקסיקאָן ביז איצט, און, צווייטנס, צוליב דעם היטלער־חורבן און אויסראָט פון שרייבער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. עס איז צוליב דעם געקומען דער מאָמענט אונטערצוציען אין אַ געוויסן זין אַ סך־הכל, דורכפירן אַ נייע ציילונג פון אונדזערע כוחות און אָפּגעבן אייביקן כבוד די פאַרשניטענע.

דער לעקסיקאָן פּירט דערמיט אויס אַן אויפגאַבע, וואָס קיין שום ענציקלאָפּעדיש ווערק האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געשטעלט, וואָס איז נאָר מעגלעך און נייטיק געוואָרן אין דער טרויעריקער ייִדישער ווירק־לעכקייט.

אַ לעקסיקאָן איז אַ כל בו, אַ לוח, אַן אַנהויפונג פון נעמען און דאַטעס; ער שטעלט זיך פּראַקטישע צוועקן. זייַן אויפגאַבע איז צו זיין נוצלעך און דינען ווי אַ האַנטבוך אין נייטיקע פאַלן. עס איז נישט שייך האָבן צו אַזאַ אוטיליטאַרן אינסטרומענט אַן עמאָטיווע באַציאונג. אָבער אָט מיש איך אין אים, בלעטער אים פון אַלע זייטן, און ער וועקט אין מיר אַן אַ שיעור עמאָציעס.

אַזוי באַלד דער ערשטער נאָמען: אַבערזשאַנעק יעקב, אַ זשורנאַליסט אין לאָדזש. שווימט אַרויס אַ שוין לאַנג פאַרגעסענע געשטאַלט פון אַ זשור־נאַליסט, פון אַ מחבר פון קליינקונסט־נומערן פאַרן טעאַטער „אררט", אומגעקומען אין אוישוויץ. אַרום דער געשטאַלט זאַמלען זיך אַנדערע גע־שטאַלטן, שאָטנס פון אַמאָל, צוזאַמען פאַרמירן זיי אין דער פאַרשטעלונג דורך אַסאָציאַציעס פון בילדער אַ שטיק פון גרויסן ייִדישן לאָדזש, אַ כרך, וואָס אין זיין צענטער זענען קיינמאָל נישט געווען קיין אַנדערע איינוווינער ווי נאָר ייִדן, ייִדן, ייִדן.

און אָט מיש איך און געפין דעם נאָמען פון אַ נאָענטן חבר א. ז. אשכולי. זיין אמתער נאָמען אהרון וואָלף ווײַנטרויב. ער איז אייגנטלעך געווען אַ העברעאישער שריפטשטעלער און יונג געשטאָרבן אין ישראל. אָבער ער האָט אויך געשריבן ייִדיש אין זיינע יונגע אָנהייבן. און געווען איז ער אַ גרויסער פּיקח און אַליין אַ שטיק לאָדזש, פון יענעם קאָכעדיקן מאַנ־טשעסטערדיקן לאָדזש, וואָס איז איינצייטיק געווען די ראָמאַנטישסטע שטאָט אין דער וועלט.

און אָט איז משה בראָדערזאָן — ווידער אַן אַנדער שטיק פון דער בריי־טער און גרויסער מגילת לאָדזש, מיט וועמען עס בינדן מיך פּערזענלעך אַ סך זכרונות.

ווי איר זעט, קען אַ זאַמלונג פון טרוקענע נעמען און דאַטעס, אין פלוג, מיט אויפגאַבעס פון אַ בעדעקער, אַ וועגווייזער, אויך אָוועקפירן אויף

סענטימענטאַלע וועגן, אויף אַנדערע וועגן ווי די, צו וועלכע עס האָבן אפשר זיך מכוון געווען די רעדאַקטאָרן פון לעקסיקאָן. און אַפילו די אומבאַקאַנטע נעמען רעדן צו מיר מיט אַ ספּעציעל געפיל.

איך לעב איבער אין אַ געוויסן זין זייער עוולה: זיי האָבן אין לעקסיקאָן בלויז צו עטלעכע שורות, נישטאָ ביי זיי קיין גרויסע רשימה פון ווערק: אָרעמע אַלפן פון גרויע נעמען, עטלעכע אייזענבערגס, עטלעכע אָראָנאָוויטשעס אאַז״וו נעבן אַזעלכע תקיפותדיקע אַלפן (אַלופים) ווי אַש שלום, אָפּאַטאָשו יוסף, וועמען עס זענען געווידמעט מערערע זייטן. עס איז אָבער אָט אָ די כמעט אַנאָנימע אַלפן פּאָרט געלונגען צו באַקומען זייער פּלאַץ, זייערע אייביקע און זיכערע דריי און אַ האַלבע שורות, איז דאָס זייער מזל און טרייסט.

ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן דער פּלאַן פון שאַפן אַזאַ לעקסיקאָן פאַר די שילומים־געלטער, האָבן מאַנכע שרייבער, דער עיקר פון צווישן די, וואָס זענען אַליין געווען די קרבנות פון די דייטשע אכזריותן, אויפגעהויבן אַ געוואַלט. אַ טייל האָבן זיך אָפּגעזאָגט אין אים אַריינגענומען צו ווערן.

פאַרשטייען מיר זייערע געפילן, אָבער מיר האַלטן דאָס שאַפן בשום אופן נישט פאַר קיין מצווה הבאה בעבירה. עס איז געווען בפירוש אַ פליכט צוריקצונעמען לכל הפחות אַ טייל פון די דורך די דייטשן אַנגערויבטע יידישע פאַרמעגנס, כדי מיט זייער הילף צו רעקאָנסטרואירן אַ טייל פון די גייסטיקע רואינעס, וואָס זיי האָבן פאַראורזאַכט.

לאָמיר, אגב, האָפן, אַז די אָרגאַניזמען וואָס באַשעפטיקן זיך דערמיט און גיבן באַשעפטיקונג אַ גרעסערע צאָל יידישע שרייבער, די אַרבעטן אויסצופירן, וועלן זיך שפּעטער, ווען די שילומים־געלטער וועלן זיך אויסלאָזן, נישט ליקווידירן, נאָר זיי וועלן פאָרזעצן אַנדערע אַקטיוויטעטן מיט דער הילף פון געלטער, וואָס וועלן קומען פון אייגענע יידישע קעשענעס און פון יידישע הערצער.

אוודאי איז, ווי געזאָגט, די אויפגאַבע פון אַ לעקסיקאָן אַ געלעגנהייט־לעכע, אַן אוטיליטאַרע, אָבער דערווייל האָב איך אים גערבלעטערט ווי אַ לייען־מאַטעריאַל און געפונען אין אים טשעקאַווע אינפאָרמאַציעס.

אַזוי האָב איך געלייענט וועגן אורקע נאַכאַלניק מיט אַ סך אינטערעס,

וועגן זיינע אונטערוועלטישע אַוואַנטורעס און זיין קומען פון תפיסה צו דער פוילישער און יידישער ליטעראַטור. פיל פּרטים זענען מיר געוואָן אומבאַקאַנט. איך האָב למשל נישט געוווּסט, אַז די גבורה פון דער אונ־טערוועלט, האָט זיך נאָך איין מאָל ביי אים צעפלאַמט בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע פון וואַרשע. נאָך אַפילו פאַר דער געטאָ־צייט, האָט ער שוין אָרגאַניזירט ווידערשטאַנדן קעגן די רוצחים און אין איינער אַזאַ אַטאַקע אומגעקומען מיטן טויט פון אַקטיוון קידוש השם.

אין כלל געגומען באַגנוגנט זיך כמעט דער לעקסיקאָן מיט אינפאָר־מאַטיוון מאַטעריאַל וועגן די שרייבער. דער קריטיש־אָפּשאַצערישער איז א געניג באַגרענעצטער.

די ביבליאָגראַפיע איז אַ נישט־פולקאָמע און דאָס פאַררופן זיך אויף שרייבער (אין די נאָכבאַמערקונגען) איז פול מיט פגימות, וואָס דאַרפן אין די וויטערדיקע בענד אויסגעבעסערט ווערן. און איצט בלייבט בלויז די אָרגאַניזאַטאָרן און אונדז אַלעמען צו ווינטשן — און אין אונדזערע צייטן איז אַזאַ ווונטש לגמרי נישט איבעריק — אַז נאָך דעם לעקסיקאָן זאָלן נאָך קומען אַנדערע און אַנדערע, אַז נייע יידישע שרייבער זאָלן נאָך צוקומען און עס זאָל נאָך זיין וועמען און וועגן וועמען צו אינפאָרמירן. עס זאָל נאָך אָנגיין אַ באַוועגונג אין אונדזער יידישער ליטעראַטור; נישט קיין קינסטלעכע, נאָר אַ קינסטלערישע, נישט קיין געמאַכטע, נאָר אַ ספּאָנטאַנע. נישט קיין טאַראַראַם פון פּושקע, נאָר אַ נאָרמאַלע באַוועגונג פון אַ נאָרמאַלער ליטעראַטור.

איז עס נאָך מעגלעך? אָן דער דאָזיקער אמונה וואָס וואָלטן מיר געווען? איז — אני מאמין באמונה...

*

צום סוף איז כדאי צוצוגעבן, אַז אַחוץ די רעדאַקטאָרן איז אין צוזאַ־מענשטעלן דעם לעקסיקאָן און אין צוזאַמענברענגען דעם מאַטעריאַל נאָך געווען באַשעפטיקט אַ גאַנצער שטאַב פון ספּעציאַליסטן און שרייבער.

דער סעקרעטאַר איז משה שטאַרקשטיין. צווישן די מיטאַרבעטער: די אין פּאַריז גוט באַקאַנטע שרייבער: ב. טשובינסקי, יעקב כהן, ח. ל. פוקס און זיינוויל דיאַמאַנט.

# גמרא מיט יידיש-טייטש

כי מבריסל תצא תורה. ווער וואָלט עס געגלייבט? אָבער עס איז אַ פאַקט. אין דער הויפּטשטאָט פון פלעמיש-וואַלאָנישן לענדל וווינט זיך אַ ייד ר׳ נתנאל לעווקאָוויטש, וואָס האָט, זעט אויס, ליב די גמרא און האָט ליב יידיש און ער האָט די צוויי גרעסטע דורותדיקע שאַפונגען נאָכן תנ״ך, דעם תלמוד און יידיש באַהאָפטן צו איין בונד.

און דווקא אין אַ מאָמענט ווען גמרא איז נישט אַזאַ פּראַקטישער ענין אין אונדזערע טעג, און יידיש-לשון הייבט אויך אָן זיין אַן ענין פאַר בטלנים לויט דער מיינונג פון אנשי מעשה.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט שוין דער זעלביקער מוציא לאור פאַר־עפנטלעכט „בבא קמא״. איצט האָט ער אַרויסגעגעבן „בבא מציעא״. אָבער שרעקט אייך נישט, מיינע לייענער, איך טרעט נישט צו צו שרייבן אַ רע־צענזיע איבער דער מסכתא בבא מציעא און נישט קיין אָפּהאַנדלונג וועגן ים התלמוד בכלל.

וועגן וואָס איך וויל יאָ אַ שמועס טאָן מיט די לייענער איז וועגן די הוספות צום טעקסט פון תלמוד אין דער אויסגאַבע פון נתנאל לעווקאָוויטש פון בריסל און וועגן די אומשטענדן אין וועלכע די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן.

קודם כל איז דער טעקסט גופא, פון די מסכתות, די משנה און די גמרא, פאַרזען מיט נקודות מיט אָפּשטעל־צייכנס און פרעג־צייכנס. שוין דאָס אַליין מאַכט די גמרא צוטריטלעכער, לייכטער און גיט צו חשק אַ מאָדערנעם ייד צו עפענען אַזאַ גמרא. אָבער דער עיקר איז דאָ דער אויפטו פון פירוש, די יידישע איבערזעצונג, מיט וועלכער דער אָריגינעלער טעקסט פון תלמוד איז אַרומגענומען פון ביידע זייטן אויפן אָרט פון די טראַדיציאָנעלע מפרשים: רש״י און די בעלי התוספות.

געפינטלט, איבערגעזעצט און דערקלערט אין יידיש איז דער טעקסט פון תלמוד דורך הרב שמואל היבנער פון אַנטווערפּן.

אַנטווערפּן האָט תורה־טראַדיציעס און עס איז רעכט אַז פון דאָרט זאָל די באַהעפטונג פון גמרא מיט יידיש אַרויסקומען.

די אַרבעט האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער מוראדיקער אָקופּאַציע־צייט, און אָט וואָס דער אַרויסגעבער שרייבט אין זיין הקדמה:

„ווי באַקאַנט, איז דער געדאַנק צוצוטרעטן צו דער קאָלאָסאַלער אַר־בעט פון דער נייער אויסגאַבע פון תלמוד בבלי ביי אונדז אַנטשטאַנען אין בריסל אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. בעת עס האָט אָנגעהויבן באַקאַנט צו ווערן די סיסטעמאַטישע אויסראָטונג פון מיליאָנען יידן אין מזרח־ און צענטראַל־איראָפּע און מיט זיי דער אונטערגאַנג פון דעם רוב תלמידי־חכמים, לומדים און מלמדים און בכלל יודעי התורה.

דעמאָלט, אין דער צייט פון דער פינצטערער נאַצי־עפּאָכע (1941—1944) אונטער סכנה און פחד, זענען פארטיק געוואָרן דער ניקוד, דער פּיסוק און די יידישע איבערזעצונג".

בכן, אין די יאָרן פון אויסראָט, ווען די יידן צוזאַמען מיט זייער תורה זענען געווען פאַרמשפּט צום אייביקן טויט, האָבן זיך געפונען צוויי מעכ־טיקע ווידערשטענדלער, אַליין פאַרמשפּטע צום טויט, וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן קיום און פאַרן המשך, פאַרן פאַרזעץ פון יידישן לעבן און פון אַ פאָרעם פון יידישקייט.

די צוויי וווּנדערלעכע רעזיסטאַנטן האָבן דאָ אייגנטלעך נאָכגעפאָלגט דעם געדאַנקען־גאַנג פון אונדזערע חז"ל, וואָס האָבן די גאַנצע תורה שבעל פה פאַרוואַנדלט אין אַ תורה שבכתב.

מיר ווייסן דאָך, אַז בלויז תורת־משה האָט געמעגט ווערן אויפגעע־שריבן. דאָקעגן אַלע שפּעטערדיקע פירושים און שקלא וטריאס האָבן געהערט צו דער מסורה שבעל פה, וואָס זענען נישט אויפגעשריבן גע־וואָרן. און אויף וויפיל די אנשי כנסת הגדולה און די שפּעטערע חכמים און ראשי ישיבה האָבן יאָ פאַרשריבן הלכות און באַמערקונגען, איז עס

נישט געווען באַשטימט פֿאַר דער ברייטער עפֿנטלעכקייט, נאָר פֿאַר די דירעקטע תּלמידים פֿון בית־המדרש.

ערשט שפּעטער, ווען צוליב די גזירות און גירושים האָט מען מורא באַקומען, אַז די תּורה וועט פֿאַרגעסן ווערן, האָט מען אָנגעהויבן מסדר זײַן דעם תּלמוד און אַלע זײַנע „נושאי כּלים", זיי אויפֿשרײַבן און רעדאַגירן.

אַזוי האָבן טאַקע אויך געטאָן די צוויי בעלגישע באַהאַלטענע ייִדן.

ווען זיי האָבן מורא באַקומען, אַז דאָס גרויסע מזרח־ייִדנטום מיט אַלע זײַנע תּורה־אינסטיטוציעס ווערן חרוב, האָבן זיי זיך גלײַך אין זייערע באַהעלטענישן אַוועקגעזעצט איבערשרײַבן און איבערזעצן גמרא־טעקסטן כּדי שלא תּשתּכח תּורה מישראל.

דער ייִדיש־טײַטש האָט אין זייערע אויגן — מיט רעכט — אָנגענומען דעם זעלביקן באַטײַט וואָס אין די פֿריערדיקע דורות דאָס מסדר זײַן און צונויפֿנעמען די פּירושים אין שקלא וטריא פֿון די מפֿרשים.

ביז צום לעצטן חורבן האָבן אונדזערע מלמדים אין די חדרים און ישיבֿות פֿאַרטײַטשט גמרא און משנה אין ייִדיש. און דער טײַטש אַליין האָט זיך אויספֿאָרמירט אין אַ מין נײַע תּורה שבעל פּה, אַ ייִדיש־תּורה שבעל פּה, אויף וועלכער עס האָבן זיך אויפֿגעצויגן דורות תּלמידי חכמים און דורות — דאָס דאַרף מען אויך נישט פֿאַרגעסן — פֿון אַ באַרײַכערטן ייִדיש.

וויפֿל ייִדישע שרײַבער און אויסדריקן אָדער העברעיִשע אַרײַנגעפּירטע אין טעגלעכן ייִדיש זענען צוגעקומען דורך פֿאַרטײַטשן דעם טעקסט אין דעם פּלפּול פֿון משנה און גמרא! דעם מלמדס ייִדיש־טײַטש פֿון דער גמרא האָט געהאַט זײַן אייגנאַרטיקן סטיל, נוסח און קלאַנג.

איצט, נאָכן חורבן, ווען דאָס אַלץ האָט געדראָט פֿאַרלוירן צו ווערן און איז טאַקע אויפֿן וועג פֿון פֿאַרשווינדן לכל הפּחות אין אייראָפּע, זענען אויפֿגעשטאַנען צוויי קנאים: קנאים פֿון גמרא און קנאים פֿון ייִדיש, און אונטערגענומען די קאָלאָסאַלע אַרבעט פֿון איבערגעבן לדורות דעם מלמדישן פֿאָלקסטימלעכן ייִדיש־טײַטש פֿון תּלמוד.

תּחזקנה ידיהם.

לאָמיר צוגעבן, אַז דער יידיש איז אַ געגנוג לויפּיקער הגם ווייט פון זיין אַ פּערפעקטער. אויך דער ניקוד איז נישט ריין פון פעלערן, אויף וואָס די מחברים אַליין מאַכן אגב אויפמערקזאַם.

מיך פערזענלעך האָט אָבער די גאַנצע אויסגאַבע מיט איר פאָרמאַט און אירע הוספות שטאַרק געפריייט. עס איז אַ באַרייכערונג און אַן אויס־דרוק פון גלויבן און עס איז אויך, מיין איך, אַ וויכטיקע פּראַקטישע דער־גרייכונג.

איצט לאָמיר נאָך ברענגען אַ שטיקל פּירוש־יידיש לשם דוגמא: „מש־נה": אף השמלה. אויך אַ קלייד איז געווען אין כלל פון אַלע די (פאַרלוי־רענע זאַכן) און פאַרוואָס איז עס באַזונדער דערמאָנט (און אַזוי זאָלסטו מאַכן צו דיין קלייד?) כדי דערמיט אַלץ צו פאַרגלייכן און דיך צו לער־נען: אַזוי ווי דאָס קלייד צייכנט זיך אויס דערמיט, וואָס עס האָט סימנים און עס האָט מאָנערס, אַזוי אויך יעדע זאַך וואָס האָט סימנים און האָט מאָנערס מוז מען אויסרופן, (אָבער נישט אַ זאַך אָן אַ סימן, פון וועלכער דער אייגנטימער איז זיך מייאש).

„גמרה", וואָס הייסט אין כלל פון די אַלע? האָט רבא געענטפערט: אין כלל פון די ווערטער: „מיט יעדער פאַרלוירענער זאַך פון דיין ברו־דער" — רבא האָט געזאָגט: צו וואָס האָט די תורה געברויכט שרייבן: אָקס, אייזל, שעפּס און קלייד (מוז מען צוריקגעבן?) דאָס איז נויטיק. ווען די תורה וואָלט נאָר געשריבן קלייד, וואָלט מען געקאָנט מיינען נאָר ווען עס זענען דאָ עדות אויף דער זאַך זעלבסט, אַז זי געהערט דעם אייגנטי־מער, אָדער סימנים אין דער זאַך גופא, אָבער ווען ביי אַן אייזל זענען פאַ־ראַן עדות אויף דעם זאָטל אָדער סימנים אויף דעם זאָטל, גיט מען אים נישט צוריק, דערפאַר האָט די תורה געשריבן חמור".

האָט איר דאָ אַ מוסטער פון אַ גמרא־פּלפול אויף יידיש, אַ מאָדעל פון קאָמערציעלער און יורידישער לאָגיק און אַ מוסטער פון אַ פּירוש אויף אַ משנה און אַ שטיקל גמרא אין דער יידישער שפּראַך.

אין מיינע אויגן איז בלויז דער פּירוש אַ ביסל צו פיל מאָדערן. דערפון פאַרלירט די תלמוד־ווירקלעכקייט.

דער אַמאָליקער חדרדיקער פּירוש פון תלמוד האָט אַזוי באַהאָפטן

דאָס גמרא־וואָרט צום יידישן וואָרט, אַז זיי האָבןביידע אונדז געהאַלטן אין דער תלמוד־אַטמאָספערע, אין אַן אייגענער ממשותדיקער רעאַליטעט.

איך וויל דערמיט זאָגן, אַז אַ מאָדערניסטישער פּירוש אַנטפּלעקט פאַר אונדז די אַבסטראַקציע פון דער תלמודישער לאָגיק און האָט במילא אַ פאַרקערטע ווירקונג ווי די אַרויסגעבער און איבערזעצער האָבן זיך מכוון געווען.

בכל אופן וואַקסט די אַרבעט ווייט אַריבער די יכולת אַפילו פון צוויי מומחים.

עס איז אַן אַרבעט וואָס וואָלט געפאָדערט אַ גאַנצע סנהדרין און אַ גאַנצע אַקאַדעמיע פון זאַכקענער און פאָרשער.

און עס וואָלט כדאי געווען!

די צוויי מסכתות בבא קמא און בבא מציעא זענען יעדנפאַלס אַ באַ־ווייז פון אַ מעכטיקן ווילן און גוטע כוונות.

# יצחק באַשעוויס

## יצחק באַשעוויסעס אוניווערסיטעטן

יצחק באַשעוויס איז אַ שרייבער פון אַ באַזונדערן מין. זיין אופן פון שרייבן ווי זיין טעמאַטיק זענען אָפט מאָל געווען סוזשעטן פון שאַרפער פּאָלעמיק. מען האָט דעם שרייבער פאָרגעוואָרפן גוזמא, איבערטרייבונג, קראַנקע פאַנטאַזיע, אַ ווילן אַרויסצוברענגען דווקא דאָס שלעכטע, דאָס שטנדיקע אין לעבן, די סטרא אחרא.

און עס קענען דעם מחבר אפשר געמאַכט ווערן פאָרוואורפן אין נאָמען פון אַל תגידו בגת, נישט אויסזאָגן פון חדר, נישט דערציילן פאַר „די גויים" וועגן די מיאוסקייטן אין אונדזערע דלד אמות, וועלכע זענען נאָך אַלעמען בלויז ליטעראַרישע פאַנטאַזיעס און קינסטלערישע השערות.

אָבער אין מיין איצטיקן אַרטיקל בין איך מיך נישט מכוון צו אַנאַ־ליזירן די פראַגע וועגן אונדזער רעכט צו פאָדערן סייגים פאַר דער קונסט, צוימען פאַר דער קינסטלערישער פאַנטאַזיע. עס איז מעגלעך, אַז וואָס שייך יידן און וואָס שייך איבערזעצונגען, איז געוווּנטשן צוליב אונדזער ספּעציפישער סיטואַציע, אַז דער קינסטלער זאָל אַמאָל באַשרענקען זיין פאַנטאַזיע, אָבער מען דאַרף נישט איבערטרייבן פון דער צווייטער זייט. עס איז געוווּנטשן פאַרן גלייכוואָג פון דער קונסט גופא, אַז די טעמאַטיק און איר באַהאַנדלונג זאָלן זיין רייך, פאַרשידנאַרטיק און אַ מאָל אַפילו היפּוכדיק, קאָנטראַדיקציאָנעל.

במקום המשפט שם הרשע — האָט דער בעל קוהלת שוין געזאָגט און מען קאָן עס פאַראַפראַזירן במקום הקדושה שם הטומאה. אויפן זעל־ביקן אָרט, וואָס די הייליקייט, געפינט זיך אויך די אומריינקייט. די סתי־רהדיקע עלעמענטן געפינען זיך געווענ באַהאַפטן אין לעבן און עס שאַט גאָרנישט, אַז עס קומט אַ קינסטלער און הויבט אַמאָל אויף דאָס פּרוכתל, אונטער וועלכן מען האָט נישט בלויז מיסטיפיצירט, נאָר אויך מיסטיפי־צירט.

י. באַשעוויס קומט מיר טאַקע אויס ווי אַ קינסטלער אַן אַנטי־מיס־טיפּיקאַטאָר. און געפירט דערצו האָט אים דווקא זיין טאַטנס בית־דין־שטוב, וואָס איז, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס אין דער הקדמה צו זיין בוך „מיין טאַטנס בית־דין־שטוב" — „אַ מין קאָמבינאַציע פון אַ געריכט, אַ געבעט־הויז, אַן אוניווערסיטעט און — אויב איר ווילט — אַ קאַבינעט פון אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער".

די אמתע חובשי בית המדרש איז טאַקע באַקאַנט אַזאַ טיפּ אַפּיקורס, וואָס דאָס בית־המדרש האָט אַרויסגעגעבן. ווייל אַפּיקורסות איז געווען פון אַ פיל ברייטערן מין ווי בלויז רעליגיעזע — זי האָט זיך אויסגעברייטערט אויפן לעבן בכלל.

ווי אַ רעאַקציע אין שטובן פון איבערגעטריבענער פרומקייט, פּחד, פאַראורטיילן און זאַבאַבאָנעס, איז געקומען אָפטמאָל ביי די קינדער די ניכטערע אַפּיקורסות, וואָס האָט ליב געהאַט אַראָפּצורייסן דעם ראָמאַנטיש־מיסטישן, אָפטמאָל מיסטיפיקאַטאָרישן שלייער פון לעבן בכלל.

ווען אַזאַ מין אַפּיקורסות באַקומט זיך אַריין אין די הענט פון אַ קינסטלער, מיט אַ פיינער אָבסערוואַציע־קראַפט, מיט אַ גוטן זכרון, וואַכע אויגן, וואַכע אויערן, ווערט פון איר אַ קוואַל פון גראָטעסק.

„מיין טאַטנס בית־דין־שטוב", וואָס נאָר צו דער אַנאַליזירונג פון דאָזיקן אינטערעסאַנטן בוך בין איך מיך איצט מכוון, איז טאַקע דער מקור, פון וואַנען י. באַשעוויס האָט געשעפּט די אייגנאַרטיקע קוואַליטעטן פון זיין קונסט.

„מיין טאַטנס בית־דין־שטוב" איז דאָקומענטאַריש, אויטאָביאָגראַפיש, בעלעטריסטיש. דאָס בוך דערציילט נישט בלויז מעשות און פאַנטאַזיעס וועגן רביים, רבנים, חסידים, יונגען און מיידן פון סמאָטשע גאַס, נאָר אויך וועגן זיינע עלטערן, זיידעס, באָבעס, פעטערס, מומעס, משפחה און סביבה, און טאַקע דורך זיי אַלע וועגן זיך אַליין, דעם מחבר.

דאָ, אין דעם בוך ליגט דער שליסל פון זיין טעמאַטיק און דער שליסל, וואָס עפנט אונדז אַ שפּאַרע צו זען פון וואַנען עס איז געקומען צו באַשעוויסן זיין אופן פון זען זאַכן, זיין נייגונג צו גראָטעסק, זיין תאווה צו זען „די צווייטע זייט פון דער מטבע".

די בית־דין־שטוב פון זיין טאַטן איז געווען אַן אויסגעצייכנטער צו־שטעלער פון אויסטערלישע קוריאָזן. דערצו זענען נאָך זיין טאַטע און זיין מאַמע געווען צוויי קעגנגעזעצטע כאַראַקטערן.ביידע פון רבנישע משפחות, האָט די מאַמע געשטאַמט פון מתנגדישן יחוס, דער פאָטער פון חסידישן. די מאַמע, אַ ניכטערע, אַ סקעפּטיקערין; דער טאַטע — אַ תם, אַ מאַמין אָן גרענעצן, אָן שום קאָנטראָל פון שכל הישר. דער דאָזיקער בולטער קעגנ־זאַץ האָט אָפּט געגעבן געלעגנהייטן צו זייער קאָמישע סצענעס, וואָס האָבן זיך זייער שאַרף איינגעקריצט אין גוטן זכרון פון יינגל, וועלכער האָט, ווי עס זעט אויס, פון זיין מאַמען גענומען די ניכטערקייט און פון טאַטן די קינסטלערישע פאַנטאַזיע. אַגב, איז טאַקע זיין פאָטער געווען אויך אַ מחבר פון ספרים.

ווי עס זאָל נישט זיין, האָט דאָס בוך „מיין טאַטנס בית־דין־שטוב" אַלע חנען פון גוטן הומאָר, דאָס אָנציעוודיקע פון אינטערעסאַנטע זכרונות, דעם צויבער פון אַן אויף אייביק פאַרגאַנגענער וועלט, דאָס אַלץ געריישט, געזאַלצן, געפעפערט מיט געווירצן גענוג גוט דאָזירטע און דערלאַנגט מיטן טאַלאַנט פון אַ פיינעם שרייבער, וואָס קען די קונץ און די קונסט פון דער מלאכת־הקודש, וואָס הייסט שרייבן.

עטלעכע קוריאָזן פון בוך לדוגמא: דער טאַטע (דער מורה הוראה) רעדט פונקט אַרום זיין באַליבטע טעמע וועגן שדים, רוחות און מזיקים, וואָס די וועלט איז מיט זיי פול און וואָס די אַפּיקורסים ווילן נישט קענען, ווען עס עפנט זיך די טיר און אַ יידענע קומט אַריין מיט אַ קויש, אין וועל־כן עס געפינען זיך געשאָכטענע גענדז.

— אַן אומגליק, די גענדז האָבן אָפּגעשניטענע קעפּ, אַרויסגעריסענע איינגעווייד, אָבער ווען מען וואַרפט זיי אויף דער ערד, גאָרגלען זיי און כאָרכלען, די יידענע איז מלא פחד.

דער טאַטע טריאומפירט: נו„ זעט, איר אַלע אַפּיקורסים. אָבער די מאַמע, די רביצין, אַ פרומע, אַליין אַ למדנטע, אָבער מיט אַ ראַציאָנאַליס־טישן קאָפּ, געפינט דעם באשייד. זי רייסט אַרויס די גאָרגלען פון די גע־שאָכטענע גענדז און זיי ווערן שטום.

דער שכל הישר האָט געזיגט. דער טאַטע שטייט אומבאַהאָלפן. די

פאַרצווייפלטע יידענע פון די געגנדז גייט אַהיים שבת מאַכן אַ באַרואיקטע.

קוריאָז נומער 2: אַ ייד קומט אַריין אין דער בית־דין־שטוב פרעגן אַ שאלה צי ער מעג בלייבן שלאָפן אין איין בעט מיט... זיין טויט ווייב. ער האָט נישט קיין צוויי בעטן, שלאָפן אויף דער ערד קען ער נישט, ווייל די מייז וועלן אים צעפרעסן און צוליב דעם זעלבן טעם קען ער אויך נישט איבערלאָזן דעם מת אליין.

דער ייד מיט דער שאלה קומט אין שבת צו נאַכטס. אין דער בית־דין־שטוב זיצן גראַד יידן צו מלווה מלכה. אַלע, דערשיטערטע פון דער אויס־טערלישער שאלה, גייען גלייך אַהין, דער קליינער יצחקל (דער מחבר) — מיט זיי. און איר קענט זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ בילד פון בידע, נויט און עלנט זיי האָבן דאָרט דערזען. דעם קליינעם יצחקל האָט מען אַזש געמוזט אַהיימפירן אַ פאַרחלשטן; און דאָס אַלץ סך־הכל מיט עטלעכע הייזער ווייטער פון הויז אויף קראָכמאַלנע גאַס, וווּ עס האָט זיך געפונען די בית־דין־שטוב.

און אַזוי גייען אין בוך די אויסטערלישע מאַקאַברישע עפּיזאָדן, דאָ־קומענטן פון פינצטערניש, אָרעמקייט און תמימות און פון צביעות, שווינ־דל און אונטערוועלטישע ווויליונגערישקייט. אַלע עפּיזאָדן צוזאַמען — אַ גראָטעסק־טראַגישער קנויל פון העכסטער דראַמאַטישער שפּאַנונג און פון העכסט קאָמישער אַנטשפּאַנונג.

אין סך־הכל — אַ זייער אינטערעסאַנט בוך, אַ גרויליקס, אַן אויס־טערלישס, אָבער וואָס גיט אַ גוואַלדיקן שטאָף וועגן אַ זייט אין יידישן לעבן אין אַמאָליקן וואַרשע און פון אַמאָליקן יידישן לעבן בכלל.

אין גרויסן אָרקעסטער, וואָס שפּילט אויס די סימפאָניע פון דער יידי־שער וועלט־ליטעראַטור, הערט זיך אַרויס דער באַזונדערער אינסטרומענט פון יצחק באַשעוויס, אַ סאָלאָ־מוזיק, וואָס איז מוסיף צו דער אַלגעמיינער האַרמאָניע.

1959

ל. דאַמאַנקעוויטש

# יצחק באַשעוויס ווי אַ דערציילער

מיט וואָסערע מאָסן מיר זאָלן נישט צוגיין צו דערציילונגען, אַז זיי דאַרפן אָפּשפּיגלען און אונטערשטרייכן דאָס רעאַלע און באַקאַנטע. אָדער אַז זיין דאַרפן אַראָפּרייסן דעם שלייער פון אומבאַקאַנטן און אַנטפּלעקן פאַרן נישט געניטן אויג דאָס פאַרהוילענע, מוזן מיר בכל אופן פעסט־שטעלן, אַז אַ דערציילונג מוז קודם כל זיין אינטערעסאַנט, גוט דערציילט און טאָר נישט זיין לאַנגווייליק.

אָט דעם פאָרבאַדינג דערפילט יצחק באַשעוויס לכל הדעות. זיינע טעמעס זענען תמיד אינטערעסאַנט, די שפּראַך אַ קערנדיקע, זיין סטיל אַ פאַרביקער און געפּאַסטער צום ענין. ער פאַרמאָגט אַן אַנגעשאַרפטן קינסטלערישן אינסטינקט און שפּירעוודיקע חושים.

איצט קומט אָבער די פראַגע, צי אַ קינסטלער מעג אַלץ שילדערן, צי דער שרייבער, איבערהויפּט אַ יידישער, איז פריי אין אויסוואַל פון זיינע טעמעס, אָדער באַדאַרף ער צוליב טעמים פון געשמאַק, פון צניעות, אָדער משום למה יאמרו הגויים, זיין פאַרזיכטיק און נישט דווקא כשרן אַלע סוזשעטן אין נאָמען פון דער פרייהייט פון דער קונסט ?

אין אונדזער יידישער ליטעראַטור האָט מען אפשר אַ סך חסרונות פאַרדעקט, אַ סך אידעאַליזירט שוין אין די גוטע, נאָרמאַלע צייטן און מכל שכן היינט, אין די שבעה־יאָרן, אין בענקשאַפט און טרויער נאָכן פאַר־לוירענעם, קומט אונדז אויס כסדר נאָכצוזאָגן שבחים דעם גרויסן נפטר, אַ גאַנץ פאָלק.

אָבער אפשר איז טאַקע אהבת ישראל אַ נייטיקער סערום פאַרן בלוט־פאַראָרעמטן קראַנקן יידישן פאָלקס־מענטש.

אַזעלכע פראַגן זענען באַרעכטיקט. אונדזער ליטעראַטור האָט זיך באַצויגן צום פאָלק מיט אינסטינקטיווער איינזעעניש.

שלום־עליכם און פּרץ האָבן גאַנץ גוט געקענט דאָס יידישע לעבן, אָבער

זייער אהבת ישראל איז תמיד געגאַנגען ווייטער ווי זייער איראָניע און סאַטירע.

פּרץ האָט מער אידעאַליזירט ווי געשילדערט. זיין כוונה איז געווען צו שאַפן מוסטערן פון בעלי מדות און צדקות.

אויך שלום אַש האָט ראָמאַנטיזירט און אידעאַליזירט. אָבער ער האָט טאַקע מקלקל געווען את השורה צוליב אידעאַליזאַציע לשם אידעאַליזאַציע.

י. מ. וויסענבערג האָט אויף זיין נאַטוראַליסטישן אופן אויפגעהויבן אַ פּאָרהאַנג איבער אַ ווינקל אין יידישן לעבן, וואָס די איבערגעטריבענע ראָמאַנטיק האָט פאַרדעקט, און אפרים קאַגאַנאָווסקי האָט אַרויסגעשיילט אַ ראָמאַנטיזירטע אונטערוועלט, וואָס איז אויך נישט געלעגן פריי פאַרן אייג פון יעדן דורכפאָרער אויף די גרויסע שאָסייען.

מענדעלע האָט געריסן פּאָסן פון שטעטל, געשטראָפט און געמוסרט, אָבער זיין אַראָפּרייסן און דעמאַסקירן האָט פאַרמאָגט אַ משכילישן אהבת ישראל, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן.

אין אַט דער גאַנצער ליטעראַטור פון מענדעלע ביז קאַגאַנאָווסקי איז געלעגן אַ רעאַליזם, ניואַנסירט מיט אַלע נייטיקע וואַריאַנטן פון אַ ליטע־ראַטור.

יצחק באַשעוויס, דער מחבר פון „שטן פון גאָריי”, דער אָריגינעלסטער און מאָדערנסטער דערציילער פון „גימפּל תם”, פון „מעשה טישעוויץ”, „דער צוריקגעשריגענער” און פון אַזוי פיל אַנדערע דערציילונגען פון דאָזיקן בוך און פון אַנדערע דערציילונגען, וואָס ער האָט לעצטנס פאַר־עפנטלעכט, קען אינגאַנצן נישט אַריינגיין אין די דערמאָנטע ראַמען.

זיין שרייבן פון רעאַליסטיש ביז סורעאַליסטיש אין דער פאָרעם, גיט אונדז אַ יידישן אוניווערס, אין וועלכן עס הערשט דער בייזער אינסטינקט, דער שטן און זיין גאַנצע פמליה, די רוחות, שדים און דעמאָנען.

ער איז זייער היימיש, יצחק באַשעוויס, מיט די נישט־גוטע. ער קען אויסגעצייכנט זייער לשון, זייערע אינטריגעס און קטרוגים, און ער קען זייערע תחבולות און זייערע אינסטרומענטן פון פאַרדאַרבונג.

יידיש לעבן, ווי לעבן בכלל, איז זיכער נישט ריין פון תאווה, פון יצר הרע, פון קנאה און גייציקייט, אָבער צי איז אויספילן אַ קינסטלעריש

שאַפן מיט סתרא־אַחרא־פאַנטאַזיע נישט קיין רעזולטאַט פון אַ קראַנקער פסיכיק, וואָס זוכט אין דער קונסט איר אויסגאַנג, איר אויפליז און אויסלייז ?

אַזאַ פראַגע איז זיכער נישט נוגע דווקא די שאַפונגען פון באַשעוויסן, נאָר אַ רייכן זשאַנער פון דער וועלט־ליטעראַטור בכלל. און נישט קריטיקער האָבן צו ענטפערן אויף דער פראַגע, נאָר פאָרשער פון קינסטלערישער פסיכיק.

דערווייל איז פאַר אונדז גענוג דאָ פעסטצושטעלן, אַז אַזעלכע פראַגן פאַרקלענערן מיט גאָרנישט דעם הויכן קינסטלערישן ווערט פון יצחק באַשעוויסעס דערציילונגען.

פאַרקערט, זיי שטעלן אים אַוועק אין צענטער פון די דיסקוסיעס וועגן מהות פון ליטעראַטור.

און עס איז אפשר כדאי צו באַהויפּטן, אַז פונקט ווי גאונות און משוגעת האָבן באַריר־פונקטן אין זייערע עקסטרעמען, אַזוי קענען אויך אויסטערלישע טעמעס און פסיכאָפּאַטאָלאָגיע האָבן באַריר־פונקטן אין זייערע עקסטרעמען.

פאַר אונדז איז דאָ אין דער ערשטער ריי וויכטיק פעסטצושטעלן, אַז יצחק באַשעוויס געהערט צו אונדזערע אינטערעסאַנטסטע שרייבער, וואָס פאַרמאָגן אַ שפע פון טעמעס, אַ שפע פון שפּראַך, אַ קוואַליקע יידישקייט, וואָס איז אַ ברכה פאַר אַ יידישן שרייבער.

בנוגע זיין אָביעקטיווע באַציאונג צו יידן און צו אַלעם, וואָס איז יידיש, פילט זיך אין זיין שרייבן אַרויס אַ טאָפּלטקייט, אַן אינסטינקטיווע געשפּאָל־טנקייט פון צוצי און אָפּשטויס, פון אינטימסטער וואַרעמער פאַרבינדונג און אינסטינקטיווער פאַראַכטונג.

און די צעשפּאָלטנקייט פון באַציאונג קומט ביי אים פון קוואַל גופא, פון דער רבנישער שטוב, וואָס איז געווען אויסגעפילט מיט תורה, מיט צדקות און מיט אַבערגלויבן און אויסטערלישקייט, ווי ער דערציילט עס אַליין אין „מיין טאַטנס בית־דין־שטוב".

דער אמת איז, אַז אונדז, אונדזער ליטעראַטור און אונדזער צייט האָבן

זיך טעמאַטיש זייער ווייט אָפּגערוקט פון פּרץ „חסידיש" און „פאָלקסטימ־לעכע געשיכטן".

באַשעוויס איז אפשר די קינסטלערישע רעאַקציע קעגן די כתונת פּסים, וואָס די ראָמאַנטישע ליטעראַטור האָט אַרויפגעצווונגען אויפן יידישן לעבן, און וואָס די עפּיגאָנען האָבן נאָכגעפאָלגט אָן אידעאַליזם, נאָר מחמת רגילות און קאָנווענציאָנאַליזם.

אפשר וועט אַמאָל פון דער פּרץ־באַשעוויסטישער דיאַלעקטיק געבוירן ווערן אַ געזונטע יידישע ליטעראַטור, וואָס איר צענטער איז אפשר ישראל און איר בייער דור אשר לא ידע... נישט „די דריי מתנות" און נישט דער „שד פון טישעוויץ", וואָס זוכט שדישע אַרבעט צווישן יידן און געפינט נישט, ווייל די יידן זענען שוין נישטאָ...

אגב, איז באַשעוויס אַליין נישט אַזוי טעמאַטיש איינהייטלעך, און אין בוך, ווו ער קוויקט זיך מיט סטרא־אחראדיקע טעמעס, מיטן שטן, מיט שדים, מיט תאווה, זענען אויך פאַראַן אַזעלכע דערציילונגען ווי „משניות", „די עצה", „די קליינע שוסטערלעך" און „דער שפּינאָזיסט", פון וועלכע עס פליסט אָן אידעלע אהבת ישראל און אַ דינע, לומדיש־געלייטערטע אהבת יידישקייט, נעבן אַן אוצר פון שפּראַכלעכער רייכקייט און פליסיקייט פון סטיל, וואָס רייסט און שלעפּט מיט און לאָזט נישט פאַרגליווערן די אויפ־נעם־חושים פון לייענער.

נישט אויפקלערנדיק איצט דעם ענין פון צוועקמעסיקייט אין דער ליטעראַטור, בלייבט אַ פאַקט, אַז יצחק באַשעוויס געהערט היינט צו די אויסגעצייכנטע יידישע דערציילער.

ער קען דערציילן אַ מעשה אין אַ נאַטירלעכער באַהעפטונג פון נוסח מעשה־ביכל מיט אַ ראַפינירטן סורעאַליזם.

און עס לוינט זיך בשייכות מיט אַזאַ דערציילער אויפצוויקלען אַלע וויכוחים וועגן מהות פון ליטעראַטור בכלל, און וועגן דער יידישער ליטע־ראַטור בפרט.

ער איז דער שרייבער, וואָס האָט צוריקגעגעבן דער יידישער דערציי־לונג איר פולבלוטיקייט און איר אויסטערלישקייט, ווי פולבלוטיק עס איז

דאָס לעבן פון יידישן פאָלק און ווי אויסטערליש עס איז אונדזער אַוואַנטורע צווישן פעלקער.

עס וואָלט נאָך כדאי געווען איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פון עטלעכע דערציילונגען, אָבער מיר ווילן בעסער איבערשיקן דעם לייענער צום מחבר, צו זיין בוך דערציילונגען „גימפּל תּם און אַנדערע דערציילונגען".

# יאָסל בירשטיינס קיבוץ־ראָמאַן

ער, זי און איר מאַן, אַ מעשה מיט אַן עראָטישן דרייעק, איין פּלוג אַ טעמע אַ באַנאַליזירטע, אַן אָפּגענוצטע, אַ סוזשעט, וואָס איז שוין לאַנג אַראָפּ פון סדר־היום פון אייראָפּעאישע נאָוועלן און ראָמאַנען.

אָבער יאָסל בירשטיין, דער מחבר פון „אויף שמאָלע טראָטואַרן", וועבט אויס זיין ראָמאַנסירטן דריי־ווינקל אויף דער קאַנווע פון אַ קיבוץ, שפּינט אַרום אים אַ דינע, מיסטעריע פון מענטשישע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, וויקלט אַריין אין געוועב דעם גאַנצן פּלאָנטער פון קיבוצישער פּראָבלעמאַטיק און פאַנגט אונדז מיט די איידעלע ליניעס פון זיין געמעל.

ער איז נאָך קיין פערציק יאָר נישט אַלט — ווערן מיר געוואָר וועגן מחבר. ער איז איצטער אין ישראל, וווהין ער איז געקומען פון אויסטראַ־ליע. דאָרט, אין ווייטן אויסטראַליע האָט ער געלעבט ווי אַ מלחמה־פּליט. געקומען אין ישראל אין יאָר 1950. די גאַנצע 8 יאָר לעבט ער זינט דעמאָלט אין קיבוץ גבת ווי אַ פּאַסטעך.

ער איז, הייסט עס, אַן אינעווייניקסטער שרייבער, דער פּאַסיקסטער צו שילדערן לעבן נישט בלויז פון אָבסערווירן, נאָר פון אַריינלעבן זיך אין אים.

ער האָט דעביוטירט אין דער ליטעראַטור מיט פּאָעזיע. און זיינע פּאָעטישע אָנהויבן קומען אים טאָקע שטאַרק צונוץ ביים דערציילן. פון דאַנען זיין צמצום, זיין הקפדה אויפן וואָרט, זיינע פול־תוכיקע זאַצן, זיין שאַרף־בילדערישע פאַרגלייכן, מיט וועלכע ער מיסברויכט נישט.

ער איז, קען מען זאָגן, דער שרייבער וואָס איז מסוגל צו שילדערן לעבן און צוזאַמענלעבן פון אַ קיבוץ.

וואָס איז אַ קיבוץ? אַ געזעמל פון מענטשן, פון וועלכע יעדער איינער האָט פרייוויליק אָפּגעטרעטן אַ גרויסן חלק פון זיין איך לטובת דעם אידעאַל, אָדער דער אידעאָלאָגיע פון אַ קאָלעקטיוויטעט, אָוועקגעשענקט אַ טייל, אָבער נישט דאָס גאַנצע.

אַרבעט מען צוזאַמען, מען ווירטשאַפט צוזאַמען, מען חשבונט צו־זאַמען, מען עסט אַפּילו צוזאַמען און מען דאַקטרינירט זיך צונויף אין די אָוונטן. אָבער ערגעץ־ווו און ערגעץ־ווען בענקט מען צו זיך, זיך אָפּצוגע־פינען, אָפּגעפינען דעם חלק „איך“, וואָס מ'האָט אין שותפות נישט אַריינ־געלייגט.

איז דער טאָג אין קיבוץ פול מיט קאָלעקטיוויקייט, פול מיט שותפות־דיקייט, און אַפילו ווען מען קריגט זיך, ווען מ'אַמפּערט זיך, ווען מ'וואַרפט דעם גט פאַר די פיס, איז מען נאָך אַלץ שותפים. אָבער די נעכט, וואָס איז נאָך אַזוי מסוגל צו באַוואַכן די איך־געפילן פון מענטשן, ווי די נעכט?

זאב, דער „ער“ פון דרייעק, אַן אַלטער קיבוצניק, געהערט טאַקע צו דעם סאָרט, וואָס האָבן נויטיק די נאַכט, כדי צו באַשטעטיקן, אַז עפּעס איז נאָך דאָ אין זיין באַזונדערס, וואָס געהערט נישט דעם כלל פון קיבוץ. לוטי, די ענגלישע לערערין פון קיבוץ, אַ קולטיווירטע, פיינפילנדיקע פרוי, מיט וועלכער זאב שלעפּט זיך און ליבט זיך; דניאל, איר מאַן, אַ שרייבער, אַ געקומענער פון ווייטע וועלטן צו דערטרינקען זיין איבערפלוס פון יחידישקייט אין קיבוץ און פאַרבלייבט אויך דאָ אַ פּאַראיינזאַמטער און פאַרלאָזענער אַפילו פון זיין אייגן ווייב. געהערןביידע אויך צו די, וואָס מוזן דורך נעכט פון פיין און אומרו, באַשטעטיקן זייער אינדיווידואַליטעט.

די אינהאַלטרייכע אַקציע פונעם בוך קומט פאָר אין די נעכט און די צום בעסטן געשריבענע פּרקים פון בוך זענען די, וואָס שילדערן נאַכט און טונקלקייט אין קיבוץ.

בירשטיין פאַרמאָגט אַ באַזונדערע שפּירעוודיקייט פאַר דער נאַכט, אַ וואַכעוודיק געהער פאַר אירע שטילקייטן און אַ פאַספאַריש אויג פאַר אירע פינצטערנישן און די סצענעס פון שפּאַצירן, פאַרבייגיין זיך, קרייצן אין דער נאַכט, פון אויפשיינענדיקע פענצטער, בליצנדיקע הימלען, שמועסן פון די רפתנים און פאַסטעכער אין דער קיבוץ־קאַנטינע ביינאַכט, געהערן צו די בעסטע און שטימונגספולסטע.

און בכלל איז בירשטיין כולו שטימונג, כולו געמיט. די שטימונגס־פולע ערטער אין זיין בוך געהערן צו די שטאַרקסטע.

דער סקאַנדאַל מיטן דרייעק קומט אויפן פּאַן פון קיבוץ אַרויס פאַר־

אײדלט, װײניקער שרײעװדיק, װי ער װאָלט עס געװען אין אַנדערע באַדינגונגען. אָבער קיבוץ איז פּאָרט נישט גענוג, אַז די משונהדיקע סיטואַציע פון זאב־לוטי־דניאל זאָל נישט זײַן אויף אַלעמענס ליפּן, אָדער לפחות אין אַלעמענס בליקן. די טראַטואַרלעך זענען צו שמאָל און די אָנשטויסונג אַ צו אָפטע און די „פרײדענקערישקײט" אַ צו אַבסטראַקטע, אַז די סיטואַציע זאָל זיך נישט אויסווירקן אויף אַ גרויסן קרײַז פון דאָרף.

און קיבוץ, פּונקט װי קײן שום אַנדערער מענטשלעכער ישוב, איז זיכער נישט אימשטאַנד צו שטערן, אַז די אומלעגאַלע ליבע לוטי־זאב זאָל נישט צעברעכן קײן משפּחה־צוזאַמענלעבנס און נישט אַרויסרופן אַנטיפּאַטיעס צװישן פאָטער און זון.

בײַ זאבס יונגן זון, אורי, דריקט זיך דאָס אויס אין פּאַרװאָרפן די שולע און אָנהײבן פרי זיך באַטײליקן אין שװערע פיזישע אַרבעטן פון קיבוץ.

דאָס אָרט, װוּ זאב װיל צוריקגעװינען די סימפּאַטיעס פון זײַן זון דורך אַרבעטן מיט אים צוזאַמען אין דער נאַכט, דורכצואַקערן אַ פאַרטריקנט און פאַרלאָזן פעלד, פאַר װעלכן עס געפינען זיך נישט קײן אַרבעטס־הענט בײטאָג, געהערט צו די שענסטע אין דעם בוך.

פאַר זאבן איז די אַרבעט אין דער נאַכט װי אַ הוספה צו דער נאָרמאַלער טאָג־אַרבעט, אַן ענין פון משפּחה־בענקשאַפט. אָבער דאָס דאָרף נעמט עס אויף װי אַ דערװאַכונג פון אַלטן חלוצישן אידעאַליזם און פאָלגט אים נאָך אין בײַשטײַערן מיט אַרבעט־שעהן אין דער נאַכט פאַר דער באַפרוכפּערונג פון דער פאַרשטײנערטער ערד.

פון אַן ענג־פאָטערלעכן געפיל צו געװינען די פאַרלוירענע ליבשאַפט פונעם זון, אַנטשטײט אַ קאָלעקטיװיסטיש־אידעאַליסטישע אַקציע.

עס איז אַלץ געקנופּט און געשלײפט אין דאָזיקן קאָמפּליצירטן צוזאַמענלעבן פון יחידים אויף זײַן שותּפותדיקן באָדן.

אַ סך שלײַערן רײַסט בירשטײן אַראָפּ פון קיבוצישן אידעאַליזם און אַ סך קרוינען טוט ער אַלײן צוריק אָן אויף זײַן קאָפּ. און אין דער אונטערשטער שורה, בלײַבט דער חשבון אַ פּאָזיטיװער און דער מענטשלעכער אָנשטרענג צו אַ רײן לעבן גײט נישט פאַרלוירן.

דער מחבר האָט אָבער נישט אָפּגעהיטן די האַרמאָנישקייט פון זיין קאָנסטרוקציע. ער האָט זיינע הויפּט־העלדן אַוועקגעלאָזט אויף אַ שיין ביסל זייטן פון זיין בוך און צום סוף זיך אין זיי דערמאָנט. כדי צו פאַרענדיקן די דאָזיקע לויזע ערטער, האָט ער זיי אויסגעפילט מיט קיבוץ־שטייגער, וואָס איז פאַר זיך אַליין גענוג אינטערעסאַנט, אָבער האָקט אָפּ די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון דער דערציילונג.

נאָך אַ קליינער אָנשטרענגונג פון קינסטלערישן אָטעם, און ער וואָלט אונדז געצוווּנגען צו באַצייכענען זיין ראָמאַן אַלס איינעם פון די וויכטיקסטע קינסטלערישע דערגרייכונגען פון די לעצטע יאָרן אין דער יידישער ליטע־ראַטור.

אַזוי ווי ער איז, בלייבט בירשטיין אַ שרייבער מיט פיינע קינסטלערישע מאַניערן, אַ מענטש, וואָס האָט טיף פאַרדייעט אין זיך גוטע ליטעראַרישע השפּעות.

1958

# „על נהרות פוילן" פון מענדל מאַן

דער העלד פון ראָמאַן איז מנחם, ועמען מיר קענען שוין פון דער מלחמה־טרילאָגיע. דאָרט, אין דער טרילאָגיע, איז מנחם אַ יידישער פליט פון פוילן, וועלכער קאָרטשעט זיך נישט, שרומפּט נישט אין די רוסישע ווייטקייטן, אין די סטעפּעדיקע רחבותן, נייַן, ער איז ענערגיש, לעבעדיק, דינאַמיש. ער מאָביליזירט זיך צוזאַמען מיטן קאַצאַפּישן פאָלק, וואָס פליסט פון די דערפער, פון די היימען צו פאַרטיידיקן דאָס באַפאַלענע מוטערל־רוסלאַנד קעגן געמיינזאַמען שונא.

דורך מנחמס וואַנדערונגען און גלגולים באַקענט אונדז מ. מאַן מיט די פּויערים פון רוסישן דאָרף, מיט זייערע היימען, מיט זייערע ווייבער, מיט זייערע מנהגים, און פירנדיק אונדז איבער די פראָנטן: ביי מאָסקווע, ביי דער ווייסל ביז צום נצחון אין בערלין, גיט ער אונדז כסדר ברייט־לייזונטיקע בילדער פון פעלקער, פון קאַמפן, פון מענטשן, פון סיטואַציעס.

אין זיין נייעם ראָמאַן „על נהרות פוילן" קומט ער צוריק צו מנחמען. ער קומט צו אים רעטראָספּעקטיוו. דער נייער ראָמאַן פּרעצעדירט כראָנאָ־גאָלאָגיש די טרילאָגיע. די געשעענישן פון ראָמאַן פאַרלויפן זיך אין צייט־אָפּשניט פון ביידע וועלט־מלחמות.

מנחם איז ערשט געבוירן, פוילן איז ערשט באַפרייט. באַפרייט פּאָלי־טיש, אָבער פאַרשקלאַפט פּסיכיש. פאַרפלייצט פון שנאה און גיפט.

מנחם שטאַמט אָפּ פון דער מוטערס זייט פון ידישע פּויערים, פעלד־מענטשן, פאַרוואָרצלטע אין פּוילישער ערד. איינער פון זיינע עלטער־זיידעס איז אַפילו געווען אַ באַרימטער פּאַוסטאַניעץ, געפאַלן אין אַ שלאַכט מיט די רוסן. און אויף זיין קבר, וואָס געפינט זיך אויפן שאַסיי נישט ווייט פון דאָרף, ווו עס וווינען די „יאסעס" די משפחה פון מנחמען, איז פאַר־פלאַנצט אַ דעמב צו זיין אָנדענק.

עס איז אַ מין בערעק יאַסעלעוויטש, אָבער די צייטן פון „קאַכאַימי שיע״ זענען שוין אַוועק. נישט בלויז פאַרגעסן שוין די פויערים דעם אָנדענק פון יידישן פּאַטריאָט, נאָר אויך די יידן און אַפילו די אייגענע משפחה פילט זיך זשענירט מיטן אָנדענק פון פאַרגויאישטן זיידע, וואָס האָט געפירט פרעמדע מלחמות און געגאַנגען אין נישט־יידישן וועג. בלויז די מוטער, מנחמס מאַמע, היט אָפּ דעם קולט פון דעמב און דעם רעספּעקט פון זיידעס אָנדענק, איז שטאָלץ מיט זיין פּאַטריאָטיזם און מיט זיין פאַרוואָרצלטער פּוילישקייט.

די מוטער פון מנחמען איז בכלל געגעבן מיט סטיל, מיט נוסח, מיט מאַניערן פון אַלט־פּוילישער יידישקייט פון אַ „סטאַרע זאַקאָנער״ פרוי, וואָס ווערט געשעצט און געאַכפּערט פון פריצישע משפּחות און די פויערים פון אַלטן דור.

מנחם וואַקסט און אַנטוויקלט זיך אין יידיש־דאָרפישן קלימאַט, לערנט אין דער שטעטלדיקער גימנאַזיע, האָט דאָרט נאָענטע שול־פריינד פון ביידע מינים מיט וועלכע ער לעבט נאָענט און אינטים. ער האָט אויך אין שולע נישט ווייניק פיינט, וואָס פירן אָן מיט דער יידן־פיינטלעכער אַגיטאַציע אין שטעטל.

עס איז אַ בוך פול מיט אימפּעט, מיט אַוואַנטורע, מיט ליבעס, מיט עפּיזאָדן, וואָס לויפן פאַרן לייענער מיט דער שנעלקייט פון עקראַן־בילדער. אין ראָמאַן גייען אַדורך פאַרשידענע יידישע און פּוילישע פאַמיליעס, פאַרשידענע שיכטן און פאַרשידענע טיפּן און כאַראַקטערן. די פעטערס, דער מאַמעס ברידער, זענען פויערים, בעלי־מלאכהס, סאַדאָווניקעס און בהמה־הענדלערס. פון די יידישע טיפּן אין שטעטל זעען מיר אַ שענקער, אַ משכיל, אַ מיסטישן דיין, אַ פּאָעט, פורמאַנעס, שניידערס, קלעזמאָרים, פאַרחלומטע מיידלעך און אַרומיקע שיקסלעך. אַלץ עפּיזאָדיש פאַרוועבט אין אַ קאַליידאָסקאָפּ פון לויז־פאַרבינדענע אינצידענטן.

עס איז אַ בוך, געשריבן מיט סטיכיע, מיט אינסטינקט. דער סטיל — אַ האַסטיקער, דער זאַצבוי — אַן אָפּגעהאַקטער, וואָס איז אָפּטמאָל אַ שטערונג פאַר דער קאָנסטרוקציע, פאַר דער גאַנצקייט. אָבער וואָס גיט דעם ראָמאַן צו בילדערישקייט און באַוועגלעכקייט.

אין בוך זענען פאַראַן פּרעכטיקע שילדערונגען, וואָס גיבן די מאָס פון מ. מאַנס קינסטלערישע מעגלעכקייטן גלייך אין אָנהייב: דער אָנקום פון מנחמס מוטער אין דער קאָטש מיטן ניי־געבוירענעם קינד פון וואַרשע פירט אונדז אַריין אין אַ לאַנדשאַפט, אין אַ שטימונג, וואָס גרייט צו די אַטמאָס־פער פון ראָמאַן.

זייער פּאַטעטיש און מאַוימדיק איז דאָס בילד פון טויט פון פורמאַן, דער סטאַנגגר'עט פון מנחמס מוטער, קיווע קאָפּ. ער שטאַרבט פאַרנדיק אײנער אַליין מיט דער ברישקע, דאָס פערד לויפט דורך וועלדער, פעלדער און דערפער מיטן טויטן גוף. די פּויערים שמייסן און בייטשן דאָס פערד, מורא האָבנדיק פאַרן טויטן זשיד. די ברישקע מיטן אַראָפּהענגענדיקן קאָפּ פון מת קומט ענדלעך אָן פאַרן הויז פון מנחמס מוטער, אָבער דאָס ווילד־גע־וואָרענע פערד רייסט זיך אָפּ פון געשפּאַן, לויפט ווייטער אין בהלה, מען געפינט עס צומאָרגנס דערטרונקען...

דאָס גאַנצע איז אין בוך דורכגעוועבט מיט פּחדימדיקע שטימונגען, וואָס גיבן דעם קלימאַט פון אַן אַנגסטיקן פאָרגעפיל פון טראַגישן סוף. אוז וועז די משפּחה פון די „יאַסעס", די פעטערס און די מוטער פון מנחמען, אַלע, וואָס האָבן זיך אַזוי געקלאַמערט צו דער ערד, די ירושה פון זייערע אָבות, דעצידירן זיך צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף, וואַקסט אויס די סצענע צו אַ פאַרקערפּערונג פון פּויליש־יידישן איבעררייס, וואָס זאָגט אָן די קאַטאַ־סטראָפע און דעם בלוטיקן מבול.

איך מוז אָבער צום סוף צוגעבן, אַז די אַלע שיינע שילדערונגען, אינ־טערעסאַנטע עפּיזאָדן, יוגנטלעכע אַוואַנטורעס און פּיטאָרעסקע געמעלן, וואַקסן נישט אויס צו יענעם גרויסן סימבאָלישן פאַרמעסט, וואָס זאָל באַ־רעכטיקן אַזאַ נאָמען פאַרן בוך ווי „על נהרות... פּוילן".

אַ נאָמען איז טאַקע בלויז אַ נאָמען, אָבער מיט די ווערטער „על נהרות" איז פאַרבונדן צו פיל דורותדיקע בענקשאַפט, צו פיל תהילימדיקע הייליקייט, אַז מיר זאָלן קאָנען מיט זיי לייכט אומגיין.

אויף די טייכן פון בבל זענען מיר געזעסן און געוויינט. אויף די טייכן פון פּוילן זענען מיר געזעסן און וויינען נאָך...

אָבער אויף די ווערבעס פון דאָזיקן ראָמאַן קענען מיר נאָך נישט

אויפהענגען אונדזערע קלאָגנדיקע האַרפּעס. מיר וואַרטן נאָך אויפן בוך פון גרויסן פאַרמעסט, וואָס וועט ערשט מוזן קומען, און אפשר — פון מענדל מאַן גופא...

1963

## ישראל אַשענדאָרף, ווי אַ דערציילער

די ערשטע שריט פון ישראל אַשענדאָרף אויפן געביט פון דער דער־ציילערישער פּראָזע, האָבן אין זיך גאָרנישט פונעם וואַקלדיקן גאַנג פון אַן אָנפאַנגער; עס זענען דרייסטע און זיכערע טריט פון איינעם, וואָס קען און באַהערשט זיין געביט. קען אויסקלייבן זיינע סוזשעטן און ווייס ווי אַזוי זיי צו געבן פאָרעם און אַנטוויקלונג.

אמת איז, אַז הגם אַן אָנהייבער אין דער פּראָזע, איז אַשענדאָרף ווייט נישט קיין אָנפאַנגער. מיר קענען אים שוין פון לאַנג ווי אַ דיכטער מיט אָריגינאַליטעט און אַ דראַמאַטורג מיט שווונג און פּאָעזיע, דאָס מיינט, אַז ער האָט געהאַט אַ באַגאַזש אַהערצוטראָגן אין נייעם געביט פון זיין שאַפן און טאַקע אַהין אַריבערצוטראָגן אַזעלכע קוואַליטעטן און דערפאַרונגען, וואָס זענען געווען דעצידירנדיק שוין פאַר זיין ערשטן פאַרמעסט אין דער פּראָזע.

ער האָט זיינע פריערדיקע שאַפערישע מיטלען נישט פאַרביטן דורך אַנדערע, ער האָט זיי צוגעגעבן נייע און באַרייכערט און ניואַנסירט זיין רעאַליזם.

דאָס פאַרהעלטעניש צווישן פּראָזע און פּאָעזיע איז — סכעמאַטיש גע־נומען — ווי צווישן אַקציע און רעאַקציע, ווי צווישן פאַקט און ווירקונג. אַריינטראָגן עלעמענטן פון פּאָעזיע און דראַמע אין דער פּראָזע מיינט, אָפּשאַפן די גרענעצן צווישן אַקציע און רעאַקציע. צווישן די געשעענישן און זייער ווירקונג. עס מיינט אַנטפּלעקן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן אָביעק־טיוו דרויסנדיקן און סוביעקטיוו אינערלעכן; עס מיינט אויסמיידן דעם וועג פון דערציילער־אָבסערוואַטאָר, וועלכער זעט די פאַקטן אָן פּערספּעק־טיוו, וואָס איז אַזוי גוט ווי פאַלש געזען, זיינע מיטלען זענען אויסערלעך דעסקרופּטיווע אין רעפליק פון געמיט.

אַשענדאָרפן האָט דער פּאָעטיש־דראַמאַטורגישער באַגאַזש פאַרהיטן זיך צו פאַרלירן אין רעאַליסטיש־באַשרייבערישן ווילד־געוויקס, מיט וועלכן עס איז ליידער באַדעקט אַ גרויסער שטח פון אונדזער ליטעראַטור.

„שותפים פון גורל" איז נישט בלויז אַ ליטעראַרישער כולל, אַ צופעליקער אַרומנעם־טיטל צו פאַרבינדן דערציילונגען פון איין בוך. עס איז אַן אידעאישער כולל, וואָס פאַרבינדט די פערסאָנאַזשן פון אַשענדאָרפס דערציילונגען. עס איז אַ גרונטשטריך פון זיין שאַפערישן כאַראַקטער אונטערצוּוואַרפן זיינע געשטאַלטן אַ שותפותדיקייט פון גורל. דאָס בילדעט דעם יסוד פון זיין פּראָזע, וואָס האָט אומעטום אַ סאָציאַלן כאַראַקטער; די מענטשן — מיינט עס ביי אַשענדאָרפן — זענען נישט אָפּגעריסן איינער פון אַנדערן, ווי גרויס עס זאָל נישט זיין זייער איזאָלירטקייט און זייער פאַרשידנקייט; ווי גרויס עס זאָלן נישט זיין זייערע קאָנטראַסטן, קאָנפליקטן, שנאות און קנאות, זענען זיי שטענדיק געבונדן מיט עפּעס וואָס האַלט זיי צוזאַמען. און ווען אַפילו דורך געשעעענישן געקומען פון דרויסן, דורך דער ספּעציעלקייט פון באַדינגונגען ווי צ. ב. די, וואָס ווירקן אויף צענדליקער מיליאָנען מענטשן אויפן שטח פון הערמעטיש־פאַרמאַכטן סאָוויעטישן אוניווערס, אָדער דורך נאָך ברייטערע מאַסן אַרומנעמענדיקע געשעענישן, ווי די מלחמה־פּאַסירונגען, וואָס וואַרפן אַריין גאַנצע פעלקער אין אַ געצוווּנגענער שותפותדיקייט פון אומשטענדן. עס איז אויך געמאָלט אַ פּסיכישע שותפותדיקייט פון מענטשן, געבונדענע דורך ענלעכע פּאַטאָלאָגיש־אַטאַוויסטישע נייגונגען און אויך די דאָזיקע טונקעלע פאַרבינדונג צווישן ווילנסלאָזע געשטאַלטן האָט אַשענדאָרף אַרויסגעבערענגט.

רעזומירנדיק, קענען מיר קומען צום פאָלגנדיקן אויספיר: אין בוך „שותפים צום גורל" גייען אַריין דערציילונגען פון פאַרשידענע תקופות פון פאַר, בעת און נאָך דער מלחמה. פאַראַן דאָרט מענטשן פון פאַרשידענע כאַראַקטערן און געמיט־צושטאַנדן, מענטשן פון פאַרשידענע פעלקער, שיכטן, אומשטענדן און באַדינגונגען, מענטשן, וועמענס כאַראַקטער און פּסיכיק זענען זייער ווייט איינער פון אַנדערן. אָבער קיין איינער פון זיי איז נישט אַזוי פריי פון יעדן בונד, אַז ער זאָל קענען מיידן דאָס גורלדיקע, ווייל אַלע וואַקסן זיי אַרויס פון אַן ערגעץ, וואָס האָט שוין פון פריער צו־

געגרייט און באַשטימט זייער לעבן, דאָס לעבן מחוץ זיי און די רעאַקציעס אין זיי. די יחידים האָבן דאָ ווייטער זייערע פּערזענלעכע איבערלעבענישן, זייערע פּערזענלעכע דראַמאַטישע קאָנפליקטן, אָבער אַלע אין די ראַמען פון אַ כלל־אַטמאָספער, אין די גרענעצן פון געזעלשאַפטלעכע געשעענישן.

„געסט אין שטעטל" איז די ערשטע דערציילונג. דער הינטערגרונט איז אַ סאָציאַלער שוין דערמיט אַליין, וואָס עס איז שטעטלדיק לעבן און יידיש לעבן, הגם עס האַנדלט זיך וועגן אַן אינדיווידועלער שטוב, ענלעך צו אַ סך אַנדערע יידישע שטובן. אַשענדאָרף האָט ביי דער געלעגנהייט פון שילדערן די שטוב פון אַ ייד אַ יורד, אַ נוטה למות, מיט אַ טאָכטער אַ בוגרת, פאַר אונדז פאַרבייגעפירט אַ גאַלעריע טיפּן פון שטעטל. זיי באַזוכן כסדר די „שטוב" פון ר' משה לייב, הגם זי געפינט זיך שוין איצט אין אַ דער־נעבנדיקער גרויסער שטאָט. ווייל ר' משה לייב האָט „זיך אַוועקגעצויגן פון שטעטל, זיך נאָך נישט באַפרייט פון די קהלישע לאַסטן".

די דערציילונג איז געשריבן מיט אַ סך געפיל, וואָס לאָזט פונדעסט־וועגן פלאַץ פאַר אַ מילדן הומאָר און מיט אַ וואַרעמקייט, וואָס שליסט נישט אויס דראַמאַטישע געשפּאַנטקייט.

די צווייטע דערציילונג „אין פרעמדע הענט" איז אויך געבויט אויפן יסוד פון שטעטלדיקן לעבן. יידיש לעבן אין שטעטל מוז נישט שטענדיק זיין כשר און פרום. אויך דאָרט וויקלען זיך אַ מאָל פינצטערע קנוילן. עס איז אַ שטוב פון אַן אָרעמען שניידער, אַ מטופל מיט אַ חברה ייִנגלעך, פון וועלכע איינער איז די פּרוכט פון רופאס „אינטערווענץ". איז דאָס ייִנגעלע, שלמהלע, אין פרעמדע הענט, אָדער גיכער אַ פרעמדער צווישן אייגענע, עפּעס אַן אינסטינקט מישט זיך אַריין צווישן די „ברידער" און פאַרדאַרבט זייער צוזאַמענלעבן. דער קליינער בענקט צו ווייטע אומבאַקאַנטע וועגן, דער טויט פירט אים דאָרט אַהין...

אין דער דערציילונג „כוח" פילט זיך שוין אַטמאָספער פון אָנקומענ־דיקן שטורעם. עס וואָלט געווען אַ באַנאַלער מלחמה־עפּיזאָד, אָבער דאָס אידעישע אין דער דערציילונג דערהייבט זיך צו אַ סימבאָלישער מדרגה.

דער אויסגעלאַכטער יידישער סאָלדאַט שטעלט אַנטקעגן חכמה און

גייסטיקן כוח אַ פּוילישן סאָלדאַט, דער לעצטער מוז אָנערקענען אַז חכמה איז אָפּטמאָל וויכטיקער ווי פיזישע קראַפט.

אין אָפּקלייב אַליין פון די דערציילונגען ליגן אַלע עטאַפּן פון די געשעענישן צווישן 1939 און 1945. „גורל" פירט שוין אַריין אין דער אַטמאָספער פון אַ לעבן וואָס הערט אויף צו זיין סטאַביל און ווערט פליסיק. יידן הויבן אָן לויפן, מען פאַרלאָזט היימען, מען פאַרלאָזט פאַמיליעס, מען לויפט, מען פאַרלירט זיך אויף די וועגן. און דער הויפט־פּערסאָנאַזש פון „גורל" קען מיט רעכט אויף זיך זאָגן ווען ער באַהאַלט זיך הינטער אַ באַנק אין אַ צוג אין רוסלאַנד, אַז עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז איצט נישט אַנטלאָפן זיך צו באַהאַלטן פאַרן קאָנדוקטאָר, נאָר פאַר זיין אייגענעם גורל.

„מלבושים" און „טונקל" זענען בלי ספק די בעסטע פון דעם מין אין דער יידישער ליטעראַטור פון די לעצטע יאָרן. זיי דערציילן אונדז מער וועגן גורל־גרויליקן פון רוסישן לעבן און פון דער רוסישער נשמה, ווי אַ סך זכרונות מיט אָנגעהויפטע פּרטים.

אין לאַנד ווו פּריוואַטער אייגנטום איז אָפּגעשאַפט בלייבן די מלבושים דאָס איינציקע אייגנטום. דער מענטש קלאַמערט זיך אין זיי און די מלבושים באַקומען ערשט זייער חשיבות ווען דער מענטש שטאַרבט און זיי ווערן ירושה־קאַפּיטאַל; אין לאַנד, ווו דער מענטש שווייגט, רעדן די מלבושים פאַר אים.

און וואָס די מלבושים דערציילן, אַנטפּלעקט אונדז אַשענדאָרף אין די צוויי לענגערע דערציילונגען.

אָריגינעל איז די דערציילונג „חיים הייקעל די קאַץ". אַ ייד ווערט (אין קאַשמאַר פאַרשטייט זיך) אין די דייטשע צייטן פאַרוואַנדלט אין אַ קאַץ. עס איז אים זייער גוט. ער איז נישט מער קיין מענטש צווישן חיות, נאָר אַ חיה צווישן מענטשן.

*

דער ערשטער פּרווו פון אשענדאָרפן אין דער דערציילונג איז בלי ספק אַ זייער געלונגענער. עס איז אַפילו דאָ פאַרצוואַרפן דעם מחבר אַ געוויסע צעפלאָסנקייט פון סטיל, אָבער דאָס קומט זיכער דערפון, וואָס אין

ערשטן בוך פּראָזע, האָט אַשענדאָרף געמיסברויכט מיט דער פרייהייט, וואָס עס האָט אים געגעבן דאָס צעברעכן די צמצום־ראַמען פון פּאָעזיע און די ריטעם־קלאַמערן פון דער דראַמע.

דער עיקר איז אַז ער האָט באַוויזן אונדז צו אַנטפּלעקן די נשמה פון מענטשן און זייער געפילס־וועלט אין מאָמענטן פון דערהויבנקייט, און אין מאָמענטן פון געפאַלנקייט און עלנט.

# צום טויט פון ישראל אַשענדאָרף

ווי אַזוי מספּיד צו זיין אַן אינטימען פריינד, אַ יונגן מענטש, אַ פּראָדוק־טיוון שריפטשטעלער, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע פאַנאַנדערבלי פון זיין טאַלאַנט ? עס איז באמת שווער, כמעט ווי אוממעגלעך. עס מישן זיך אַריין עמאָציאָנעלע עלעמענטן, סוביעקטיווע געפילן, וואָס לאָזן נישט די געהעריקע רו און נישט די נויטיקע דיסטאַנץ צו געבן אַן אַרומנעמענדיקע אָפּשאַצונג פון דאָזיקן פּאָעט, דערציילער און דראַמאַטורג, וואָס האָט זיך כסדר געפּרווט אויף נייע וועגן פון שאַפן און אויף אַלע מצליח געווען.

ערשט גאָר לעצטנס שרייבט ער מיר אין אַ ליידער שוין לעצטן בריוו, אַז ער האָט אָנגעהויבן שרייבן אין העברעיש און גלויבט בקרוב צו קענען פאַרעפנטלעכן אַ באַנד דערציילונגען אין דער העברעישער שפּראַך.

„ווייַ און וואַנדער" האָט געהייסן זיין בוך לידער, וואָס ער האָט פאַר־עפנטלעכט אין פּאַריז, און איך זע דעם דאָזיקן נאָמען ווי סימבאָליש, ווי ווערטער וואָס אַנטהאַלטן גורל און באַשטימונג.

דער „ווייַ און וואַנדער" האָבן געמיינט דעם חורבן, די וואַנדער־יאָרן אין רוסלאַנד, דער צוריקקער צו דער פּראָוויסטער היים, צום בית עולם אָן קברים, אָבער דער ווייַ און וואַנדער האָבן אויך דערנאָך נישט אויפגע־הערט : פון פוילן איז דער וואַנדער געגאַנגען נאָך פראַנקרייך ווו דער ווייַ האָט זיך געמילדערט, אָבער נישט פאַרשוווּנדן.

די שרייבער־פּליטים האָבן אין לויף פון יאָרן דאָ געפירט אַ שווער אָרעם לעבן, וואָס האָט זיי צום סוף דערפירט ווייטער צו נעמען דעם וואַנ־דער־שטעקן אין דער האַנט אַריין. אַ טייל זענען אַריבער אין זיך בויענדיקן און קעמפנדיקן ישראל, אַ צווייטער טייל איז אַוועק אין ווייטן אַרגענטינע צו געפינען רו און ברויט, אָבער דער ווייַ האָט נישט נאָכגעלאָזן.

אַ מידקייט און אַ מאַטערניש, אַ פיזישע און גייסטיקע דערשעפּונג

האָט באַהערשט אַ גרויסע צאָל פון די דאָזיקע פּאָעטן־וואַנדערער, און הגם עס איז אַלעמען געלונגען דאָרט צו געפינען אי רו אי ברויט, האָט דער אי־נערלעכער אומרו, דער ווי, וואָס באַגלייט דעם וואַנדער, סוף כל סוף גובר געווען דעם מענטש, און ישראל אַשענדאָרף, איינער פון די שאַפערישסטע פון דער דאָזיקער גרופּע, איז אַוועק פון אַ האַרץ־שלאַק, אין יונגן עלטער פון 47 יאָר. און וואָס איז נאָך מער טראַגיש־סימבאָליש: דער טויט האָט אים געטראָפן אין וואַנדער. לויט דער קורצער דעפּעשע, וואָס איז אָנגעקומען, איז ער געשטאָרבן פאַרנדיק אין צוג.

אין פּאַריז האָט זיך אַשענדאָרף געמאַכט אַ נאָמען נישט בלויז ווי אַ שרייבער, און נישט בלויז ווי דער סעקרעטאַר און מיטרעדאַקטאָר פון דער וואָגיקער אויסגאַבע „קיום“, ער האָט זיך אויך דערוואָרבן אָנערקענונג און סימפּאַטיע ווי אַ מענטש מיט אַ ספּעציעלן זשאַנער פון אַ שיחת חולין: מיט זיין הומאָר שבעל פּה, מיט זיינע גלייכווערטלעך און שפּראַכלעכע איינפאַלן האָט ער פאַרבליצט און אָפטמאָל אַרויסגערופן באַוווּנדערונג ביי זיינע מיטשמועסער.

אגב, איז דער דאָזיקער עלעמענט פון הומאָר ביי אים נישט געווען קיין צוגעקלעפּטער, נישט קיין קינסטלעכער און נישט קיין אויסערלע־כער. נאָר אַ נאַטירלעכער, אַן אינערלעכער, אַ קוואַליקער. אין דער דאָזי־קער הומאָר, אָדער ריכטיקער, עלעמענט פון פּקחות, געפינט זיך טאַקע אין אַלע זיינע זשאַנערן פון שאַפן: אין דער פּאָעזיע, אין די דערציילונגען און גאָר אין אַ גרויסער מאָס אין זיינע ביבלישע דראַמען.

אָט אָ דער עלעמענט גיט זיי צו זייער אָריגינאַליטעט און קלאָריט.

ער האָט נישט בלויז דיאַלאָגירט די תנ״כישע עפּיזאָדן אין זיינע דראַ־מעס דער „קעניג שאול“ און דער „מלך דוד“, נאָר ער האָט אַנטפּלעקט דעם רוח החיים וואָס דרימלט אין זיי, אויסגעשיילט דאָס באַוועגלעכע פון סטאַ־טישן, דאָס נאָענטע פון ווייטן, דאָס אייביקע פון צייטלעכן, דאָס אַקטועלע פון היסטאָרישן.

ער האָט אין זיינע ביבלישע ווערק אויפגעבויט פּולבלוטיקע באַוועג־לעכע כאַראַקטערן, און דאָס אָפּהיטן די אַטמאָספערע פון דער ביבל האָט אים נישט געשטערט צו באַלעבן די געשטאַלטן מיט אַן אינערלעכער, אימ־

פולסיוועד טרייב־קראפט און מיט אַ היינטיקייט, וואָס מאַכט זיי נאָענט און פאַרשטענדלעך.

אין די קלענסטע רמזים פון תנ״ך האָט ער באַוויזן אַריינצולייגן אַן אויסגעברייטערטן אינהאַלט און אויסצופילן די פערזאָנען און די סיטואַציעס מיט כוח פון דראַמאַטישן טאַלאַנט און פון דער פקחות וועגן וועלכער מיר האָבן גערעדט, מיט לעבעדיקע האַנדלונג און מיט געשיקטן רעפליק.

איך האָב פון קעניג דוד בלויז געזען פראַגמענטן. דאָס בוך האָט די טעג אָדער וואָכן געזאָלט דערשיינען, אָבער די טיילן וואָס איך האָב געזען האָבן באַשטעטיקט די קינסטלערישע אייגנשאַפטן פון יונגן נפטר, זיין טאַלאַנט וואָס האָט געוואָרצלט אין אַ נאַטירלעכן קוואַל פון שעפערישער פקחות.

אויך אין דער פּאָעזיע, ווו עס איז שווערער צו זיין קלוג, האָט ער אַריינגעגעבן, נעבן די עיקרדיקע עלעמענטן פון ליריק און שיינקייט, דעם עלעמענט פון איינפאַלן און נאָך מער אין די דערציילונגען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט א. נ. „שותפים פון גורל״.

אויך דאָרט איז דורכגעגאַנגען דער ווייַ און וואַנדער, דער וויי, וואָס האָט אין אים געלעבט, אונטער אַלע דעקן פון חכמות און ווערטלעך, און וואָס האָט סוף כל סוף איבערגעשניטן זיין יונג לעבן.

אָבער דאָרט אין די דערציילונגען פון פוילן, רוסלאַנד און טיילווייז שוין פון פראַנקרייך, האָט זיך אַנטפּלעקט ביי אים אַ נייער עלעמענט פון שאַפן, דער עלעמענט פון שילדערונג.

ער האָט געקענט איבערגעבן סיטואַציעס און פערזאָנען, נישט בלויז דורך אויסערלעכער אָבסערוואַציע נאָר דורך אַן אַריינבליק אין זייער אינערלעכקייט. און דער עיקר, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פאַרטיפטן פסיכאָלאָגישן און נשמהדיקן אַריינדרינג זיינע דערציילונגען פון רוסלאַנד: „מלבושים״, „גורל״, און „טונקל״.

עס איז אים אין זיין דערציילערישער קונסט בייגעשטאַנען דער זכות פון פּאָעט און פון דראַמאַטורג. ער האָט געקענט זיינע דערציילונגען באַרייכערן אי מיטן וויזיאָנערישן עלעמענט, אי מיטן דראַמאַטישן דיאַלאָג, מיט דעם אינערלעך־מענטשלעכן און צווישנמענטשלעכן קאָנפליקט.

דער פּאָעטיש־דראַמאַטישער באַגאַזש מיט וועלכן ער האָט זיך אַרײַ־
בערגעטראָגן אין דער דערציילונגס־קונסט, האָט פאַרהיטן אַשענדאָרפן צו
פאַרלירן זיך אין באַשרײַבערישן ווילד־געוויקס, אין דזשונגל אין וועלכן
עס פאַרפּלאָנטערן זיך נאָך ביז היינט אַזוי פיל טאַלאַנטירטע יידישע שרײַ־
בער.

אויך „שותפים פון גורל", איז נישט קיין צופעליקער מיטל. עס איז
אַ כוללדיקער נאָמען פאַר מענטשן פון ליידן, פון ווײ און פון וואַנדער. עס
איז אַן אידעאישער כולל וואָס פאַרבינדט מענטשן און צושטאַנדן פון פאַר־
שידענע תקופות, פאַרשידענע באַדינגונגען און פאַרשידענע נאַציעס.

דרײַ דערציילונגען, ווי שוין דערמאָנט, זענען פאַראַן אין דאָזיקן בוך
„מלבושים", „טונקל" און „גורל", וואָס פאַרמאָגן אין זיך אַלע אייגנשאַפטן
פון מחברס טאַלאַנט. פּאָעטישער שווונג, דראַמאַטישע שפּאַנונג און טאַ־
לאַנט אַרײַנצודרינגען אין דער נשמה פון פּערסאָנאַזש און אַנטפּלעקן די
גאַנצע פּאַטאַליטעט פון דער רוסישער פּסיכיק אויפן פּאָן פון דער
פאַרגאַנגענער רעוואָלוציע און גייענדיקער מלחמה, און אייביקע רוסישע
נשמה־קאָמפּליקאַציעס.

נאָך אַ בוך דערציילונגען און די דראַמע „דער מלך דוד" האָבן בקרוב
געזאָלט דערשיינען, און וועלן מסתם מיט דער הילף פון זיינע נייע פרײַנד
אין אַרגענטינע דערשיינען, דערמיט וועט זיין נישט פאַרענדיקט ווערק און
נישט־פאַרענדיקט לעבן אָנקומען צום סוף פון וואַנדער און צום סוף פון
ווײ, מיט וועלכן אונדזער עמק הבכא איז אַזוי רייך.

1956

# אברהם זאַקס „עבדים היינו״

מיט אַ קורצער צייט צוריק זענען אין אַרגענטינע דערשינען די ביכער 126 און 127 פון דער, אין דער גאַנצער יידיש־וועלט פּאָפּולערער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום״; ביידע ביכער בילדן צוויי בענד פון אברהם זאַקס זכרונות פון זיינע יאָרן אין רוסלאַנד אונטערן טיטל „קנעכט זענען מיר געווען״.

דער מחבר פון די צוויי ביכער, דער פּאָעט און פּראָזאַיקער אברהם זאַק, איז אין פּאַריז זייער גוט באַקאַנט. צוזאַמען מיטן שטראָם צוריקקערנדיקע פון רוסלאַנד איז ער נאָך דער מלחמה איבער פּוילן געקומען נאָך פראַנקרייך. נאָכן פאַרברענגען ביי אונדז אין פּאַריז עטלעכע יאָר, איז ער מיט אַ גרעסערער גרופּע שרייבער אַריבערגעפאָרן נאָך אַרגענטינע, וווּ ער וווינט ביז איצט.

אַ שטילער בטבע, איז אברהם זאַק געבליבן אין פּאַריז אַ ביסל אין דער זייט פון גרויסן טומלדיקן טראַקט, שטיל האָט ער זיך אַריבערגעגליטשט ביז אַרגענטינע און דאָרט שטיל אָנגעשריבן זיינע איבערלעבונגען אין די סאָוויעטישע „ארבעטס״־לאַגערן, און שטיל זענען אויך זיינע צוויי ביכער. זיי זענען געשריבן אָן כעס, אָן פאַרביטערונג, אַפילו אַ ביסל מיט אַ שמייכל, מיטן שמייכל וואָס איז אים תמיד אייגן. געשריבן אָביעקטיוו, אַ שטייגער ווי דאָרט אין די באַראַקן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דער וייטער סאָוויעטישער רעפּובליק פון קאָמי, וואָלט געווען פאַרשפאַרט נישט ער אַליין, נאָר זיינס אַ שאָטן, אַ צווייטער איך.

צו דערציילן האָט ער פון אַ סך רשעות, רשעות פון רעזשים און רשעות פון די אויבער־קנעכט איבער די אונטער־קנעכט. עס איז די קונץ פון אַלע דעספּאָטיעס צו באַהערשן קנעכט דורך קנעכט און דערפון צו מאַכן דעם יסוד פון זייער הערשאַפט; ער האָט אָבער אויך אַ סך צו דערציילן וועגן מענטשלעכקייט פון יחידים, וועלכע, אונטערדריקטע פיזיש,

דערדריקטע גייסטיק, האָבן זיי נאָך אַלץ נישט פאַרלוירן די מענטשלעכע צורה, וואָס זייערע באַצווינגער ווילן ביי זיי צורויבן, זיי וואַרטן נאָך, זיי האָפן נאָך, הגם זיי ווייסן און זיי זאָגן, אַז פאַר זיי זענען אַלע האָפענונגען — ווי פאַר די וואָס נידערן אין דאַנטעס גהינום — שוין אויסגערונען.

די לאַגערן זענען פונאַנדערגעשפרייט איבער די גרויסע שטחים פון רוסלאַנד, איבער די טייגעס פון סיביר, איבער די וויסטענישן און סטעפעס פון די וויטע רעפובליקן, ברייט איז די רוסישע ערד און פלאַץ אויף איר פאַראַן גענוג צו בויען שטייגן, ווו מענטשן זאָלן רעדוצירט ווערן צו אַ זאָאָלאָגיש לעבן און אַפילו פיל נידעריקער ווי דאָס.

צוערשט איז דאָס פארשיקן געווען אַ נקמה־אַקט פון סטאַלינען קעגן זיינע פּאָליטישע קעגנער. און אַזעלכע האָבן נישט געפעלט. שפּעטער איז עס געוואָרן אַ מלוכה־קאַלקולאַציע. אַ געניאַלע מחשבה פון טיראַן, אַז מען קאָן אויפבויען די וויסטענישן, בויען קאַנאַלן, בריקן, שאָסייען אין די טייגעס, אין די סטעפּעס ווו קיין שום מענטשלעכער פוס איז נאָך נישט געטרעטן, דורך אָט די הענט פון „פאַרברעכער". און מען האָט אָנגעהויבן פאַבריצירן פאַרברעכער. גענוג געווען אַ ווונק, אַ וואָרט, אַ מסירהלע, אַז מען זאָל באַקומען צען יאָר, פופצן יאָר, 25 יאָר תפיסה. האָט מען געשאָסן צוויי האָזן מיט אַמאָל. אי מ׳האָט געבויט „סאָציאַליזם" דורך בחינמדיקע שקלאַפן, אי מ׳האָט געהאַט אַרבעטער דאָרט, ווו מען האָט זיי אויפן פרייען וועג נישט געקאָנט האָבן.

ווען די יידישע פליטים פון פוילן האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַצישן פייער, זענען זיי גלייך אַריינגעפאַלן אין סטאַליניסטישן וואַסער און צום גרעסטן טייל זענען זיי באַלד געוואָרן פאַרברעכער, שפּיאָנען און ווי אַזעלכע פאַרשיקט געוואָרן הינטער די הרי חושך. דער מחבר פון די צוויי בענד „קנעכט זענען מיר געווען", צווישן זיי.

איר לייענט אַדורך די צוויי ביכער און עס ווערט קלאָר: ראשית, אַז די רביס פון די נאַציס זענען געווען די סאָוויעטישע מושלים. אַוודאי האָבן די דייטשן דעם סיסטעם פערפעקציאָנירט. אים „באַרייכערט" מיט אַזעלכע וויכטיקע אינסטרומענטן ווי קרעמאַטאָריעס און גאַז־אויוונס (אגב, אַ פריווילעגיע „בלויז" פאַר יידן) אָבער די מעטאָדע פון אַנטמענטשן דעם

מענטש, אים פֿאַרוואַנדלען אין אַ זאַך, איז געווען די דערפינדונג פֿון קאָ־מוניסטישן רעזשים.

און נאָך אַ זאַך ווערט קלאָר: אַז די גרויסע און טאָטאַלע ליקווידאַ־ציעס פֿון יידישקייט זענען געווען דער לעצטער אַקט פֿון אַ דראַמע, וואָס האָט זיך שוין אַ סך פֿריער אָנגעהויבן אָפּשפּילן.

שוין אין 1933, ווען די צוויי פֿאַרבינדעטע סטאַלין און היטלער האָבן זיך צעטיילט פּוילן און די יידן זענען אין בהלה געלאָפן פֿון מלכות האַקנ־קרייץ צו מלכות האַמער און סערפּ, האָבן זיי זיך שוין אָנגעטראָפן אין די פֿאַרנומענע געביטן אויף אַ גוט אָרגאַניזירטן סיסטעם פֿון ליקווידאַציע.

שוין דעמאָלט זענען פֿון די יידישע קינדער אַוועקגענומען געוואָרן די יידישע שולן און איבערגעגעבן געוואָרן צו די פּוילישע, רוסישע און ווייסרוסישע קינדער. בלויז אַ קליינער טייל פֿון די שולן זענען נאָך גע־בליבן, אַ זייער באַשרענקטע פּרעסע, איינרעגימענטירטע שרייבער און דאָס יידישע טעאַטער זענען נאָך געראַטעוועט געוואָרן פֿון יענער שריפֿה, וואָס איז שוין אויך נישט געווען די ערשטע.

אָן מליצות, אָן דעקאָראַציעס, מיט אַ זעלטענער איינגעהאַלטנקייט שילדערט אונדז אברהם זאַק דעם אומברחמנותדיקן קאָנצענטראַציע־סיס־טעם, ווו מענטשן געיאָגטע ביי אַ פֿראָסט פֿון 35 גראַד, אין די וועלדער צו עבודת פּרך פֿון צוועלף שעה, קומען אַהיים מיט אָפּגעפֿרוירענע אברים.

ער גיט אונדז דעם ציניזם פֿון די וואָס האָבן אויף די טויערן פֿון די שקלאַפֿן־באַראַקן אָנגעשריבן די לאָזונג „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער פֿאַראייניקט אייך".

אַזוי האָבן דאָך די נאַציס אויף די טויערן פֿון די אומקום־לאַגערן אויפֿגעצייכנט „אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס". דער זעלבער ציניזם, די זעלבע אָפּשפּעטונג פֿון אַלע מענטשלעכע הייליקייטן.

אַ טרייסט זענען בלויז די קליינע צאָל טיף־מענטשלעכע כאַראַקטערן, וואָס זאַק האָט אָנגעטראָפֿן אין די לאַגערן, צווישן זיי פֿאַרשיקטע שוין פֿון יאָרן, וואָס ציילן זיך נישט מער, אָן שום האָפֿענונג ווען עס איז נאָך צו לעבן אַ מענטשלעך לעבן. און דאָך האָבן זיי באַהאַלטן זייער צלם אלוהים. צו־

מייסט זענען עס געווען רעוואָלוציאָנערן פון דער גאָר אַלטער גוואַרדיע, פאַרמשפּטע דורך דער נקמה פון טיראַן צו אייביקער שקלאַפעריי.

מיט זיינע שטילע רייד דערגרעדט זיך אברהם זאַק צו אַלעם וואָס ער וויל דערציילן. און עס קריצן זיך אונדז איין אין זכרון פאַרשידענע טיפּן און כאַראַקטערן: דער גלח שולמינסקי, מיט פּסוקים פון תהילים אין זיין מויל, וואָס חזרט אָפּט איבער (אויף פּויליש) דעם פּסוק גם כי אלך בגי צלמות, לא אירע רע כי אתה עמדי, אָבער דעם טאָג ווען עס קומט די בשורה פון שיקאָרסקיס אָפּמאַך און די באַפרייאונג פון די פּוילישע בירגער, שטאַרבט ער פון אַ האַרץ־שלאַק; פון אַ געוויסן איידעלן ייד, גורעוויטש, וואָס איז שוין יאָרן סעפּאַרירט פון זיין משפּחה און האָט נישט קיין רעכט נישט צו שרייבן און נישט צו באַקומען בריוו; פון אַ געוועזענעם רעוואָלוציאָנער טשיזשעוו, וואָס האָט תמיד אויפן צוזאַמענברוך פון דער דעספּאָטיע און נאָך און נאָך.

זאַק גיט אונדז אָפּ גרוסן פון זלמן רייזען. ערגעץ־ווו איז פאַרשפּאַרט דער רעדאַקטאָר פון ווילנער „טאָג", אגב אַ געניגטער צום „פּראָגרעס", מחבר פון „לעקסיקאָן". ער קרעכצט און וויינט. מיר וויסן היינט, אַז ער איז פון תפיסה קיינמאָל שוין נישט אַרויס. ער גיט אונדז אַן אומדירעקטן גרוס פון איזאַק באַבעל, דעם פיינעם הומאָרפולן יידיש־רוסישן שרייבער פון לעבן פון די אָדעסער פאַרשטעט, אין מלכות־לאַגערן איז ער, דער מחבר פון „רויטע קאַוואַלעריע", באַשעפטיקט ביים רייניקן פערד...

און ער זעט פערזענלעך די פרוי פון אַדאָלף יאָפע, דעם באַרימטן רעוואָלוציאָנער, וואָס איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, נאָך טראָצקיס פאַרשיקונג. יאָפעס אלמנה זיצט שוין אַלס „טראָצקיסטקע" אַריבער צען יאָר. זי געהערט צו די מיליאָנען, וואָס סטאַלין האָט פאַריאָגט פון לעבן.

זאַק ציט די זכרונות ביז צו דער באַפרייאונג פון די פּוילישע דורך דעם אָפּמאַך מיט דער פּוילישער רעגירונג פון לאָנדאָן גלייך נאָך דעם, ווי היטלער האָט אַטאַקירט די סאָוויעטן.

אַזוי גרויס איז געווען דאָס אומגליק און די ליידן, אַז די בשורה פון באַפאַלן דעם ראַטנפאַרבאַנד דורך די נאַציס רייסט אַרויס ביי אַלע פּוילישע אינטערנירטע און ביים מחבר אַליין די נישט־באַרעכנטע ווערטער:

איצט זענען מיר געראַטעוועט. כאָטש דער מחבר גיט זיך גלייך דערנאָך אָפּ אַ חשבון וויפל וויטיק דער נאַצישער איבערפאַל וועט גורם זיין צו נאָך יידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן און אין רוסלאַנד.

אַזוי אָבער האָט גערעדט דער אינסטינקט פון אַ מענטשן פאַרמשפט צו שקלאַפעריי.

ווען זיי פאַרלאָזן דעם לאַגער זענען די רוסן זיי מקנא. ווער וועט זיך פאַר זיי אָננעמען? ווער וועט זיי באַפרייען? אָבער אַ טייל געפינט אַ שאַ־דנפרייד. זיי זאָגן: עס וועט נאָך אייך אויף דער פריי ערגער זיין, איר וועט אונדז מקנא זיין...

אָבער וועגן די איבערלעבענישן אויף דער פרייהייט דערציילט זאַק נאָך נישט אין די ערשטע צוויי בענד, זיי דערציילן בלויז פון עבדים היינו.

1957

## „רומעניע" פון שלמה ביקל

יידיש מזרח־אייראָפּע האָט גאַנצע יאָרהונדערטער געשפּונען תוך און איבער אים אַריבערגעצויגן פאָרעם, נוסח און סטיל. אין די לעצטע צענדליקער יאָרן פאַרן דריטן חורבן האָבן פאָרמען זיך אָנגעהויבן בייטן. תוך גופא האָט געעפנט שפּאַרונעס און שפּאַלטן פאַר נייע השפּעות. ליטע־ראַטור, וועלטלעכע קולטור און אידעאישע שטרעמונגען האָבן בהדרגה אָנגעהויבן איבערציען דאָס יידישע לעבן מיט נייע צורות, וואָס האָבן עס שטאַרק איבערגעביטן, אָבער איבערגעלאָזט די קאָמפּאַקטקייט, אַן עקסטע־ריטאָריאַלע אָפּגעשלאָסנקייט, אַ שטייגערישע פאָלקישקייט.

דער טאָטאַלער חורבן אונטער דער אָנפירונג פון די נאַצי־וואַנדאַלן מיט דער הילף פון די פּסולת פון אַלע פעלקער, האָט אַלץ פאַרוויסט: מענטשן, קולטור און אידעע, און דאָרט ווו דער נאַצישער היישעריק האָט נישט באַוויזן אַלץ אַרומצופרעסן האָט דער פּראָגרעסיסטישער יורש אָביעק־טיוו און נישט ווייניק סוביעקטיוו אַרומגעמעקט, אַרומגעשטראָכן, אַרומ־געריסן די רעשטן.

דורך אַ טראַגיש־חוזקדיקן פּאַראַדאָקס, וואָס פעלן אויך נישט אין דער יידישער געשיכטע פון משונהדיקע פּאַראַדאָקסן, איז גראָד רומעניע, דאָס לאַנד פון קלאַסישן אַנטיסעמיטיזם און שטענדיקן מוסטער פון יידי־שער רעכטלאָזיקייט, אָפּגעהיטן געוואָרן פון טאָטאַלן פיזישן אויסראָט. איז אָבער די קולטור־שפע — די תורהדיקע ווי די ליטעראַרישע — נאָך גע־ווען אין רומעניע געגנוג שוואַך און פלאַך פאַרוואָרצלט, אַז מען זאָל קאָנען רעדן נאָכן סוף פון צווייטן וועלט־קריג פון אַ לעבעדיקער שאַפערישער המשכדיקייט.

פאַר יידיש־אייראָפּע איז אַוועק די צייט פון קאָנטינואיטעט, און עס איז געקומען די צייט פון אונטערשטרייכן סך הכל, פון ארויסציען בילאַנס און

פון דער דאָזיקער טרויער־בוכהאַלטעריע, קען דאָס יידישע רומעניע מיט איר יונגן אימפעט, מיט איר אייגנאַרטיקן רענעסאַנס צווישןביידע וועלט־מלחמות נישט אַרויסגענומען ווערן.

ווי שוואַך עס זאָל נישט זיין געווען די קולטור־טראַדיציעס פון אַלטן רומעניע, האָבן די צוויי אין איר אָנגעשלאָסענע פּראָווינצן, די פריער צאַ־רישע בעסאַראַביע און די קירהשע בוקאָווינע מיטגעבערענגט מיט זיך פרי־שע סטימולן, נייע ווינטן, אטמאָספערע פון אָנשטרענג, פון גערנאַגל פאַר רעכט, פאַר נאַציאָנאַלע אַמביציעס, פאַר קולטור־אַמביציעס, און דאָס אַלץ איז זיכער כדאי אין אונדזער תקופה פון אָפּגעשלאָסענע חשבונות צו זאַמלען און אונטערצושטרייכן.

דער גרויסער יידישער צענטער פון פוילן האָט איבערגעלאָזט גענוג גואלי הדם, גענוג מאָנער און דערמאָנער. אַלע פּנקסים פון חרובע קהי־לות, אַלע זכרונות — אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע, די גאַנצע חורבן־ליטעראַטור איז איין גרויסע דערמאָנונג פון אלעם וואָס האָט דאָרט גע־לעבט, געשטרעבט און פאַרשניטן געוואָרן.

יידיש רומעניע, שוין פריער אָן א זייט פון גרויסן יידישן קולטור־טראַקט, האָט געפונען בלויז ווייניק אויסלייזערס און דערמאָנערס. איצט האָט די דאָזיקע הייליקע מיסיע פון א גואל, אָן אויסלייזער און דערמאָנער אויף זיך גענומען דער חשובער שריפטשטעלער ד״ר שלמה ביקל, וועל־כער האָט אַליין צווישן ביידע וועלט־מלחמות מיטגעלעבט און זיך מיט־באטייליקט אין אָט דער קורצער תקופה פון אויפקלער און דערוואַכונג אין יידיש־יידישן רומעניע.

מיט זיין אינהאַלטרייכן פּנקס־רומעניע האָט שלמה ביקל אויס־סקולפּטירט אַ הערלעכן מאָנומענט פון איידלשטיינער צום אָנדענק פון אַ יידישן קיבוץ, וואָס האָט נאָך געהאַלטן אין אָנהויב פון זיין גערנאַגל פאַר רעכט פון מענטש און פאַר רעכט פון ייד, וואָס האָט זיין גערנאַגל קיין מאָל נישט פאַרענדיקט ביז ער איז צוזאַמען מיט גאַנצן יידישן מזרח־אייראָפּע אָפּגעמעקט געוואָרן.

דאָס בוך „רומעניע״ פון שלמה ביקל איז אַ הספד און אַ קדיש, אַ שריפט פון נאָסטאַלגיע, פון געשיכטע, פון קולטור־געשיכטע און ליטע־

ראַריש־קריטישע אָפּשאַצונגען. און עס איז מער ווי דאָס אַלץ, ווייל עס איז מיטלעבונג און איבערלעבונג, עס איז ליבשאַפט, צוגעבונדנקייט און בענקשאַפט צו אַ פאַרשווונדענער וועלט.

וואָס געפינען מיר אַלץ נישט אין דאָזיקן זייער אינטערעסאַנטן און אינהאַלטרייכן בוך ?

עס איז קודם כל די געשיכטע פון קאַמף פאַר יידישער בירגער־רעכט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין סוף פון פריערדיקן יאָרהונדערט, וואָס אירע עלטסטע פיאָנערן האָבן נאָך געלעבט אין ביקלס צייטן און מאנכע פון זיי האָבן נאָך אָפילו דערלעבט די צייטן פון דער אייזערנער גוואַרדיע, די מלחמה, דעם סוף, דעם נייעם רעזשים און פאַרענדיקט זייער לעבן אין זייער אומרואיקער באַרואיקונג אין דער באַנייטער יידישער מדינה.

און עס איז פאַראַן אין דאָזיקן בוך אַ שלל פון פּאָרטרעטן פון גרויסע יידישע געשטאַלטן, עסקנים און קעמפער פאַר זייערע רעכטלאָזע מאַסן. אַ טייל — דורכגעדרונגענע פון דער רומענישער קולטור און ליטעראַטור, אַליין אַקטיוו אין איר באַטייליקט, דערוווייטערטע און אָפּגעפרעמדטע פון זייער פאָלק. און עס זענען פאַראַן אַנדערע ליבע, היימישע געשטאַלטן, באַטייליקטע אין אַלע אָנשטרענגונגען פון יידישן רומעניע „צו אַן אייגע־נער צענטרישקייט".

מיר ווערן געוואָר אינטערעסאַנטע פּרטים פון דער טעאַטער און פאָלקס־לידער תקופה, וואָס אברהם גאָלדפאַדען און וועלוול זבארזשער, ביידע אימיגרירטע פון יענער זייט גרענעץ, האָבן אַריינגעבראַכט און וואָס האָט נאָך צענדליקער יאָרן שפּעטער אין די צייטן פון זינגער פון די חומש־און רות־לידער, איציק מאנגער, געפונען איר ווידערקול אין די קרעטש־מעס פון בוקאַרעשט און יאַסי.

און מיר געפינען אין בוך אויספירלעכע און זייער אינטערעסאַנטע צוגאָב־שילדערונגען וועגן די ליטעראַרישע אָנשטרענגונגען פון גרויסן משלים - שרייבער אליעזר שטיינבאַרג, וועגן די דיכטער שטערנבערג, מאַנגער, ראָמאַניסט אַלטמאַן און פיל אַנדערע פון אַלע פּראָווינצן און אַלע וויכטיקע שטעט באַהאָפטענע צו רומעניע.

און עס זענען פֿאַראַן אין בוך פֿיין־געשריבענע עפּיזאָדן, ווו הומאָר און טראַגיק נעסטן צוזאַמען און גיבן דאָס בילד פֿון אַן עקספּערימענטאַל פֿעלד; ווו צוזי און אָפּשפּרונג פֿון צוויי קולטורן און אינטעליגענצן פֿון צוויי פֿעלקער ווירקן בסוד אין פֿאַרשידענע קעגנגעזעצטע ריכטונגען, ביז די זאָאָלאָגישע יידן־פּרעסעריי פֿון די רעגירנדיקע פּראָפֿעסאָרן און גייציקע באַנקירן נעמען די אויבערהאַנט.

עס זענען פֿאַראַן אין בוך פֿאַרצייכענונגען פֿון שטעט: בוקאַרעשט מיט אירע חכמים, ראַבינערס, אויבער־ראַבינערס, טעמפּלען, ליבעראַלע צילינדער־יידן און פּרימיטיווע מאַסן; יאַסי מיט אירע בעלי־מלאכהס, שענקען, טרובאַדורן; קישינעוו מיט אירע געזונטע פֿעלד־ און וואַלד־מענטשן, מיט אירע גוטע העברעישע און יידישע שרייבער און דיכטער, קולטור־עס־קנים און פֿאַרוואָרצלטער טראַדיציע; טשערנאָוויץ מיט איר אינטעליגענץ און סטודענטישער יוגנט, וואָס ברענט מיט געאָפּיטישער ליבשאַפֿט צו יידיש, יידישער קולטור.

שלמה ביקל, אַליין אַן אָפּשטאַמיקער פֿון מזרח־גאַליציע, האָט געוווינט אין טשערנאָוויץ, ווען די פּראָווינץ איז אַריבער צום רומענישן קעניגרייך. ער האָט זיך שפּעטער איבערגעצויגן אין בוקאַרעשט. דאָרט האָט ער, ווי אַן אַסיסטענט פֿון די גרויסע יידישע אַדוואָקאַטן, וואָס זענען אין רוב פֿאַלן אויך געווען עסקנים אָדער דעפּוטאַטן און, ווו פֿיל יידישע נאַציאָנאַל־פּאָלי־טישע ענינים און הילכיקע פּראָצעסן האָבן געפֿונען אַן אָפּקלאַנג אין זייערע ביוראָס — געהאַט די גוטע געלעגנהייט צו שטודירן, צו אָבסערווירן, זיך צו אינטערעסירן און אַרומצונעמען אַלע הויפּט־עלעמענטן פֿון רומענישן און יידיש־פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן אין דאָזיקן לאַנד.

פֿון דער אַנדערער זייט האָט ער געהאַט נאָענטע פֿאַרבינדונגען מיט די יידיש־יידישע שרייבער און קולטור־עסקנים, ווו ער איז אַליין געווען אַ בן־בית און אינערלעך־פֿאַראינטערעסירטער. און אין זיין בוך האַלט ער אונדז כסדר אין שפּאַנונג דורך פֿירן אונדז איבער אַלע אינערלעכע וועגן און שטעגן, שענקען, סינאַגאָגעס און פּראָמענאַדעס פֿון די יידישע קוואַר־טאַלן אין די גרויסע שטעט.

שוין אין אַנדערע ביכער האָט אונדז ביקל געגעבן אינטערע־

סאַנטע שילדערונגען פון אַמאַליקע און מאָדערנע יידישע פערזענלעכקייטן און אונדז דערציילט פּיקאַנטע מעשיות און עפּיזאָדן אַרום זייער לעבן און אַקטיוויטעט, אָבער דאָ אין „רומעניע" טוט ער עס מעטאָדיש, אויספּירלעך מיט שלימות און מיט אַלע שרייבערישע מיטלען. פּובליציסטישע, עסייאיסטישע, אָפּהענגיק און צוגעפּאַסט צו די באַהאַנדלטע ענינים.

„רומעניע" איז אַ זייער באַטעמט בוך וואָס פירט אונדז מיט לייכטע און אָנגענעמע טריט איבער אַלע ווינקעלעך פון יידישן לעבן אין דאָזיקן לאַנד, ווו די יידישע אַקטיוויטעטן האָבן געהאַט אַן אייגנאַרטיקן פאַרלויף און די רעזולטאַטן האָבן פאַרמאָגט אַ באַזונדערע חנעוודיקייט און שפּילעוודיקייט, וואָס האָט צו דער גרויסער וועלט־יידישער שאַפערישקייט בייגעשטייערט מיט אַ ספּעציפישן אָנטייל.

שווער צו ציטירן פון אַזאַ מלא וגדושדיק, אַזוי פאַרשידן און פילפאַרביק בוך, ציטאַטן און מוסטערן.

עס איז אַ ווערק, מיט וועלכן דער מחבר האָט זיך פאַרדינט עולם הזה און עולם הבא אין דער יידישער קולטור־געשיכטע און אין דער יידישער ליטעראַטור.

1963

# „חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן" פון ב. שלעווין

„חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן" פון ב. שלעווין איז אַ געזעלשאַפט־לעכער ראָמאַן; דער העלד איז אַ קאָלעקטיווער — די אויפגעשטורעמטע, ר׳עוואָלטירטע יידישע יוגנט; די צייט — די לאַנגע, טראַגישע תקופה פון ערב־חורבן, חורבן און וויסטן יידישן נאָך־חורבן; דאָס אָרט — פוילן, טיילוויז — פראַנקרייך, עפּיזאָדיש — שפּאַניע.

סאָציאַלער ראָמאַן מיינט אין תוך שילדערן אַ געזעלשאַפט און אַ תקופה דורכגעדרונגען און דורכגעטרייסלט פון באַוועגונגען און אידעען; די פּערסאָנאַזשן פון אַזאַ ראָמאַן פאַרקערפּערן און טראָגן אין זיך שטורעם און דראַנג צו אַן אַנדערער, זיך באַנייענדיקער וועלט.

אַזעלכע איז טאַקע געווען די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט צווישן ביידע וועלט־מלחמות, וואָס שלעווין שילדערט אין זיין בוך. זי איז געווען דורכגעשטראָמט און דורכגעשטורעמט פון אידעאַלן, אידעאָלאָגיעס, באַוועגונגען און שטרעמונגען. זייער מקור — די אומשטענדן. די ספּעציפיש־יידישע באַדינגונגען; זייער מהות — רעוואָלט. רעוואָלט קעגן שנאה, נויט, אויס־זיכטלאָזיקייט, יאוש.

אַפילו די יידיש־פוילישע פרומקייט איז אין איר תוך געווען אַ בונ־טאַרע. בלויז וואָס זי האָט אירע ביטערע טענות געשליידערט צו די הימלען. די אַנדערע, די וועלטלעכע באַוועגונגען, האָבן זייערע ביטערנישן געוואָנדן צו דער ערדישער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

דער ציוניזם, דער סאָציאַליזם האָבן אַלע געוואָרצלט אין ווילן איבער־צורייסן מיט דער האָפנונגסלאָזער איצטיקייט.

אויך דער יידישער קאָמוניזם האָט זיין קנאות, זיין קרבנות־גרייטקייט געשעפּט פון זעלביקן מקור, פון רעוואָלט פון יידישן מענטש קעגן אָקצעפּ־טירן די באַדינגונגען — סאָציאַלע, מענטשלעכע און אַפילו נאַציאָנאַלע — וואָס זענען אים פון רשעותדיקע רעזשימען אויפגעצוווּנגען געוואָרן.

די פּלוגתא איז בלויז געווען: צי ברויכן מיר אַ באַזונדערן אויסלייז,

ווי ציוניסטן באַהויפּטן עס, אָדער איז אונדזער גאולה איינגעוויקלט אין דער וועלט־גאולה און מיר באַדאַרפן זיך בלויז אינטעגרירן אין אַלגע־מיינעם רעוואָלט.

ווײַל איך נישט זאָגן, אַז ב. שלעווין האָט געשריבן אַ טענדענץ־ראָמאַן. צו לעבעדיק און קינסטלעריש באַהאַפטן איז דער ראָמאַן מיט דער ווירקלעכקייט, מיטן קאָנקרעטן, אַז עס זאָל נישט זיין פאַרקערט.

דאָס צי איך, דער לייענער, אַרויס די טענדענץ, דעם סך הכל פון די סיטואַציעס, פון די פּערסאָנאַזשן, פון די דיאַלאָגן, וואָס ב. שלעווין האָט אין אַזאַ גרויסער מאָס אָנגעהויפט אין זיין ברייט פאַרמאָסטענעם געזעל־שאַפטלעכן ראָמאַן.

ב. שלעווין האָט זייער גוט, פון אינעווייניק געקענט די דאָזיקע אידעאָ־ליסטישע יוגנט, די טרייב־קראַפט, וואָס האָט זי באַוועגן, און פון איר געמאַכט דעם גרייטן קרבן אויף אַלע סאָציאַלע מזבחות און ער האָט גוט געקענט און איבערגעלעבט דעם טראַגישן סוף, די גרויסע אילוזיע, און איצט, אין אָפּרוק פון צייט, אין אָפּרוק פון אָרט און אויך אין אידעאָלאָ־גישער דיסטאַנץ, שילדערט ער זי מיט ליבשאַפט, מיט בענקשאַפט און מיט... באַדויער...

דער טאָן פון ראָמאַן איז אַן עלעגישער, האַרמאָניזירט מיט די טייכן בלוט און טייכן אילוזיעס, וואָס האָבן דעם הייפל איבערגעבליבענע דער־נאָך פאַרפּלייצט.

מיט אַ סך געפיל און קינסטלערישער ערלעכקייט מאָלט ער אונדז דעם גלויבן, מאַרטיראָלאָגיע און עקשנות פון יוגנט, וואָס האָט זיך גע־וואָלגערט אין די פּוילישע תפיסות, אין די אָפּגעריסענע האָטעלן פון דער עמיגראַנטישער פּאַריזער אומלעגאַליטעט, אויף די שלאַכט־פעלדער פון שפּאַנישן בירגער־קריג אַריינצופאַלן צום סוף אין געוועב פון דער נאַצי־שער שפּין.

איך האָב צום בעסטן ליב אין שלעווינס ראָמאַן, ווען ער שילדערט דעם אַנאָנימען העלד, די מאַסע פון „זיי״, די קנאים, די קינדער פון עם קשה עורף, וואָס גייט מיטן זעלביקן ברען און זעלביקער עקשנות ווי זייערע אבות אויף אַלע פייערן, פרייוויליקע, און געצוווּנגענע.

אָבער אויך די יחידים, הגם מיט ווייניק בולטע כאַראַקטערן, זענען נישט אין ראָמאַן קיין אַבסטראַקטע פאַרקערפּערס פון טעאָריעס, נאָר מענטשן פון בלוט און פלייש, רירנדיקע, נאַיווע, קרבנות פון אַ ספּעציע־לער פּסיכיק, וואָס זענען נישט, ווילן נישט זען אָדער ווילן דערווײַל נישט זען, אַזוי לאַנג ווי מען לאָזט זיי פאַרמאַכן די אויגן אויפן פאַקט, אַז ייִד און מענטש הייבן זיך אָן צוזאַמען, קומען צוזאַמען און ענדיקן זיך צוזאַ־מען. דאָרט ווו מען צווינגט זיך אָפּצוזאָגן פון איינס זענען ביידע אָפּגעפּרעגט.

אהרון און יאַנעק זענען חברים נאָך פון די צייטן ווען זיי זענען געווען צוזאַמען שילער אין קרינסקיס גימנאַזיעס אין וואַרשע און ביידע ווערן זיי קאָמוניסטן נאָך אין דער מיטלשולע. דער ערשטער ווערט אַ ייִדישער פּאָעט „אַ קינד פון מוראַנאָוו", ער בלייבט תמיד געבונדן מיט האַרץ און נשמה צו זיין פאָלקס־שטאַם, צו זיין סביבה. ער איז און בלייבט אַ ייִדישער בונטאַר. דער צווייטער, אַ פאַרפּוילישטער, אַרבעט פאַר „דער זאַך", פאַר „דער פּאַרטיי" אויף דער פּוילישער גאַס.

אין די טעג פון אויסשאַלטונג ווערן ביידע אונטערגעוואָרפן דעם זעלביקן גורל. ביידע זאָגן זיך אָפּ נאָכצופאָלגן די דערנידערונגען וואָס מען וואַרפט אויף זיי אָן. אָבער אהרון גייט אַוועק ווי אַ ייִד, וואָס האָט עס תמיד געאַנט, איז תמיד גרייט געווען צום קלאַפּ. יאַנעקן, דעם „גוי" קומט עס אָן פיל שווערער. ער האָט די וואָרצלונגען און די אַנונגען פון אהרונען נישט געוואָלט און נישט געקענט פאַרשטיין.

צאָלרייך זענען אין בוך די פאַרכאַפּנדיקע שילדערונגען. פיין געמאָלן איז די שטוב פון אָדאַם און פעליציאַ נאַטאַנזאָן. זי אַ טאָכטער פון דער באַרימטער אַסימילירטער נאַטאַנזאָן־משפחה, ער אַ ייִד מיט האַרץ און נשמה, אַן עסקן, דעפּוטאַט און זשורנאַליסט.

די קינדער יאַנעק און זיין שוועסטער — פאַנאַטישע קאָמוניסטן, דעם פאַנאַטיזם פון טאַטן, די קולטור פון דער מאַמען. דעם טאַטנס ברען און התלהבות באַנוצט מען פאַר דער „גרויסער אידעע". די קליינע ייִדישע וועלט, דעם טאַטנס וועלט, איז צו קליין, צו איינגעשרומפּן פאַר זייערע גרויסע יוגנטלעכע מענטשהייט־חלומות.

„דער יידישער טאַראַם", די יידישע היפּער־סענסיוויטעט? מען דאַרף אין איר פאַרגעסן. אָבער דאָרט, דווקא דאָרט, ווו מען לויפט פאַר־געסן, דערמאָנט מען זיי ביטער ווער זיי זענען.

ב. שלעווין ברענגט פּסיכאָלאָגיש גוט אַרויס אי די מענטשן און אי די סיטואַציעס, דעם טראַגישן איבערברוך.

פיינע בילדער זענען דאָ אין בוך פון פּאַריז, פון אירע שיינע קוואַר־טאַלן, פּאַרקן, מאָנומענטן, אַרכיטעקטור, בולוואַרן און קאַפעס, ווו עס טרעפן זיך יידישע יוגנטלעכע פון פוילן, יידישע קינסטלער פליטים פון דייטשלאַנד. און גוט קען ער, דער עיקר, דאָס אַנדערע פּאַריז, דאָס מיט די צעדרייטע געסלעך פון די אָרעמע אַרבעטער־קוואַרטאַלן און ווידער יידישע יוגנטלעכע, וואָס טראָגן דאָרט אַריין זייער טומל, זייערע דיסקו־סיעס, זייערע וועלט־דערלייזערישע אידעען.

ער קען זיי גוט, שלעווין, די סטערקעס, די רוטקעס, די פייגעלעך. די אינטעליגענטקעס און די „הענט" און „מאַשינערקעס" פון בעלוויל, אַנטלאָפענע דאָ אין פּאַריז און גלייך אַריינגעמישטע אין פאָלקס־פראָנט אין שפּאַניע. שפּעטער קרבנות פון גרויסן נאַצישן בלוט־מבול, און נאָך שפּעטער, קליין אין צאָל, איבערגעבליבענע אָפּגעברענטע האָלעוועשקעס, לויפט מען ווייטער צוריק צו די אַלטע היימען מיטבויען דעם „געמיינזאַמען" אידעאַל. אָבער דער געמיינזאַמען אידעאַל איז איצט מעכטיק, באַהערשט אַ האַלבע וועלט, האָט מער נישט נויטיק די באַנדעס נאַמאַדן, קאָסמאָ־פּאָליטן, אויסגעוואַרצלטע. אַ רייכע פילפאַרביקע וועלט גייט דאָ אַדורך מיט ערשטראַנגיקע און צווייטראַנגיקע פּערסאָנאַזשן, יידן, פּאָליאַקן, פראַנצויזן.

די מענטשן, די פּאַקטן, די דיאַלאָגן זענען נישט קיין אויסגעטראַכטע, נישט קיין טעאָריעס, נישט אידעאָלאָגישע טעזע... זיי זענען אין שלעווינס בוך געבונדן און געשלייפט מיטן לעבן און באַקומען דאָ זייערע קינסט־לערישע באַהעפטונג, באַלויכטונג און נאַטירלעכע אינטערפּרעטאַציע.

די פאַרניינונג פון אַ ספּעציפיש יידישער פּראָבלעמאַטיק איז ביי פיל פון די יונגע העלדן פון בוך אָפּטמאָל אַן אומבאַוווסטזיניקע, ביי אַנדערע

אַן אונטערבאַוווּסטזיניקע, ביי פיל — אַ גאַנץ באַוווּסטזיניקע פון קאַריע־ריזם און גראָבהויטיקייט.

צאָלרייכע טיפן גייען אַדורך אין ראָמאַן, וואָס פאַרקערפערן די פאַר־שידנסטע ניואַנסן אין דעם פאַרשידנקאָלירן בילד פון אַ יידישער בונ־טאַרישער יוגנט, וואָס איז בלינד און הייליק געגאַנגען אויף אַלע מזבחות און איר קרבן איז נישט באַוויליקט געוואָרן.

דער בוי פון ישראל ווי אַ פּאָזיטיווע קעגנשטעלונג איז אין בוך פאַראַן ווי אַן אַרויסדרינג, אָבער נישט בפירוש. איך האַלט עס פאַר אַ מעלה. אַ ראָמאַן איז נישט קיין עקספּאָזע פון טעמעס, נאָר אַ שילדערונג אויפן סמך פון דערפאַרונגען, איבערלעבונגען, אָבסערוואַציעס און פּסי־כאָלאָגישע אַנאַליזעס.

איך מוז צום סוף דאָך מאַכן אַ באַמערקונג דעם מחבר פון שיינעם ראָמאַן „חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן", אַז ער האַלט נישט אומעטום אויס דעם גלייכן אָטעם פון אַ קינסטלערישן ניוואָ.

אָפטמאָל מאַכט עס דעם איינדרוק ווי דער אויטאָר וואָלט נישט געקענט כסדר אויסטראָגן די שפּאַנונג, וואָס דער קינסטלערישער יאָך לייגט אויף אים אַרויף און ער אַנטשפּאַנט זיך לטובת אַ זשורנאַליסטיש־רעפּאָרטאַזישסטישן נוסח און סטיל.

עס טרעפט אויך, אַז יחידים, אַנשטאָט צו זיין כאַראַקטערן, ווערן מוסטער־טיפּן פון סאָציאַלע גרופּעס, וואָס זיי זענען אפשר טאַקע אין טעג־לעכן לעבן, אָבער וואָס דער ראָמאַניסט מוז אויסשיילן זייער באַזונדערקייט, זייער אינדיווידואַליטעט.

עס פעלט בלויז שלעווינען טיילמאָל געדולד. ער פאַרמאָגט גענוג כוח פון אָבסערוואַציע און פעאיקייטן פון פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז — כדי צו זיין איינער פון אונדזערע בעסערע סאָציאַל־היסטאָרישע ראָמאַניסטן.

שלעווין איז נאָך יונג. ער האָט שוין ביז איצט פאַרעפנטלעכט אַ היפּשע צאָל ראָמאַנען און נאָוועלן. מיר קענען אים בלויז ווינטשן, אַז דאָס יידישע לעבן זאָל פאַרמאָגן גענוג רייכקייט און רואיקן פאַרלויף, אַז עס זאָל אים און אַנדערע יונגע קינסטלער קענען צושטעלן גענוג שטאָף פאַר ברייט־פאַרמאָסטענע ווערק און מאָראַלישן כוח עס אויסצופירן.

# משה גראָסמאַן

ס׳גאַנצע חיות זיינס האָט ער, משה גראָסמאַן, ממש אַריינגעגעבן אין זיין פּען. די פּען איז געווען זיין וואָפן, זיין אינסטרומענט, זיין פּרנסה. ער האָט אין איר אַריינגעלייגט זיין גאַנץ האַסטיק לעבן און איז אַוועק־געפאַלן מיט דער פּעדער אין דער האַנט אויף זיין פּאָסטן פון אַ שרייבער, אַ שליח־ציבור.

מען איז היינט געוואוינט צו רופן אַנגאַזשירטע שרייבער יענע פּען־מענטשן, וואָס זונדערן זיך נישט אָפּ, איזאָלירן זיך נישט אין פּאַרנאַס, שטייגן נישט אויפן אָלימפּ, נאָר באַטייליקן זיך מיט זייער טאַלאַנט און טעמפּעראַמענט אין געראַנגל פון זייער צייט, וואָס קעמפן מיט דורך זייער שרייבערישן אינסטרומענט, מיטן גאַנצן אַל־נאַציאָנאַלן און אַל־סאָציאַלן קאַמף וואָס גייט אָן אויף אונדזער ערד און טוען עס מיט דער גאַנצער אחריות פון זייער זעלבשטענדיקייט און מיטן גאַנצן געוויסן פון זייער אומאָפּהענגיקייט קעגן אַלע מינים פּען־שאַרלאַטאַנעס און דעמאַגאָגן.

משה גראָסמאַן איז געווען אָט אַזאַ אַנגאַזשירטער פּען־מענטש פּאַר עקסעלאַנס. ער איז עס געווען אין בלוט, כאַראַקטער און נאַטור.

ווען ער האָט נאָך אַ יונגער אָנגעהויבן שרייבן ראָמאַנען און דערציי־לונגען, האָט ער זיינע פּערסאָנאַזשן און סיטואַציעס גענומען פון גרויסן טראַקט.

ער איז ראשו ורובו אַרייגעטאָן אין די קאָכענישן פון לעבן. אַ רוישי־קער און רעשיקער, האָט ער האַסטיק באַוויזן זיין פּען. מיט האַרץ און נערוון גענומען שטעלונג צו אַלע פּראָבלעמען און רעאַגירט אויף אַלע געשעענישן דורך אַלע ליטעראַרישע זשאַנערן: דערציילונגען, אַרטיקלען, פּאָלעמיקעס, דיסקוסיעס.

ווען ער האָט דעביוטירט אין דער ליטעראַטור, האָט ער ווי די פּערסאָנאַזשן פון זיינע ראָמאַנען, גענומען די פאָן־טרעגערס און וואָרט־זאָגערס פון גאַנצע תקופות: קאַרל מאַרקס און ראָזאַ לוקסענבורג.

ווע ער האָט אין אָנהייב פון נאַצישן מבול זיך געראַטעוועט אין דער מדינה פון דזשוגאַשווילי און איינער פון די ערשטע דערשנאַפּט און דער־שפּירט די מעטאַדן־ענלעכקייט פון די צוויי נאַענטע און פיינטלעכע רע־זשימען, האָט ער גלייך געגומען שטעלונג. צוליב דער אוממעגלעכקייט עס צו טאָן מיט דער פּען, האָט ער עס געטאָן מיטן מויל, וואָס האָט אים געקאָסט יאָרן פון פּיין, פון תפיסה און פון פאַרשיקונג.

ווי נאָר ער קומט צוריק, דערציילט ער אין די צוויי בענד פון „פאַר־כישופטן לאַנד פון דזשוגאַשווילי" זיינע ליידן און די ליידן פון אַנדערע אָפּגענאַרטע און פאַרפּירטע. דאָס איז נאָך דעמאָלט אַ רעוואָלאַציע.

אַפילו פריינד גלייבן אים נישט, זענען ברוגזלעך, רעדן פון אומדאַנק־באַרקייט, אַפילו פון פּראָוואָקאַציע. עס זענען ערשט בייטיק געווען די שפּע־טערדיקע געשעענישן ביז צום יאָר 1949, צו דערקענען די זעלבשטענדי־קייט פון משה גראָסמאַנס פּעדער, וואָס באַגלייט זיין טעמפּעראַמענט.

ער קומט קיין פראַנקרייך, גיט דאָ אַרויס נאָוועלן, פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען. אין זיי אַלע קלאַפּט דער דופק פון דער צייט און די וואָרענונג פאַר דער סכנה פון דער רויער סטיכיע, וואָס פאַרפלייצט ווייטער די וועלט.

ער קומט נאָך ישראל, ווי צו דער לעצטער סטאַנציע. פון בלייבן אין אַמעריקע, ווו ער פאָרט אויף דער קולטור־קאָנפערענץ פון יאָר 1948, וויל ער נישט הערן. זיין אָרט איז אין דער יידישער מדינה. ער, דער יידי־שער פּען־מענטש, קומט אין אַ וועלט פון העברעיש. ער באַקומט ליב דאָס לאַנד און באַטייליקט זיך מיט זיין האַסטיקייט און טעמפּעראַמענט אויף זיין אופן אין האַסטיקן און טעמפּעראַמענטפולן בוי פון לאַנד.

ער שאַפט זיין „היימיש", וואָס לויבט, קריטיקירט, פאָלעמיזירט, נעמט שטעלונג. ער ווערט דער פאַרבינדלער צווישן ישראל און דער יידיש־וועלט. ער ווערט דער וואָרטזאָגער, דאָס קול פון לעבעדיקן יידיש אין ישראל און ווערט פון אַלעמען אָנערקענט ווי אַזעלכער.

מיר קענען נישט קיין אין העברעישע שריפט, אָפיציעלע אָדער נישט אָפיציעלע, פון אַזאַ כאַראַקטער, וואָס זאָל געפינען אַזאַ אָפקלאַנג אין חוץ לארץ, ווי משה גראָסמאַנס „היימיש".

און פונקט ווי ער מישט די גרענעצן פון בעלעטריסטיק און זשורנאַ־ליסטיק, פון לעבן און ליטעראַטור, מישט ער די גרענעצן פון זיין פער־זענלעכן אָרגאַן ביז צום ווערן אָרגאַן פון דער יידיש־מדינה אין ישראל.

אויך דער דאָזיקער עירוב התחומים ווערט אויפן נאַטירלעכסטן אופן פון אַלע אָנערקענט. איינציקווייז ווערט אפילו די אַמביציע פון די העברע־אישע שרייבער אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט, צו זאָגן אַ מיינונג אין „היימיש", כדי צו לאָזן דערגיין זייער קול אין חוץ לארץ, פון וואָס זיי האָבן זיך שוין געהאַט לאנג אָפּגעוויינט.

נאָך עטלעכע יאָר פון אימפעט, האָט דאָס דאָזיקע נערוועישע האַרץ אויפגעהערט קלאַפּן, געפאַלן אין דער שלאַכט פון אַנגאַזשירטקייט אין לעבן.

איך האָב אים אַנומלטן געזען אין תל־אביב שלעפּן די פּעק „היימיש". מיט נערוון, מיט יאָך און מיט ליבשאַפט צוזאַמען, האָט ער אין זיינע אָרעמס געהאַלטן דעם פּאַק, ווי ער וואָלט וועלן באַווייזן, אַז דער גאַנצער גייסטיקער און מאַטעריעלער עול פון „היימיש" הויערט אויף זיינע פאַר־מאַטערטע פּלייצעס.

אויף „היימיש" איז געלעגן דער שטעמפּל: משה גראָסמאַן. עס איז געווען זיין ווערק, זיין אייגנטום, וואָס שטאַרבט מסתם מיט אים.

און מיר באַדויערן זיין ווערק נישט אפשר ווייניקער ווי אים אַליין.

עס איז געבליבן אַ ליידיק אָרט, וואָס ער האָט אויסגעבויט מיט דער האַסטיקייט און אימפעט פון זיין טעמפּעראַמענט, אַן אוהל־יידיש אין ישראל, וואָס בלייבט נאָך אים פּוסט, אומבאַוווינט, אפשר בלויז אַן אוהל פאַר אים אַליין אויפן בית־עולם פון תל־אביב.

ווייל „היימיש" איז אינגאַנצן געווען זיין, ער האָט עס אויסגעבויט, אָנגעפילט און געשלעפּט דערפון די גייסטיקע און פיזישע משא.

1961

# „אויף אַלע ווינטן" פון זיינוול דיאַמאַנט

אין פאַרמלחמהדיקן יידישן פאַריז האָט זיך געפונען אַ גרופּע שרייבער, צומייסט פון האָרעפּאַשנעם אָפּשטאַם, וועמען די נויט, דער אַנטיסעמיטיזם, די אויסזיכטלאָזיקייט האָט פאַרטריבן פון זייערע היימען און געדיכט־יידישן מזרח־אייראָפּע.

אין דער עמיגראַציע, מיט וועלכער זיי האָבן מיטגעשטראָמט, האָבן זיי געלעבט, פון דאָרטן געצויגן חיונה און די דאָזיקע קרייזן האָבן זיי גע־שילדערט אין זייערע ראָמאַנען און דערציילונגען.

וועגן אַ סך פון זיי האָט מען געקענט זאָגן: אין איין האַנט האַלטן זיי די נאָדל און אין דער צווייטער — די פּען.

אין די פרייע שעהן פלעגן זיי קומען אין די קאַפעס פון מאָנפּאַרנאַס, אָדער פון רעפּובליק־פּלאַץ, אַראָפּוואַרפן פון זיך די פּראָלעטאַרישע צורה און אָנטאָן די צורה פון קינסטלער־באָהעמיאַנער.

דער אָפּשטאַם, די נאָסטאַלגיע, דאָס לעבן פון עמיגראַנטן, דער זעל־ביקער ניוואָ פון לעבן, האָט אויף זיי אַרויפגעצויגן עפּעס ווי איין הויט. זיי זענען שטענדיק געקומען אין גרופּן, זיך געהאַלטן צוזאַמען ווי אַ סטאַדע. מען האָט זיי זעלטן אינדיווידועל אויסגעשיילט, מען האָט זיי געקענט און טראַקטירט ווי אַן איינהייט. די קאָלעקטיוויסטיש־לינקע אידעאָלאָגיע האָט נאָך מער צוגעגעבן צו זייער פּנים שותפותדיקייט.

צו אָט דער גרופּע האָט אויך געהערט זיינוול דיאַמאַנט, דער מחבר פון „אויף אַלע ווינטן", וועלכער וווינט אַצינד אין ניו־יאָרק.

איך האָב זיך מיט דיאַמאַנטן געטראָפן אין אָט די קאַפעס, אים געקענט ווי איינעם פון דער גרופּע. קיין שום באַזונדערע שרייבערישע אויפטוען פון אים אין יענער צייט זענען מיר נישט געבליבן אין זכרון.

איך באַגעגעניש מיט אים, וואָס איז געווען די לעצטע ביז נאָך דער מלחמה, דערמאָנט זיך מיר: דאָס איז געווען אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה. סוף 1939 אָדער אָנהייב 1940. פון פּוילן האָבן צו אונדז

דערגרייכט איובס שורות, אָבער געגנוג מטושטשדיק. מיר דאָ אין פראַנק־רייך האָבן נאָך געלעבט מיט די אילוזיעס פון דער „מאַזשינאָ־ליניע" און מיט דער גלייכגילטיקייט, וואָס עס האָבן גורם געווען די פראַנצויזיש־ענגלישע קריגס־קאָמוניקאַטן, וואָס האָבן געהאַט אַלע טאָג דעם זעלביקן אינהאַלט: אויף די פראָנטן לייכטע פּאַטרולן־איבערשיסונגען...

בײדע האָבן מיר געטראָגן מיט סאָלדאַטישן שטאָלץ און שפּאָרער נאַיווקייט גאַז־מאַסקעס אויף אונדזערע פּלייצעס, שיף פּאַרלייגט ווי ביקסן. מען האָט זיך געוואָלט איינרעדן, אַז יאַקאַש וועט עס שוין אַזוי דורכגיין אין פראַנקרייך.

די אילוזיעס האָבן געפּלאַצט אין מאַי 1940, ווען די פראַנצויזישע אַרמיי, אַ דעמאָראַליזירטע דורך דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אַ פּאַרראַטענע דורך די פאַשיסטן, האָט גלייך אָנגעהויבן לויפן, נאָכן ערשטן אָנגריף פון נאַצישן שונא, און אַ מיליאָניקע באַפעלקערונג — נאָך איר, אָנפּראַפּנדיק אַלע וועגן און שאָסייען מיט אַן אומבאַשרייבלעכן גרויסן כאַאָס. די מיליאָניקע מאַסע איז ווי אַ זיך קויקלענדיקער שניי־קויל, געוואַקסן אין דער מאָס, ווי דער שונא האָט זיך דערנענטערט צו דער הויפּט־שטאָט, זי אַריבער און געיאָגט צום צענטער און פון צענטער צו דרום.

די דאָזיקע געשעענישן האָבן דעמאָלט אויך צעיאָגט און צעפּלאָשעט די גרופּע — זה בכה וזה בכה. אַ טייל איז אַריינגעפאַלן אין מיליטערישער געפאַנגענשאַפט, אַ טייל אין באַהעלטעניש, אַ טייל איז געלונגען צו אַנט־לויפן קיין אַמעריקע און דער רוב איז פאַרשוווּנדן אין די טויט־לאַגערן.

דיאַמאַנט איז אַוועק אין דער אַזוי־גערופענער „פרייער זאָנע" אין דרום. ווען אויך די זאָנע איז סוף 1942 געוואָרן אָקופּירט, איז אין אַ טייל פון איר געשאַפן געוואָרן אַן איטאַליענישע זאָנע, וואָס איז פאַר יידן געווען אַ ישועה נישט בלויז לגבי די דייטשן, נאָר אויך לגבי דער ווישי־פּאָליציי.

ווען די איטאַליענער האָבן קאַפּיטולירט אין 1943, זענען די דייטשן אַריין און גלייך איינגעאָרדנט אַ ווילד געיעג איבער די אומגליקלעכע יידן, וואָס זענען פון איין טאָג אויפן צווייטן אַריין אין זייער פאַסטקע. טויזנטער און טויזנטער זענען דעמאָלט אַוועק אויף די וועגן פון אומקום.

דער רוב נאָוועלן פון ערשטן טייל פון דיאַמאַנטס בוך איז נוגע דער

דאָזיקער שרעקלעכער תקופה פון צעיושעטער חיהשקייט מצד די דייטשע רויבער און זייערע פראַנצויזישע מיטהעלפער, פון איין זייט; פון וואַרע־מער, מענטשלעכער באַטייליקונג אין די ליידן פון יידן — פון דער צווייטער זייט.

שפּעטער איז דיאַמאַנטן מיט זיין משפחה געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אין דער שווייץ, ווו ער איז געבליבן אויך עטלעכע יאָר נאָך דער מלחמה, ביז צו זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע.

אָבער פאַר זיין אָפּפאָרן פון אייראָפּע האָט ער אין פּאַריז פאַרעפנטלעכט אַ בוך נאָוועלן „אונטערן האַקנקרייץ" (פאַרלאַג א. ב. צעראַטאַ), וואָס האָט שוין דעמאָלט באַוויזן, אַז די צייט און די נסיונות האָבן אים רייף געמאַכט, אַז די צייט פון אומפאַרזענלעכן גרופּע־פּנים איז שוין אויף אייביק פאַרשוווּנדן און פון איצט אָן האָט זיינוול דיאַמאַנט אַן אייגענע שרייבערישע פיזיאָגנאָמיע, אַן אייגענע קינסטלערישע פּען.

איצט נאָך עטלעכע דיאַמאַנטס אַמעריקאַנער יאָרן, ליגט פאַר מיר זיין ניי בוך „אויף אַלע ווינטן" (דערשינען אין ציקאָ־פאַרלאַג און פּרעמירט געוואָרן אין מעקסיקע), ווו אַלע איבערלעבענישן אין פראַנקרייך האָבן קינסטלעריש אויפגעטויכט אין זיין זכרון און נאָכן גענים פון דער נייטיקער פּערספּעקטיוו פון צייט און אָרט, האָבן זיי באַקומען זייער ליטעראַרישן תיקון.

אין צווייטן טייל פון זעלביקן בוך, וואָס הייסט „נאָכן שטורעם", שילדערט דער מחבר אין עטלעכע גרעסערע און קלענערע נאָוועלן מיט אַ סך וואַרעמקייט און איידעלן הומאָר, דעם אָנקום פון די שארית הפליטה פון אייראָפּע אין רייכן און זאַטן אַמעריקע און די אַמעריקאַנער יידישע וועלט, אין וועלכער זיי קומען אַריין און וואָס נעמט זיי אויף.

די ערשטע נאָוועלע „דער וועג צו אייביקייט", מיט וועלכער דאָס בוך עפנט זיך, איז אַ מין הקדמה, ווי אַן אַריינפיר אין דער אַטמאָספער פון יידישן עמיגראַנטיש־באָהעמישן לעבן אין פראַנקרייך. זי באַהאַנדלט טאָקע די גרופּע שרייבער און זייערע שרייבערישע באַציאונגען. זי איז געשריבן מיט אַ סענטימענטאַלן לייכטן הומאָר. זי געהערט נישט צו די

שטאַרקסטע פונעם בוך, אָבער דער מחבר האָט דאָ זיכער געוואָלט אָפּצאָלן אַ חוב זיינע לעבעדיקע און פאַרשווונדענע קאָלעגן־קדושים.

די צווייטע „אונטער שטויב פון דורות", איז אַ זייער גוטע שילדערונג פון דער פּסיכיק פון פראַנצויזישע יידן, אויף וועלכע דער היטלעריזם איז געקומען ווי אַ פּלוצימדיקע צערודערונג, אָן צו וויסן פון וואַנען דאָס אומגליק איז אַראָפּגעפאַלן. אָבער געוויסע אינטעלעקטואַלן, אַנשטאָט צו אַנטלויפן פון דער סכנה, פון יידישקייט, דיקטירט זיי זייער געוויסן איר אַקעגנצוגיין. זיי הייבן אָן נישטערן אין די אַלטע אַרכיוון און ספרים־אוצרות פון זייערע אָבות צו געפינען אַ באַשייד און אַ באַרעכטיקונג פאַר דער לכתחילה זיי אַנגעוואָרפענער, אָבער שפּעטער אַקצעפּטירטער יידישקייט.

אַ מוסטערהאַפטע שילדערונג גיט אונדז דער מחבר פון דער אַלטער פראַנצויזישער פאַרשטויסענער און פאַרוואָרלאָזטער ווילע, אין וועלכער עס האָבן זיך אַריינגעקליבן די צוויי יידיש־פראַנצויזישע אינטעלעקטואַלן, צוויי ברידער, איינער אַ באַרימטער כירורג, דער צווייטער אַ גרויסער שריפטשטעלער. זיי קומען דאָרט אַהין זוכן אַ ביסל גייסטיקע רו און איבעראָריענטירונג פון זייער לעבן. די גאַנצע שילדערונג, וואָס איז אגב זייער רעאַל פאַר די, וואָס קענען די אָפּגעלעגענע שלעסער, פּאַלאַצלעך אין פראַנקרייך, פּאַסט איינצייטיק זיך גוט צו דער אַטמאָספער פון פאַרוואָרלאָזטער יידישקייט, וואָס די צוויי אינטעלעקטואַלן אַנטפּלעקן פּלוצים ביי זיך.

עס זענען נאָך דאָ עטלעכע זייער פיינע נאָוועלן, וואָס גיבן איבער די שטימונג פון דער אָקופּאַציע־צייט, ווו די חיהשע שנאה און טיף־מענטשלעכע באַציאונג האָבן זיך געקרייצט. מאַנכע פון די דערציילונגען זענען אַ ביסל צו מעלאָדראַמאַטיש.

אַ שטאַרקן רושם מאַכט די דערציילונג „הלווית המת". זי איז, אגב, אויטענטיש און אויך דער נאָמען איז אויטענטיש. איך האָב דעם איינציקן באַגלייטער פון דער לוויה, אויף וועלכער ער איז טאַקע געכאַפּט און דעפּאָרטירט געוואָרן, זייער גוט געקענט. ער האָט מיר פּערזענלעך אַ סך געהאָלפן איבערקומען די שווערע צייטן פון אַ באַהאַלטענעם ייד. זאָל טאַקע זיין נאָמען דאָ געהייליקט ווערן.

פון די נאָוועלן פון צווייטן טייל, זעט מיר אויס צו זיין די בעסטע „דער נדר", ווי כ׳האָב שוין אויבן דערמאָנט, ווערן דאָרט געשילדערט טיפּן פון יידן, אַרויסגעראַטעוועטע פון היטלערס מדורי גיהנום און אָנגעקומענע קיין אַמעריקע. דער שרייבער גיט אַ געלונגענע שילדערונג פון דעם אויסטערלישן פּנים, וואָס עס נעמען דאָרט אָן די פּערזענלעכע טראַגעדיעס פון די פּליטים, אויפן פאָן פון דער אַמעריקאַנער ווייטקייט און זאַטקייט. דערביי באַקומען מיר, אגב אורחא, גאַנץ פיינע בילדער פון יידישן לעבן אין אַמעריקע בכלל.

עס זעט אָפּטמאָל אויס, ווי דיאַמאַנט וואָלט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל כאָטש נאָך איין און לעצט מאָל צו פאַרבינדן מיט דער נשמה פון די אַלטע היימען, מיט דעם, וואָס איז נאָך געבליבן פון דער יידישער בענקשאַפט אין די אַלטע עמיגראַנטישע קרייזן פון אַמעריקע.

אין די אַלע נאָוועלן פון דאָזיקן טייל איז די טעמע: דער פּליט־מאַר־טירער אין סתירהדיקן פלאָנטער פון סענטימענטן און פרעמדקייט צווישן זיינע נאָענטע אין קאָלומבוסעס מדינה.

אין די אַלע נאָוועלן ווייזט דיאַמאַנט שטאַרקע קראַפט אַריינצודרינגען אין די מענטשלעכע געפילן, וואָס צוזאַמען מיט זיין טאַלאַנט פון שילדערן כאַראַקטערן און סיטואַציעס, גיבן זיי דעם גאַראַנטירטן זיווג פון אַן אָנגע־נעמען דערציילער.

1958

# ש. בערלינסקיס אוניווערס

אין יאָר 1956 איז אין אַרגענטינע, אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום", דערשינען אַ בוך דערציילונגען „ירושה" פון ש. בערלינסקי. דאָס בוך איז שפּעטער פּרעמירט געוואָרן דורך דעם קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

אָנהייב 1958 האָט דער פּרץ־פאַרלאַג אין תל־אביב פאַרעפנטלעכט פון זעלביקן מחבר אַ באַנד „בילדער און דערציילונגען". די בילדער, וואָס זענען אַ 40 אין צאָל אויף אַן ערך פון 120 זייטן פון די 245, וואָס דאָס בוך אַנטהאַלט, זענען נוגע ישראל, ווו דער שרייבער ש. בערלינסקי האָט גע וווינט און געשאַפן זינט אַ 10 יאָר. אויף ווייטערע 70 זייטן פונעם בוך זענען צונויפגעזאַמלט אונטערן נאָמען „וואָגל" פיר גרעסערע דערציילונגען פון די וואַנדער־יאָרן אין רוסלאַנד בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. די איבעריקע זייטלעך פון בוך זענען אויסגעפילט מיט עפּיזאָדן און קורצע דערציילונגען פון דער אַמאָליקער היים און טאַקע אונטערן נאָמען „היים" זענען זיי צונויפגעזאַמלט.

דער טיטל פון בוך „בילדער און דערציילונגען" מיינט צו באַצייכענען אַ ליטעראַרישן זשאַנער, אָבער ווען מען זאָל ווען די אַלע קלענערע און גרעסערע זאַכן פון בוך קוואַליפיצירן לויט זייער אינטימער זייט, וואָלט זיך בעסער געשיקט זיי אָנצורופן „איינדרוקן און איבערלעבענישן"; אַזוי פערזענלעך זענען די בילדער און אַזוי רעאַל זענען די דערציילונגען פאַקטיש — זכרונות.

אגב, ש. בערלינסקי דערציילט כמעט תמיד אין דער ערשטער פערזאָן. זיין „איך" שטייט אין צענטער כמעט פון אַלע בילדער און דערציילונגען. זיינע „בילדער" זענען אינדיווידועלע זעענישן, אימפּרעסיעס, שאַרפאויגיקע, אויסגעשניטענע פון חלל לויט אַן אייגענעם קוק־ווינקל, מיט אַן אייגענער, זייער פערזענלעכער קאָנטורן־פאָרמירונג.

די גרעסערע דערציילונגען זענען, ווי געזאָגט, פּאַקטיש — זכרונות, אָבער זיי, די רעאַלע זכרונות, לאָזן גענוג אָרט פאַר זייער מחבר זיי צו באַהויכן מיט אַ קינסטלערישן אָטעם, זיי איינצוטונקען אין אַזעלכע ריחות און פאַרבן, וואָס טראַנספאָרמירן רעאַליטעט אין סובלימער קונסט.

זיינע גרעסערע דערציילונגען באַווייזן, אַז בערלינסקי קען זיך אויך ספּראַווען מיט מענטשן, אָבער ליבער-זענען אים, דאַכט זיך, קורצע קינסטלעריש-פילאָזאָפישע טראַכטענישן, מיניאַטורן, ווו דער בין אדם לחברו עקזיסטירט נישט, נאָר ער אַליין איז דער העלד און דער אָבסערוואַטאָר און ווו ער האָט בלויז זיך צו ווענדן צו די אייגענע פּאָטענצן, כדי אַרויס-צוברענגען שאַרפע זעענישן, אין וועלכע ער אַליין, דער מחבר, איז אַלץ, דער אָביעקטיווער זעער און דער סוביעקטיווער פאַרטייטשער.

אין דעם גאַנצן רעשיקן און רוישיקן טעמפּאָ פון אַרבעט אין לאַנד, אין דעם קליפּ-קלאַפּ פון האַמער און טראַקטאָר און אין זיינע סאָציאַלע אָפּ-קלאַנגען, האָט זיך בערלינסקי אין לויף פון דער צייט, וואָס ער איז אין ישראל, נאָך נישט אַריינגעלעבט און איך גלייב, אַז ער האָט אַפילו נישט געפּרוווט זיך אַריינלעבן. אָבער איבער דער נייער היים, וואָס איר ממשות-דיקע אייגנקייט פילט ער מיט אַלע זיינע פילבאַרע רמ״ח איברים, נאָך אַזויפיל יאָרן פון וואָגלעניש און פרעמדעניש, איז ער אַרומגעגאַנגען און מעשה אייגענער, מעשה תושב, זי „באַשמעקט״, באַקוקט, דערזען אירע נאַטור-באַזונדערקייטן, דאָס שפּיל פון קאָלירן, שפּיל פון זון און שאָטן, שפּיל פון ים און באַרג, שפּיל פון זאַמד און שטיין. אין אָט דעם צוזאַמענ-שפּיל האָט ער אין ריינע און דינע וואַריאַנטן געגעבן אין די גוטע פון זיינע בילדער.

בדרך כלל מאַכט בערלינסקי נישט קיין גרויסע שהיות מיטן דערציי-לערישן שטאָף גופא. ער איז נישט קיין צוקלייבער פון ווערטער, נישט קיין פאָרמירער פון געטאָקטע זאַצן, נישט צופיל מפונק אויף סטיל, אָבער ער פאַרגיטיקט אייך מיט דער געשליפנקייט פון בילד, מיט דער שאַרפקייט פונעם פאַרגלייך, וואָס איז קיינמאָל נישט ביי בערלינסקין קיין סתם קאָפּ-ריזנער מעטאַפאָר, נאָר אַ קינסטלעריש-מחשבהדיקער עיקר צו אינטער-פּרעטירן די יצירה און אַנטפּלעקן ס׳געמיט פון קאָסמישע פענאָמענס.

דאָס איז אָבער אַ שרייבערישער מעטאָד, וואָס טראָגט אין זיך פיל סכנות און אָפּטמאָל ווערט טאַקע בערלינסקי געשטרויכלט דורך אָט דער סכנה, ווייל עס טרעפט, אַז די קינסטלערישע קאָמפּעָנסאַציעס, די „פּאַרגיי־טיקונגען" דורכן בילד, האָבן פּאַרפּעלט זייער פּעולה און עס איז געבליבן בלויז דער לייכטער וועג פון אַ לויזער שפּראַך, אויף וועלכער דער מחבר האָט זיך לכתחילה דערלויבט, האָבנדיק דאָס באַוווסטזיין פון זיינע רייכע מעגלעכקייטן אָפּצואָלן די מאַנגלענישן פון פאָרעם דורך קינסטלערישן תוך.

צום גליק איז די צאָל בילדער, ווו געוויסע שפּראַכלעכע מאַנגלענישן ווערן קאָמפּענסירט דורך תוכיקער קונסט, די גרעסטע אין צאָל.

איינע בלויז וועל איך ציטירן ווי אַ ביישפּיל, באַלד פון ערשטן בילד „כנרת", מיט וועלכן דאָס בוך עפנט זיך.

„בלוילעך־מילד איז ער געוועזן אין זיין בעקן, דער כנרת. אַ ליכט האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיין פּאַרב, ווי פון איידלשטיינער; און דורכ־זיכטיק איז ער געוועזן, דער כנרת, אַז עס האָט אויסגעדאַכט, אַז מען קען אַריין אין תוך פון זיין פּאַרב און עס וועט זיך אַנטפּלעקן דער מיסטעריעזער שפּיל פון קאָלירן".

„און דעמאָלט וועסטו קענען אַריין אין אַלע פאַרבאָרגענע קעמערלעך פון דער יצירה. דו וועסט דעם מענטש, דאָס באַשעפעניש, דאָס געוויקס, דערקענען לויט דער פּאַרב. די פּאַרב וועט רעדן, די פּאַרב וועט דערציילן, די פּאַרב וועט עפענען אַלע פאַרבאָרגנקייטן".

דאָס איז גרויס־קונסט, וואָס ווישט אָפּ די מאַטעריעלע קליינקייט פון בערלינסקיס מיניאַטורן. אַזעלכע שאַרפע איינדרוקן האָט איר אין די בילדער „שטראַלן", „פּאַרטאָג אין צפת", „שבת אין ירושלים", „ציפּרעסן", אין דער גרעסערער סקיצע „זאַמד" און אין אַ סך אַנדערע בילדער.

צווישן די דערציילונגען פון דער אָפּטיילונג „אין וואָגל" איז די גרעסטע „אין יענע טעג". זי דערציילט וועגן הונגער און מלחמה־צייט אין וויטן אוזבעקישן סאַמאַרקאַנד.

בערלינסקי צענעמט אים, דעם הונגער, צעגלידערט אַלע זיינע אייגנ־

שאַפֿטן און אָנגריף־מיטלען, וואָס מאַכן אַ פֿיזישן און גייסטיקן תּל פֿון מענטש.

מיר געדענקען ווי האַמסון האָט בשעתו געשילדערט דעם מצב פֿון אַ הונגעריקן יחיד אין אַ זאַטער וועלט. בערלינסקין קומט אויס צו שיל־דערן אַ הונגעריקע וועלט, ווו אַלע ברואים, פֿירפֿיסיקע ווי צווייפֿיסיקע, דער עיקר פֿון צווישן די פּליטים, הונגערן. און עס קיניגט די „לעפּיאָשקע" און מען דינט צו איר. און אין דאָזיקן קעניגרייך האָט זיך בערלינסקי אַריינבאַקומען. ער איז אויסגעלייזט געוואָרן פֿון הונגער, אָבער איז אַריין אין קעניגרייך פֿון קאָרופּציע און מאָראַלישער דעקאַדענץ.

אויף איין אָרט פֿון דער דערציילונג, אינמיטן שילדערן אין אַלע וואַר־יאַנטן די צעשטערערישע אַרבעט פֿון דער חיה „הונגער", דערציילט בערלינסקי:

„איך בלאָנדזשע מיט די אויגן, זוך, זוך. פּלוצלינג כאַפּ איך אַ בליק צו אַ הויז, אַ רויט־ציגלדיק הויז, וואָס די אונטערגייענדיקע זון האָט עס ממש פֿאַרבלענדט. און פֿאַר מיינע אויגן וואַקסט דאָס הויז אויסגעבויט פֿון — ברויט. דאָס איז נישט קיין ציגל, נאָר ברויט. אַזוי זע איך אַזעלכע גלייכע, טונקעלע ברייטלעך, איינס אויף איינס, ביז — דריי שטאָק די הייך. אַ רגע צעשמייכלט זיך מיין בליק, נעם אַ מעסער און שנייד, שנייד דיר אַזעלכע פּעניצלעך פֿון דעם גרויסן הויז".

אין זיין פֿילם „געיעג נאָך גאָלד" גיט טשאַפּלין אין אַ האַלוצינאַציע פֿון הונגער, ווי זיין חבר ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ האָן און ער כאַפּט אַרויס זיין מעסער צו שניידן דערפֿון פֿלייש.

פֿיינער צונויפֿטרעף פֿון קינסטלערישער פֿאַנטאַזיע!

אין דער גרויל־דערציילונג „פּליטים" ווערט אויף סך הכל 12 זייטן מיט גוטע קינסטלערישע מיטלען געשילדערט די אַכזריותדיקייט פֿון צופֿאַל, וואָס איז נאָך מער טראַגיש דערמיט, וואָס דער שוידער נעמט אָן אַ פּנים פֿון חוזק.

מען לויפֿט אין בהלה, מען פֿאַרלאָזט די ברענענדיקע היימען פֿאַרן אָנקום פֿון נאַצישן אָנפֿאַלער. אויף די וועגן פֿאַרבינדט דער גורל מענטשן און צעשיידט זיי באַלד, פֿאַרבינדט זיי און צעשיידט זיי. מען געווינט פֿריינד

און מען פֿאַרלירט זיי אַזוי שנעל און אַזוי צופֿעליק, ווי מען געווינט זיי. אָבער אָט — אַ מיידל, אַ וואָרט, אַ שמייכל און מען באַהעפֿט זיך צו ווערן פֿריינד פֿון וואָגל. אינמיטן דער בהלה פֿאַרבינדט זיך אַ מיסטעריע, מען וואַנדערט צוזאַמען, מען קומט אָן אָוונט־צו צו אַ וואַלד. מען עסט צוזאַמען, מען סדרט צוזאַמען זאַכן און איינדרוקן. מען זוכט אַן אָפּרו. פּלוצים, באַמבעס פֿאַלן. דער וואַלד ברענט, ברענענדיקעביימער פֿאַלן און איינער אַזאַ בוים דערהרגעט ס׳מיידל.

און דאָס איז ערשט דער אָנהייב פֿון וואָגל, דער אָנהייב פֿון אַ לעבן, וואָס וועט הייסן „פּליטים” אין לויף פֿון יאָרן און יאָרן.

בערלינסקי פֿאַרמאָגט שטאַרק־קינסטלערישע פֿאָטענצן און זיי קומען אים אַנטקעגן יעדעס מאָל, ווען ער מאַכט צו זיי אַן ערנסטע ווענדונג.

1958

# עדמאַנד פלעג — דער יידן־באַזינגער אין דער פראַנצויזישער שפּראַך

עס איז אַוועק פון דער וועלט אין טיפן עלטער פון 88 יאָר אַ רעפּרע־זענטאַטיווע פיגור פון פראַנצויזישן יידנטום. דער גרויסער פּאָעט און גייסטרייכער אינטעלעקטואַל, עדמאַנד פלעג.

ער איז געווען פון די יינגסטע יאָרן אָן דער באַזינגער פון יידן און פון יידישקייט, דער אידעאָלאָג פון אַליידישקייט און דער אייגנטלעכער גרינדער און מיטשאַפער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס ווי אַ קאָנקרעטע רעאַליזירונג פון אַ וועלט־יידנטום.

אין הויז פון זיינע עלטערן איז זשענעווע, ווו עדמאָנד פלעג איז גע־בוירן געוואָרן מיט 88 יאָר צוריק, איז די אומגאַנג־שפּראַך און די קולטור געווען אַ פראַנצויזישע, אָבער אַ יידיש־רעליגיעזע טראַדיציע האָט אין אים געבילדעט די אַטמאָספער, זי האָט אָבער נישט גענוגט דעם יונגן גימנאַזיסט צו פאַראינטערעסירן זיך מיט יידישקייט און יידישע פּראָב־לעמען, הגם פון דער נאַטור איז דער יונגער שילער געווען געניגט צו מיסטיק און רעליגיעזיטעט. עס איז אָבער דאָך גענוג געווען, ווייזט אויס, אַז דאָס קוים־פאַרזייטע, מערקווירדיקע קערנדל זאָל שפּעטער טראָגן שפּראָצונג.

אין יאָר 1892 טרעט פלעג אַריין אין „עקאָל נאָרמאַל סופּעריער", פראַנקרייכס העכסטע לערן־אינסטיטוציע, ווו עס האָבן זיך אויספאָרמירט און עס פאָרמירן זיך נאָך איצט אויס די פראַנצויזישע גייסטיקע פירערס, פראַנקרייכס צוקונפטיקע מלוכה־מענער, וויסנשאַפטלער און ליטעראַרישע פּערזענלעכקייטן. זיינע מיטצייטלער און קאָלעגן אויף דער אוניווערסיטעט־באַנק זענען געווען דער באַרימטער קריסטלעכער סאָציאַליסט, פּאָעט און גרויסער יידן־פריינד, שאַרל פּעגי און דער שפּעטערדיקער ליטעראַרישער „יידן־קענער" און אַנטיסעמיט, איינער פון די ברידער טאַראָ.

עס איז געווען די תקופה פון דער „אַפּערע", פון דער דרייפוס־אַפערע, וואָס האָט אַזוי אויפגעקאָכט דאָס דעמאָלטיקע פראַנקרייך, די גאַנצע וועלט, און אַזויפיל אָן תיקון שוועבנדיקע יידישע געוויסנס צוריקגעפירט צום מקור.

ביי עדמאָנד פלעגן איז דער דירעקטער שטויס געקומען פון זיין אינטימסטן חבר, פון וועמען די דרייפוס־אַפּערע האָט געמאַכט אַ צעיו־שעטן אַנטיסעמיט. יענער האָט אים אַמאָל געזאָגט: דו ביסט אַ ייד, אָבער וואָס ווייסטו פון יידנטום? גיי, לערן, לאָז דיך אַראָפּ אין דיינע אייגענע מקורות. ער האָט דערביי געהאַט בייזע כוונות, אָבער פלעג האָט אים געפאָלגט.

בישט זייענדיק געגנוג היימיש מיטן לשון פון גמרא און מדרש צו קענען שעפּן פון אָריגינאַל, טוט ער עס דורך איבערזעצונגען אין אַנדערע שפּראַכן, דער עיקר אין דער דייטשער. ער לאָזט זיך אַריין אין גרויסן ים פון תלמוד, מדרש, אגדה, זוהר, קבלה און חסידות. ווי אַ טויכער אין די טיפע וואַסערן. די גוואַלדיקע מעגלעכקייטן פון אויסטייטשן די הייליקע שריפטן, וואָס די אגדה גיט, איז פאַר אים אַ גוואַלדיקע אַנטפּלעקונג.

איין אגדה מאַכט אויף אים אַזאַ שטאַרקן רושם, אַז ער באַשליסט אַליין צו גיין אין די וועגן פון מדרש. דאָס איז די אגדה וועגן די וואַקלענישן און ספקות פון בורא עולם, צי עס לוינט זיך צו באַשאַפן די וועלט, ווו עס וועלן אויפקומען דער דור הפלגה און דער דור המבול, אָבער ווען כביכול דערזעט די אָבות — אברהם, יצחק און יעקב, באַשליסט ער, זי צו באַשאַפן אין זייער זכות. פלעג הייבט דעמאָלט אַליין אָן זיין מדרש־פּאָעטישע געשיכטע אין דער פאָרעם פון אַ לאַנגן ציקל פּאָעמען, וואָס בילדן די לאַנגע עפּאָפּייע — „הער, ישראל".

ער האָט האָט שוין דעמאָלט — עס איז געווען אין יאָר 1913 — געהאַט הינטער זיך אַ בכבודיקע קאַריערע פון אַ פראַנצויזישן פּאָעט און דראַמאַטורג. דאָס נאַציאָנאַלע פראַנצויזישע טעאַטער „קאָמעדי פראַנסעז" און אַנדערע פּאַריזער טעאַטערן האָבן שוין געהאַט אויפגעפירט זיינע דראַמעס און קאָמעדיעס: „דער סוחר פון פּאַריז", „דעמאָן", „עדיפּ", „דאָס הויז פון גאָט", אַן איבעראַרבעטונג פון „פאַוסט" און אַ נייע אַדאַפּטירונג

פון „מאַקבעט". אָבער די אויפגאַבע פון זיין לעבן זעט ער איצט אין דער־ציילן און באַזינגען די „לעגענדע פון יידישע דורות", ווי ער רופט אויך אָן דעם לאַנגן המשך פון פּאָעמען, אין וועלכע די ערשטע פּאָעמע איז גע־שריבן געוואָרן, ווי דערמאָנט, אין יאָר 1913, און די לעצטע — אין 1948. זיי שטעלן איצט צוזאַמען פיר בענדער: „הער, ישראל", „גאָט איז אונ־דזער", „גאָט איז איינציק" און „דו וועסט ליב האָבן דעם אייביקן". דער לעצטער באַנד איז אויסגעפילט מיט די ימי היטלער און טעג פון גאולה. די גאַנצע אויפלאַגע איז געווען אויסגעשעפּט און אויף דער איניציאַטיוו פון קאָמיטעט צו פּייערן דעם 80־יאָריקן יובל פון דיכטער, איז דערשינען אַ נייע אויפלאַגע אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „עקוט, איזראַעל" (הער, ישראל).

אין דער עפּאָפּייע גייען אַדורך אַלע גרויסע פּערזענלעכקייטן פון אַלע דורות, אויף אַלע געביטן, און יעדעס מאָל זענען זיי אין געענדערטע פאָר־מען די פאַרקערפּערונג פון די אָבות און פון די ערשטע בויער פון פאָלק ישראל. אַזוי, למשל, איז היינריך היינע די פאַרקערפּערונג פון דעם ליריי־קער דוד המלך. אָבער די גרויסע בויערס פון יידישן פאָלק ווערן אין זייערע כסדרדיקע ערדישע אויפטריטן אַליין וואָס אַמאָל מער בלוטלאָז און אַנע־מיש, און עס האַלט שוין דערביי, אַז די שאָל פון כף חובה זאָל אַראָפּוועגן, אָבער קודשא ברוך הוא וואַרפט אויף דער וואָגשאָל פון זכות — די יידישע נגינה, די יידישע מוזיק, די אָן־ווערטערדיקע יידישקייט, און זי גייט אַרויס די זיגערין, דער זכות וועגט אַריבער.

באַקאַנט איז אויך זיין דראַמע „דער ייד פון פויפּסט", וואָס איז אויסגע־פירט געוואָרן דורך דער אַמאָל באַרימטער פּיטאָעוו־טרופּע. דער סוזשעט איז שלמה מולכו אונטערן שוץ פון פּויפּסט און די מאַכינאַציעס פון שאַרל קענט אים אומצוברענגען. פלעג האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ יידישע אַנטאָ־לאָגיע. עס איז אַ גיגאַנטיש ווערק, ווו עס זענען צונויפגעזאַמלט גאַנצע אוצרות פון מיטלאַלטערלעכער און נייער ליטעראַטור ביי יידן אין אַלע שפּראַכן, אין וועלכע זיי זענען געשריבן געוואָרן. ווען איך דערמאָן אים אַנומלט זיינע איבערזעצונגען פון שלום־עליכמען, דערציילט מיר פלעג, אַז ער האָט זיך אין דער תקופה פון דער איבערזעצונג געמוזט כסדר טרעפן

מיט אַן עלזאַסער ייד, וואָס האָט גערעדט אויף אַ משונהדיקן געמיש פון פראַנצויזיש־עלזאַסישן דיאַלעקט און פּסוקים אין העברעיש. דאָס האָט פלעגן געהאָלפן געפינען דעם ריכטיקן טאָן פון טביה דעם מילכיקן.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז מיר אויסגעקומען צו האָבן מיט אים אַ לאַנגן געשפּרעך וועגן יידנטום בכלל און פראַנצויזישן יידנטום בפרט.

איך האָב אים, ווי דער שטייגער איז, געפרעגט וועגן די אויסזיכטן פון פראַנצויזישן יידנטום.

מיטן שמייכל פון אַ זקן, וואָס האָט שוין אַלץ געהערט און אַלץ געזען, ענטפערט ער: ווען איך בין מיט 60 יאָר צוריק געקומען פון דער שווייץ קיין פראַנקרייך, האָט מען דעם פראַנצויזישן יידנטום געשאָנקען נאָך 10 יאָר לעבן, מאַקסימום 20 יאָר. נו, זעט איר דאָך! מיר לעבן און עס וועט זיך אין אונדז ווייטער צו קענען לעבן.

אין משך פון זעלביקן געשפּרעך האָט ער מיר געזאָגט:

איר, יידיש־ריידנדיקע יידן, האָט מיט שפּראַך פאַרזעצט פּרעזערווירט יידישקייט, אָבער איצט גיט איר די שפּראַך נישט איבער אייערע קינדער, און איר זענט מער אויסגעשטעלט אויף דער סכנה פון אונטערגאַנג ווי די פראַנצויזיש־רעדנדיקע יידן. יידישקייט מיינט נישט בלויז עבר, יידישקייט מיינט דער עיקר צוקונפט. אונדזער עולם הבא האָט קיינמאָל נישט געמיינט די וועלט פון נאָכן טויט, נאָר די וועלט פון דער צוקונפט. משיח איז נאָך נישט געקומען. דאָס פּראָבלעם פון אויסלייז שטייט ווידער אין זיין גאַנצער שאַרפקייט. ווידער שטייט די וועלט פאַרן אויסוואַל, וואָס משה רבינו האָט געשטעלט: זעט, איך גיב אייך דאָס לעבן און דעם טויט, דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, ווילט אויס. און אָט זענען מיר ווייטער דאָ. זיין אַ ייד מיינט העלפן דער וועלט דערגרייכן איר צוקונפט. עס איז אַ גענוג נאָבעלע אויפגאַבע, אַז עס זאָל לוינען צו זיין אַ ייד און עס זאָל לוינען מיטצואַרבעטן פאַר דער באַנייאונג פון אַן איינהייטלעכער יידישער גייסטיקייט. איך זע אין דעם איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון אַזאַ יידישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, ווי דער יידישער וועלט־קאָנגרעס.

ער צעפלאַמט זיך, דער זקן־מיסטיקער, קייטלט ווערטער אין ווערטער,

געדאַנקען אין געדאַנקען, און פון אַלגעמיינע פּראָבלעמען גייט ער אַריבער צו פּערזענלעכע.

ער האָט מיר דעמאָלט דערציילט פאַרשידענע פּרטים פון זיין לעבן, פון זיינע פריינדשאַפטן, דער עיקר מיט שאַרל פּעגי. ער האָט גערעדט מיט אַ סך הומאָר און מיט פּיקחות פון אַ יידישן תלמיד חכם.

איצט איז ער פאַרשוואונדן. אָבער אַ פראַנצויזיש יידנטום איז פאַראַן, וואָס שפּינט וויטער אַ יידישקייט אויף איר אייגענעם אופן און וועבט עס אַריין אין דער פּילקאָלירקער וועלט־יידישקייט, וואָס לעבט און שאַפט.

# כתבים פון פאַרמשפּטע צום טויט

(ראַנד־באַמערקונגען צו מ. באָרוויטשס דאָקטאָר־טעזע)

עס האָט געהערט צו די „רייצנדיקע" טעמעס פון די אַמאָליקע גוטע צייטן זיך צו גריבלען אין דער פּסיכיק פון אַ מענטש, אַ פאַראורטיילטן צום טויט, אָדער אַ זעלבסטמערדער. וויפל מייסטער פון דער וועלט־ליטעראַטור האָבן דאָ נישט אויסגעפּרוווט די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס די דאָזיקע טעמע האָט געגעבן זייער טאַלאַנט אַריינצודרינגען אין די טיפענישן פון דער מענטשלעכער טראַגיק, צו אַנאַליזירן די נשמה אין אַנבליק פון די אָפּגרונטן פון טויט. מיט אַ לוקסוס פון פּרטים האָט מען געמאָלט און געשילדערט די וואָכן, די טעג, די שעהן, די מינוטן און סעקונדן פון ערב־טויט און זיך אַפילו פאַרגינען דעם לוקסוס פון געבן... די שטימונגען פון לידיקן חלל פון נאָך־טויט... זיי זענען אַלע געווען אין דער גליקלעכער לאַגע צו קענען בלייבן קינסטלעריש אָביעקטיוו, צו קענען פון אַן אָלימפּי־שערשער הויכקייט נאָכפאָלגן די נשמה־וויבראַציעס פון מענטשנס ערב־טויט און רואיק צו אָבסערווירן די ליידיקע שטילקייט פון נאָך־אומקום...

מיר זענען אַ דור פון „פּריווילעגירטע"... מיליאָנען מענטשן זענען אין פאַרלויף פון יאָרן געווען „מיטן טויט אויף דו" (ווי עס דריקט זיך אויס אין זיין בוך מיכאל באָרוויטש). זייער ערב־טויט האָט זיך געצויגן במשך פון אומבאַשטימטע צייטן, און דער טויט־אורטייל אַליין, הגם אַ געזיכערטער און באַשטימטער, האָט נישט געהאַט פאַר זיך די דאַטע־גרענעץ, וואָס באַשטימט דעם ענדע־עטאַפּ. דאָ האָט זיך מער נישט געהאַנדלט אין דער יחידישער פּסיכיק פון איין־איינציקן פאַראורטיילטן, נאָר אין דער מאַסן־פּסיכיק פון מענטשן, וואָס הויזן כסדר מיטן טויט אונטער איין דאַך, און ביי וועלכע באַדינגונגען! די טאָגביכער, מעמואַרן און געדאַנקען פון די צום טויט פאַרמשפּטע זענען נישט אָבסערווירט געוואָרן און געשריבן געוואָרן דורך „אָביעקטיווע" קינסטלער, נאָר פון זיך אַרויס, פון אייגענע טיפענישן.

זייערע כתבים זענען פאַר זיי געווען דער איינציקערווינקל פון קאָמוני־קירן מיט דער וועלט, פון אַ קאָמוניקאַציע אויסגערעכנט אויף נאָכן טויט. עס איז געווען דאָס איינציקע מיטל זיך נאָך איבערצולאָזן די אילוזיע פון אַ פאַרבינדונג מיט דער וועלט, עס איז געווען דער לעצטער לעבנס־אָפּטי־מיזם פון די טויט־פאַרצווייפלטע.

מיט אָט די כתבים, מיט אַלע מינים ליטעראַרישע, מעמואַריסטישע, פּרימיטיווע און ראַפינירטע, פאַרנעמט זיך מיכאַל באָרוויטש אין זיין גרויס־היקפדיקן און גרויס־תוכנדיקן טעזע־ווערק, „שריפטן פון פאַרמשפּטע צום טויט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע”. די רייד זענען דאָרט וועגן אַלע פעלקער און שיכטן, וואָס האָבן געהאַט די טרויעריקע פּריווילעגיע צו האָבן זייערע פאַרטרעטער אין די טויט־לאַגערן און נאַטירלעך קומט דער אויבן־אָן דעם סאַמע „פּריווילעגירטסטן” פאָלק, פאַר וועמען זייערע לעבנס־ערטער גופא, די שטעט און שטעטלעך זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גיהנום און טויט־פלעצער.

עס איז נאָך מסתם צווישן די הויכע ווענט פון דער ערנסטער און בכבודיקער סאָרבאָנע ביז איצט נישט קיין סך גערעדט און געהערט געוואָרן וועגן דער „טעמע” יידן אין מזרח־אייראָפּע אונטערן נאַצישן שטיוול. און אפשר נישט קיין סך מער וועגן דעם, וואָס איז געשען מיט יידן אין דעם זעלבן פּעריאָד אין פּאַריז גופא. די טעמע איז זיכער נאָך נישט גענוג וויסנשאַפטלעך רייף פאַר היסטאָריקער, וועלכע האָבן ליב צו רעדן און שרייבן וועגן אַ טויט, וואָס געהער שוין צום טויט, און נישט וועגן אַ טויט, וואָס געהער נאָך צום לעבן...

עס וועט זיין איינער פון די פאַרדינסטן פון מיכאַל באָרוויטש צו האָבן אַריינגעפירט דעם „לעבעדיקן טויט”, דעם אַקטועלן, צווישן די אייביקייטס־ווענט פון פאַריזער אוניווערסיטעט, צו האָבן געצוווּנגען עטלעכע פּראָ־פעסאָרן, אויסצוהערן און צו דעבאַטירן איבער אַ טעמע, וואָס אונדז אַלע־מען גיט זי נישט מער קיין מנוחה און לאָזט די „אַנדערע” — דעם רוב פון דער וועלט — אין אַ סטאָאישער אַפּאַטיע.

און אויב די אַרבעט וועט — ווי מיר האָפן — פאַרעפנטלעכט ווערן, מיט דער אונטערשטיצונג פון פאַריזער אוניווערסיטעט, און אויב די

400 העקטאָגראַפישע זייטן פון אַ גרעסערן פאָרמאַט וועלן אַמאָל ביי עט־לעכע טויזנט מענטשן צורויבן זייער אַפּאַטישע רו, וועט דעמאָלט נישט בלויז באָרוויטש האָבן זיין סאַטיספאַקציע, נאָר אפשר יענע טויזנטער בלאָנדזשענדיקע נשמות פון די אַנאָנימע און באַקאַנטע מחברים, וואָס האָבן אין אַנבליק פון טויט נאָך געגלייבט אין אַ וועלט פון יושר און צו זיי געווענדט זייער וואָרט.

מ. באָרוויטש האָט אויסגעלייזט דאָס וואָרט פון די פאַרפייניקטע, וואָס איז געפאַלן אין טויבן און טויטן חלל אַריין... עס איז איצט די אויפגאַבע פון דער עפנטלעכקייט עס נאָכאַמאָל אויסצולייזן און עס דערלאַנגען די ברייטע לייענער־קרייזן, דווקא איצט, דווקא 10 יאָר נאָך די געשעענישן, דווקא איידער זיי הייבן זיך אָן פאַרדעקן מיט דער הויט פון היסטאָרישקייט און פאַרגעסנקייט.

מיכאַל באָרוויטש, ווי די טעמע באַווייזט עס, פאַרנעמט זיך נישט — יעדנפאַלס, נישט דער עיקר — מיט די געשעענישן אַליין, נאָר מיט זייער אָפּשפּיגלונג אין די כתבים פון די לאַגער־ און געטאָ־מענטשן, אויף וויפל זיי האָבן צו אונדז דערגרייכט. ער אַנאַליזירט די סיבות, וואָס האָבן געפירט דווקא די פאַרצווייפלטע צו אַזאַ גייסטיקער פּראָדוקטיווקייט. ער אַנאַליזירט די פּסיכיק פון די אינטערנירטע, זייערע אופנים פון רעאַגירן, אַ מאָל דורך גאַלגן־הומאָר, אַ מאָל דורך סאַטירע, אַ מאָל דורך פאַרביטערונג. און נישט בלויז וועגן זייער שרייבן רעדט ער, נאָר אויך וועגן זייער רעדן. דער ספּע־ציעלער „זשאַרגאָן", וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט צווישן די קאַנדידאַטן אויפן טויט. זייערע אויסדרוקן, זייערע וויצן, זייערע אָנפאַלן און היסטע־ריעס, וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק דורך די פּרימיטיווסטע לידער פון די געטאָ־טרובאַדורן ביז צו די ראַפינירטסטע פּאָעמעס פון די בעסערע פּראָפעסיאָנעלע שרייבער.

ביי אַנדערע, ביי יחידים און גרופּעס פון אַנדערע פעלקער, איז דער דורשט צום שרייבן נישט געווען אַזוי גרויס. און דאָרט ווו ער איז געווען, איז עס געקומען פון אַ פּערזענלעכן דראַנג צו אינפאָרמירן, צו „פאַר־לענגערן" דאָס לעבן, אַראָפּצורעדן זיך. אַנדערש איז עס געווען ביי יידן, איבערהויפּט אין עטאַפּ פון די גרויסע דעפּאָרטאַציעס. ווען עס איז קלאָר

געוואָרן, אַז „אפילו קיין נס קען שוין אויך נישט געשען". דער חשק צום פּאַראייביקן איז געווען פּראָפּאָרציאָנעל צו דער זיכערקייט פון טויט. וואָס זיכערער דער אומקום, אַלץ מער ווילן מקיים צו זיין דעם והגדת לבנך, למען ידעו. מען האָט געזען, זאָגט באַרוויטש, אַז „עס וועט קיין יורש נישט בלייבן" און מען האָט אָנגעהויבן איבערלאָזן שריפטלעכע יורשים.

באַרוויטש האָט אין זיין ווערק געלאָזט שווייגן זיינע אייגענע איבער־לעבענישן, און זיך געווידמעט טריי די אויפגאַבע צו זיין דער פירשפּרע־כער און פאַרשטייער פון די אַנדערע, וועמענס וואָרט קען מער נישט געהערט ווערן.

זייער אינטערעסאַנט זענען די קאַפּיטלעך וועגן הומאָר אין די געטאָס און לאַגערן. ער אַנאַליזירט נישט בלויז די ווערק פון קרבן, נאָר אויך די דאָקומענטן פון תלין. זייער אופן פון איבערגעבן די פאַקטן און באַריכטן צו דער העכערער מאַכט. דאָ זוכט באַרוויטש אַפילו אַ זכות אויפן תלין, וועל־כער שעמט זיך, לויט זיין מיינונג, אָנצורופן אין אָפיציעלע דאָקומענטן, די זאַך ביים אמתן נאָמען, איך מיין אָבער, אַז די דאָזיקע „קאָרעקטקייט" וואָרצלט גיכער אין ציניזם פון מערדער. עס איז דער זעלבער ציניזם, וואָס האָט זיי געמאַכט אָנרופן די גאַז־קאַמערן מיטן נאָמען „באָדע־אַנשטאַלט" און אויפשרייבן אויף די טויערן פון די טויט־לאַגערן: „אַרבייט מאַכט פריי".

אין קאַפּיטל „אונדז און די אַנדערע" ווייזט זיך באַרוויטש אַרויס פאַר אַ גוטן אַנאַליטיקער פון דער מאַסן־פּסיכאָלאָגיע. דאָס איזאָלירטע לעבן פון די אינטערנירטע, האָט פאַר זיי געשאַפן פאַרשידענע טייטשן פאַרן „אונדז" און פאַרן „זיי". אַ מאָל האָט עס אין אַלגעמיינעם זין אַרומגענומען די צע־טיילונג פון פרייע און אינטערנירטע, אָבער צומייסטן האָט עס באַקומען אַ ספּעציעלן מער דעטאַלירטן אינהאַלט, ווי: מיר יידן און די אַנדערע; אַ מאָל: מיר העלדן, מיר מאַרטירער, און זיי, די פּייניקער; אַ מאָל: מיר די אונטערטעניקע און זיי, די געהילף־תלינים, די מאַכטהאָבער אין לאַגער גופא.

דאָס ווערק איז ברייט דאָקומענטירט, אָבער נישט דאָס מאַכט זיין ווערט. זיין ווערט באַשטייט דערין, וואָס באַרוויטש ווי אַ מענטש, וואָס האָט אַליין דאָס אַלץ איבערגעלעבט, קען די דאָקומענטן לייענען. ער קען און

דערקענט זייער באַדייט. אינטערעסאַנט איז די באַמערקונג, וואָס באַרוויטש מאַכט, אַז קיינמאָל האָט זיך נישט געטראָפן, אַז איינער פון די סאַדיסטן, פון די שלעגערס און „עלטסטע", זאָלן זיך נעמען צום שרייבן. דאָס באַ־ווייזט, אַז אין שרייבן אַליין איז שוין געלעגן אַן עטישער פּרינציפּ, אַ באַ־ווירקט ווערן דורך אַ מאָראַלישער טרייבקראַפט.

באַרוויטש, הגם אַ דיכטער (ער האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער לידער) האָט דאָ, אין דאָזיקן ווערק, זיך קאָנצענטרירט אין וויסנשאַפט־לעכער פּעדאַנטישקייט. די פּראָפעסאָרן האָבן אים דערפאַר געגעבן סמיכה אַלס דאָקטאָר וויסנשאַפטלער. מיר וועלן אים געבן סמיכה ווי אַ שריפט־שטעלער, וואָס האָט באַרייכערט די חורבן־ליטעראַטור מיט אַן אָריגינעלער און אינטערעסאַנטער טעמע, וואָס איז סטימולירט געוואָרן — מיר זענען דעריין זיכער — נישט בלויז דורך וויסנשאַפטלעכע טרייב־כוחות, נאָר דורך אַ מאָראַלישן באַגער, צו זיין דער וואָרטזאָגער און פאַרטייטשער פון די איבערלעבענישן און געדאַנקען פון די, וואָס זענען דורך דער האַנט פון אכזר פאַרשטומט געוואָרן.

1953

*

אין צווישנצייט האָט אויך באַרוויטש אָנגעהויבן אַ דריי־בענדיק ווערק „אויף אַרישע פּאַפּירן", וואָס צייכנט זיך אויס מיט די אַלע מעלות פון אַ פּסיכאָלאָג און שריפטשטעלער, וואָס מיר געפינען אין דעם טעזע־ווערק „כתבים פון טויט־פאַרמשפּטע". מיטן דאָזיקן ווערק גייט אויך באַרוויטש, דער פּוילישער און פראַנצויזישער שריפטשטעלער, אַריין אין דער יידי־שער ליטעראַטור ווי אַ בן־בית.

## „עמיל זאָלאַ" פון יעקב צינעמאַן

נאָכן שילדערן אין זיין בוך „אין רבנישן שאָטן" די אָנהייבן פון קאַרל מאַרקסן אויפן וועג משפּיע צו זיין — ווי אַ סאָציאָלאָג, פילאָזאָף און קעמ־פער — אויפן גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע; נאָכן דערציילן דאָס לעבן, די אידעען און די וויזיעס פון גרויסן ציוניסטישן שעפער און מנהיג ד"ר הערצל, אונטער וועמענס אינספּיראַציעס און איינפלוסן עס שאַפט זיך אין אונדזערע אויגן די יידישע מדינה, האָט אונדז יעקב צינעמאַן געגעבן אַן אינטערעסאַנט בוך וועגן לעבן און קאַמף פון גרויסן פראַנצוי־זישן שריפטשטעלער און ליידנשאַפטלעכן אמת־זוכער אין דער ליטעראַטור און אין לעבן — עמיל זאָלאַ.

דער סדר לויט וועלכן דער היסטאָריקער און דערציילער יעקב צינע־מאַן האָט אויסגעוויילט זיינע „דריי לעבנס" איז, מיין איך, אַ געלונגענער. ווי קאַרל מאַרקס, וועלכער האָט פאַר זיינע סאָציאַליסטישע לערעס זיך געשאַפן אַ וויסנשאַפטלעכע באַזע, האָט אויך עמיל זאָלאַ ליב געהאַט זיינע ליטעראַרישע געביידעס צו באַזירן אויף וויסנשאַפטלעכע פונדאַמענטן; ווי מאַרקס האָט אויך ער געהאַט אַ נייגונג צום מאַטעריאַליזם, וואָס האָט זיך אין דער ליטעראַטור אויסגעדריקט אין אַן עקסטרעמען נאַטוראַליזם; און ווי דער שעפער פון מאָדערנעם ציוניזם ד"ר הערצל, וועמען דאָס בילד פון דער שענדלעכער דעגראַדאַציע פון אומשולדיקן יידישן קאַפּיטאַן, האָט אויף אייביק באַקערט צום געדאַנק פון אַ יידישער מדינה, האָט אויך די דרייפוס־אַפערע געמאַכט פון זאָלאַן אַ קעמפער קעגן אַנטיסעמיטיזם און אַנטי־יידישע פאַרפאָלגונגען. און כאָטש עמיל זאָלאַ איז עס ערשט געוואָרן אין סוף פון זיין לעבן, און כאָטש דער קאַמף פאַר דער רעהאַביליטירונג פון דרייפוסן איז פאַר דעם גרויסן שרייבער בלויז געווען אַן עפּיזאָדישער, אַריינגעפּאַסט אין די ראַמען פון זיין גרויסן קאַמף פאַר יושר און גע־רעכטיקייט בכלל, האָט אים דאָס יידישע פאָלק אויף אייביק פאַרגעדענקט

זיין מוטיקן קאַמף, זיין אידענטיפיצירן זיך מיט די ליידן פון יידישן מילי־טער־מאַן ביז צום נעמען אויף זיך פאַרפּאַלגונגען און גלות און אים אַריינגעשריבן אין זיין געשיכטלעכן ספר הזכרונות מיט גאָלדיק־פייערדיקע אותיות.

פאַר יעקב צינעמאַן האָט נאָך די פּערזענלעכקייט פון עמיל זאָלאַ געהאַט, מיין איך, אַ באַזונדערן רייץ, ווייל אויך ער אַליין — אונדזער מחבר — האַלט אין גרויס חשיבות די וויסנשאַפט ווי אַ יסוד צו יעדער סיסטעמאַטיזירטער שאַפונג. און ער האָט אויך ליב אונטערצוהאַלטן דאָס דערציילטע דורך אַ רייכער און זאַכלעכער דאָקומענטאַציע, וואָס איז, אגב, פאַר אַ היסטאָריקער פון שניט יעקב צינעמאַן, מער ווי נאַטירלעך.

דאָס בוך „עמיל זאָלאַ" איז זייער וואַרעם און מיט אַ סך טאַלאַנט אָנגעשריבן. דער סטיל — אַ קלאָרער, דער בוי — אַ גוט געסדרטער.

עס איז בכלל אַ גאַנץ געראָטענער זיווג צו זיין אַ היסטאָריקער און דערציילער. איז דאָך שוין דאָס וואָרט גופא „געשיכטע" כוללביידע באַגריפן פון היסטאָריע און פון דערציילונג.

דער מחבר איז דאָ נישט אויסן צו געבן אַ ריין־קינסטלעריש בעלעט־ריסטיש ווערק. ער באַהעפט פשוט די עלעמענטן פון פּרעציזער מיט בעלעטריזירטער געשיכטע ווו דאָס געשיכטלעכע דריקט זיך אויס אין אַ גוט און פּליסיק געקליבענער דאָקומענטירונג און דאָס בעלעטריזירטע אין אַ גוטער קאָנסטרוקציע און אין אַן אָנגענעמען אופן פון דערציילן.

יעקב צינעמאַן האָט אין זיינע נאָכמלחמה־יאָרן אין פּאַריז דורכגע־מאַכט צוויי פּערזענלעכע מעטאַמאָרפאָזעס און ביידע צוזאַמען האָבן אונדז אין רעזולטאַט געגעבן אַ פיינעם, שטאַרק פּראָדוקטיוון מחבר פון יידישע ביכער.

פון אַ סטריקטן, וויסנשאַפטלעכן היסטאָריקער האָט זיך יעקב צינעמאַן דעראָבערט צו אַ היסטאָריקער־דערציילער ; פון אַ שרייבער אויף העברעיש און פּויליש האָט זיך יעקב צינעמאַן דערשלאָגן צו ווערן אַ יידישער טאַלאַנ־טירטער שפּרודלדיקער שרייבער. אַ קינסטלער ? אין דער אמתן איז קונסט נישט מן השמים, זי איז מענטשלעך נאָך מער. די איינציקע און

אמתדיקע דעפיניציע פון קונסט איז דאָס, וואָס זי איז מענטשלעך, מענטש־לעכע שעפערישקייט.

צינעמאַן לאָזט אויף איין אָרט פון זיין בוך זאָגן עמיל זאָלאַן, אַז ער האָט נישט געהאַלטן, אַז קונסט, ליטעראַטור איז בלויז שכינה. ניין, עס איז אַרבעט פּליוס אינספּיראַציע. עס איז טאַלאַנט פּליוס רוח הקודש, און יעקב צינעמאַן האָט אַ היפּשן דערציילערישן טאַלאַנט. ער איז איבער־הויפּט אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, ער אָרגאַניזירט גוט זיינע מאָנאָגראַפיעס, ער זאַמלט, ער האָרעוועט, ער באַקענט זיך גוט מיטן געזאַמלטן מאַטעריאַל, דערנאָך סדרט ער עס, דערציילט עס מיט אַ סדר, מיט אַ גוטן זין פאַר אָרדענונג, פאַר געשיכטע, פאַר פּסיכאָלאָגיע פון יחיד און פון מאַסן. און דער היסטאָריקער אין אים העלפט אים גוט צו. דער עיקר ביים באַנעמען און דערקלערן די סאָציאַלע פענאָמענס און זייער השפעה אויף דער פּסיכיק פון שעפערישן יחיד און אויף דער איינפלוס־אויסאיבנדיקער מאַסע.

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָב איך געלייענט אין משך פון עטלעכע נעכט דאָס לעבן פון עמיל זאָלאַ, זיינע קינדער־יאָרן, זיין ליבע צו אַרבעט, זיין ליטעראַרישער אויפשטייג, זיין אינטימס לעבן, זיין שרייבערישע אַנט־וויקלונג און די קנאה און שנאה אַרום אים, זיינע פריינד און זיינע אָפענע און באַהאַלטענע פיינט, זיין טאָפּלט פאַמיליע־לעבן און דאָך בלייבן באַלע־באַטיש אין זיין נאַטור. עס איז געלונגען דעם מחבר אָנצוקייטלען עפּיזאָד נאָך עפּיזאָד, צו פאַרבינדן און אָקעגנצושטעלן דעם אינעווייניק (אַלע פאַר־שידענע אינעווייניקס: די אָרעמע און די רייכע, די פון דער פרוי און די פון דער געליבטער) און דעם אויסנווייניק (אַלע אויסנווייניקס, זיינע באַ־ציאונגען מיט דער וועלט, מיט די פאַרלאַגן, מיט די קריטיקער און מיט די פריינד). און פון זיי אַרויסציען דעם מענטש, דעם בשר־ודם, וואָס באָדט זיך אין כל־טוב, ליטעראַרישן נחת, און די נשמה, וואָס פייניקט זיך פון קליי־ניקייטן.

זאָלאַ קומט דאָ אַרויס נישט בלויז דער ליטעראַרישער גאון, נאָר אויך דער פּשוטער מענטש אין זיינע ענגע ד׳ אמות. ער האָט נישט פיינט קיין געלט און אויך כבוד מיידט ער נישט אויס.

אָבער וואָס ווייטער, וואָס עלטער, שיילט זיך אַלץ מער אַרויס זיין

איידלקייט, זיין אַנטלויפן פון די ערדישע קליינלעכע כיבודים און זיין בלייבן ביז צום סוף דער מעכטיקער אַרכיטעקט פון ריזיקע ליטעראַרישע קאָנסטרוקציעס, וואָס האָבן באַאיינפלוסט די וועלט־ליטעראַטור און איר געגעבן אַ וועג, אַ שולע, אַ בייטראַג, וואָס וועט זיך שטענדיק ציילן צו די גרויסע ליטעראַרישע לייסטונגען אין דער וועלט.

יעקב צינעמאַן, נאָכגייענדיק דאָס דאָזיקע לעבן, עס אונדז איבערגע־בנדיק מיטן סך־הכל און אַנאַליז פון די שאפונגען, האָט אויסגעפילט אַ וויכטיקע ליטעראַרישע שליחות, וואָס האָט זיך נישט בלויז פאַרדינט די אים געגעבענע פרעמיע, נאָר אונדזער אַלעמענס אויפריכטיקן דאַנק. און ער האָט אויך אויסגעפילט אַ בלויז אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט ביז איצט נישט פאַרמאָגט אַזאַ היקפדיק ווערק וועגן עמיל זאָלאַ.

## „ברוך פון אַמסטערדאַם“

מיין ערשטע רעאַקציעביים וואַרפן אַ בליק אויפן שער־בלעטל פון דער שפינאָזאַ־דראַמע איז געווען: מה לכהן בבית הקברות? ווי קומט ח. סלאָוועס צו אַ טעמע פון דראַמאַטישן קאָנפליקט, באַזירט אויפן קאַמף פון יחיד, וואָס פאַרטיידיקט זיינע רעכט פריי צו דענקען און פריי צו פאַר־שפרייטן זיין פרייען געדאַנק קעגן אַ כנופיה פון תקיפים און קנאים? איז ער דאָך אַליין דער שאַרפסטער חסיד פון אַן אידעאָלאָגישער דיקטאַטור, דער פאַרטיידיקער פון דער יעזואיטישער לאָזונג — דער ציל הייליקט די מיטלען? האָט ער דאָך אַליין אַקצעפּטירט אַ פיל שרעקלעכערן חרם ווי דער, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן אויף ברוכן פון אַמסטערדאַם דורך די רבנים פון פאַר 300 יאָר צוריק, דעם חרם קעגן דער עצם־עקזיסטענץ פון אַ יידיש גייסטיק לעבן?

האָב איך אָבער ביי מיר אָפּגעמאַכט זיך נישט צו לאָזן שטערן דורך דער צביעות פון מחבר, וועלכער בלייבט סוף כל סוף מחוץ זיין ווערק, און זיך ווענדן בלויז צום תוכן, פאַר וועלכן איך וועל תמיד קענען אויסגעפינען מיין אייגענעם פּירוש, און זאָל גאָר זיין וואָס צו פאַרטייטשן.

דער מעטאָד פון „כאַפּט דעם גנב“ בעת מען איז אַליין דער גנב, איז דאָך נאָך אַלעמען אַן אַלטער און גוט באַקאַנטער. האָט דאָך שוין די קריסט־לעכע קירך געמאָרדעט און פאַרפייניקט יידן און אַפּיקורסים, אָנשטעלנדיק אַ פּנים פול מיט ליבשאַפט צו דעם „איינעם“ געהאָנגענעם ייד פון פאַר צוויי טויזנט יאָר צוריק! דאָס איז דאָך דער סיסטעם: אכזריות און באַרבאַריי צום לעבעדיקן, צום מיטצייטלער, רחמים און אהבה צום לאַנג פאַרשוווּנ־דענעם; צום נוצרי, צו גאַלילייִ, צו ברוך פון אַמסטערדאַם!

בין איך צו סלאָוועסעס דראַמע אַזוי צוגעגאַנגען ווי צו דער דראַמע פון אַרטור מילער „די מכשפות פון סאַלעם“, ווי צו דער דראַמע פון בער־טאָלד ברעכט „דאָס לעבן פון גאַלילייִ“. ביי די ביידע דערמאָנטע מחברים, מער נאָך ביי ברעכטן, איז געווען גענוג איך זאָל עלימינירן אין געדאַנק

דעם מחבר, אַז איך זאָל בלייבן ביי אַן אינהאַלט, גילטיק פאַר אַלע צייטן און אַלע אומשטענדן. וועל איך דעם זעלבן מעטאָד, אַזוי האָב איך געהאַלטן, אָנווענדן אויך צו דער דראַמע „ברוך פון אַמסטערדאַם": עלימינירן דעם מחבר, האָבן פאַר מיר בלויז זיין טעקסט און זען, וואָס עס וועט מיר בלייבן אַ רעשט פאַר די אייביקייטן.

איך האָב געטראַכט ווי יענץ קינד (מיין אייגנס), וואָס האָט אין דער פינצטערער צייט פון דער היטלער־תקופה אין פראַנקרייך, זייענדיק באַהאַלטן אין אַ קאַטוילישן קלויסטער, אַהיימגעשריבן אַ בריוו צו דער מאַמען, אין וועלכן זי דערציילט, אַז די הייליקע שוועסטער זאָגט מיט איר אַלע טאָג די מאָרגן־תפילה, אָבער זי, דאָס מיידעלע, טראַכט דעמאָלט בלויז פון יידישן גאָט...

איז מיר אָבער דער מעטאָד פון איבערשטעלן כוונות, פון באַטראַכטן דעם טעקסט ווי אַ סימבאָלישן, אונטער וועלכן איך בין באַרעכטיקט צו שטעלן אַנדערע ווערטן, ביי סלאָוועסן נישט געלונגען.

וואָס קענסטו שוין, מ'שטיינגעזאָגט, מאַכן מיט אַ מעלאָדראַמאַטיזירטן ברוך פון אַמסטערדאַם, מיט מענטשן אויסגעטראַכטע, סיטואַציעס אויסגעטראַכטע. הערט אייך גוט איין! נישט פאַרטראַכטע, נאָר אויסגעטראַכטע. פאַרטראַכטע מענטשן און סיטואַציעס זענען מיטלען פון קונסט, אויסטראַכטן מענטשן און סיטואַציעס, לאָגיש און פסיכאָלאָגיש פאַלשע, איז דאָס מיטל פון שונד.

באַלד אין אָנהייב גיט אונדז דער מחבר אַ שמועס צווישן פּרנסים און דערנאָך צווישן שול־שמש און האָלענדישן זשאַנדאַרם, וואָס פאַרמאָגט אַטמאָספער און אויסזיכטן אויף אַנטוויקלונג פון דער דראַמאַטישער האַנדלונג. אָבער וואָס ווייטער, אַלץ מער אַנטוישט ער, אַלץ מער ווערט מען איבערצייגט, אַז סלאָוועס איז דאָ נישט צוגעגאַנגען אָנשרייבן אַן אַפּאָלאָגיע פון שפּינאָזאַ, נאָר אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די רבנים. זיין ציל איז געווען אַ בפירוש נעגאַטיוו אידעאָלאָגישער און דער דיאַלאָג איז אַזוי פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אידעאָלאָגיע און אַזוי נעבעכדיק, ווי דער מאָראַלישער ווערט פון זיין אידעאָלאָגישן דענקען.

די דראַמע באַהאַנדלט נישט שפּינאָזאַס לעבן, נאָר די שטימונגען פון

יונגן שפּינאָזאַ אין דער תקופה, ווען ער איז באַדראָט פון חרם. מער איז דעם מחבר נישט נייטיק געווען פאַרן צוועק וואָס ער האָט זיך געשטעלט. אָבער אַ חרם אַליין איז אים נישט גענוג געווען. ער האָט נייטיק געהאַט אויך מאָרד, אונטערוואַרפן אַ בלוט־בלבול די רבנים פון אַמסטערדאַם. הייסט דער מחבר זיי אַוועקהרגענען אַ געוויסע אויסגעטראַכטע וועלטלעכע דאַמע, מאַנועלאַ, אין וועמענס מויל דער מחבר לייגט אַריין אַ סך באַנאַלע רייד וועגן וועלטלעכקייט און ליבע.

סלאָוועס דערלאָזט פּשוט נישט, אַז מ׳זאָל זיין טעקסט פאַרשטיין מיט קאַטעגאָריעס פון אייביקייטן. ער איז אינגאַנצן צוגעשמידט צום אַקטועלן; ער טאַקע אַליין, ביים שאַפן די דראַמע, האָט מער אין זינען געהאַט די אַקטועלקייט פון דער סאָוויעטישער אַנאַלאָגיע, ווי איך ביים לייענען די דראַמע. ער האָט זי אין זין געהאַט און זי באַרעכטיקט, אַן טאַלאַנט, אַן דרייסטקייט, מיט הינטערוועגן, אָבער פאָרט באַרעכטיקט.

בחינם וועט איר זוכן אין ברוכס מויל ווערטער ווי פיילן געשליידערטע צו די רבנים קנאים, אומזיסט די טרחה צו זען שפּינאָזאַן אַנטוויקלען זיין געדאַנקען־גאַנג, זיין מעטאַפיזיק, זיין פאַנטעאיזם; אַנשטאָט דעם האָט איר פאַר זיך אַ ליבהאָבער (מיט אַ פּתח), וואָס פאַרזיכערט דער פאַניענקע, אַז ער „ליבט זי מיטן גאַנצן האַרץ". און זי — דאָס נעמלעכע צו הערן.

„ברוך פון אַמסטערדאַם רעדט ווי אַ פּאָעט פון דער פּאַריזער „בייע פּרעסע". „די פרייהייט־ליבנדיקע קריסטן, זאָגט ער, זענען מיר מער ברידער, ווי די רבנים, וואָס האָבן נעכטן מיך געמסרט און ווילן מאָרגן מיך פאַרשטיינען".

אין גבריאלן, דעם צווייטן „ליבהאָבער" פון שפּינאָזאָס געליבטער, רחל, וויל סלאָוועס פאַרקערפּערן דאָס צביעותדיקע „נאַציאָנאַלע יידל", אַ מסור און אַ מערדער, וואָס דעקט זיינע מעשים דורך פאַלשע רייד וועגן „ליבשאַפט צו כנסת ישראל".

„ברוך פון אַמסטערדאַם" איז נישט קיין אַפּאָלאָגעטיק פאַר שפּינאָזאַ, נאָר אַן אָנשטרענג צו באַווייזן די נישטוויכטיקייט פון יידישן קיום לגבי גרויסע אידעען.

אָבער בפירוש, נישט די בולטע טענדענצן פון דער דראַמע שאָקירן

מיך, נאָר איר אָרעמקייט. וואָלט סלאָוועס געווען אַ טאַלענטירטער דראַמאַ־טורג, וואָלט ער נישט געמוזט אָנקומען צו אַן אויסגעטראַכטער באַנאַלער ליבע, מיט מעלאָדראַמאַטישע שונד־עפעקטן.

ברעכט מוז גאָרנישט איינשפּאַנען גאַליליי אין אַ באַנאַלער ליבע, כדי צו געבן קאָנטינואיטעט און לאָגיק דער דראַמע. עס איז גענוג פאַר אים צו געבן די גרויסקייט פון גאַליליס געדאַנק און די קליינלעכקייט פון די קירכלעכע אינטריגאַנטן. אָבער צו דעם וואָלט סלאָוועס געמוזט אַנטוויקלען שפּינאָזאָס געדאַנקען־גאַנג פון איין זייט, און די שטעלונג פון די רבנים און פון דער רעליגיעזער יידישקייט בכלל, פון דער צווייטער זייט. צו דעם אָבער האָבן אים נישט געסטייעט קיין מיטלען און כוחות.

באמת, איך בין צוגעגאַנגען צו דער דראַמע אָן שום כוונות זיך צו טשעפּען. אין מיין געדאַנק האָב איך געשטרעבט צו עלימינירן, ווי שוין געזאָגט, דעם מחבר, און אַנאַליזירן בלויז דעם טעקסט.

אָבער געשען איז מיט מיר די מעשה פון שאול דעם מלך, נאָר איבער־געדרייט: שאול איז געגאַנגען זוכן פאַרלוירענע אייזלען און האָט געהאַט דאָס מזל צו געפינען אַ מלוכה. איך בין געגאַנגען מיט דער כוונה צו געפי־נען קונסט, און זאָל אַפילו די כוונה זיין אַ טענדענציעזע, און געפונען האָב איך אַ מעלאָדראַמע, ווו דער גרויסער פילאָזאָף ברוך שפּינאָזאַ ווערט פאַר־וואַנדלט אין אַ בלוטלאָזן, כאַראַקטערלאָזן אַמאַנט, וועמען איר מוזט גלייבן אויפן וואָרט, אַז זיין העכסטער ציל איז דער „קאַמף פאַר דער וואַרהייט״. אויך די אַנדערע פּערסאָנאַזשן זענען אויסגעטראַכט, פאַלש, אָן שום פּסי־כאָלאָגישן און היסטאָרישן הינטערגרונט, און דער דיאַלאָג איז אַ נישט אינטערעסאַנטער, פלאַכער און שטייט נישט אין קיין שום פּראָפּאָרץ צו דער גרויסער פּערזענלעכקייט, וואָס עס איז פאַרט געווען דער מיך נישט ספּעציעל וואַרעמענדיקער ברוך שפּינאָזאַ.

## „בלויז אַ טרער אין אָקעאַן“ פון מאַנעס ספערבער

ס׳גייט דאָ נישט אין ראָמאַנסירטער דאָקומענטאַציע. פון דאָקומענטאַציע אין בוך צו ווייניק פאַראַן און צו זיין אַ ראָמאַן פעלט דעם דערציילטן אַ באַוועגלעכע אָפּוויקלונג פון די געשעענישן. עס באַוועגט זיך נישט קיין סך אין דער דערציילונג פון מאַנעס שפּערבער. די פאַקטן זענען דאָ אַזוי געדיכט צונויפגעפּרעסט, אַז זיי פאַרלירן די דינאַמישקייט פון געשעענישן, פאַרגעקומענע אין צייט און אָרט, צו ווערן בלויז סטאַטישע קווינטעסענץ; זיי זענען אַזוי יאָדערדיק אַרויסגעשיילט, ווי זיי וואָלטן אויסגעטאָן זייער לבוש פון אַקטועלקייט צו זיין בלויז משל און רמז.

די געדיכטקייט איז דאָ פאַרן מחבר נישט בלויז טעכניק פון קאָנדענסאַציע, אַ דערציילערישער מעטאָד, עס איז אַן עלעמענט צו שאַפן די געהעריקע אַטמאָספער און קלימאַט, אין וועלכע אַלע געשעענישן, מיט אַלעם וואָס זיי טראָגן אין זיך דרויסנדיקס, גייען אויף אין אַ נאַטירלעכער האַרמאָניע מיט די פּערזענלעכע איבערלעבענישן און אויפפּאַסונגען פון די פּערסאָנאַזשן.

ביי זיי, ביי די פּערסאָנאַזשן, פרעגט זיך דער מחבר אַן, ווי ביים אורים ותומים פון וועלט־גורל, וועגן זין פון דער גרויסער טראַגעדיע אין אייראָפּע בימי היטלער, וועלכע קען דאָך נישט זיין בלויז קיין יידישע, איז דאָך נישט בלויז דער קרבן געבונדן מיטן שיקזאַל, נאָר אויך דער תלין.

ער פרעגט ווי אַ ייד, ווי אַ היינטצייטיקער ייד, וואָס ערגעץ ווו שטעקט ער אין די טיפער ירושה־וואָרצלען פון זיין שטאַם, און די ענטפערס קענען נישט זיין דעמס אָדער יענעמס, נאָר פאַרשידענע, הגם אַלע אַרויסגעוואַקסענע פון אַ געשיכטלעכער דערפאַרונג אָדער פון איר פאַרניינונג. עס ענטפערט דער צדיק אין שטעטל — איינער פון די פּערסאָנאַזשן פון דער דערציילונג — מיט אַ געמיש פון נצח־ישראלדיקער אמונה און בטחון און פון פּקחותדיקן יאוש; עס ענטפערט זיין זון בוניע מיט דער זעלבער פאַר־

**ווארצלטער אַלט־יידישער** אינטימקייט מיט גאָט, אָבער מיט אַ ניואַנס געווענדט צום היינט; עס ענטפערט ד״ר רובין בלויז מיט היינטצייטיקייט און עס ענטפערט מענדל רויזן אויך מיט אַלט־יידישקייט רעדוצירט צו אינסטינקט.

*

די געשעענישן פון בוך „בלויז אַ טרער אין אָקעאַן״ — וואָס בילדעט אַ פראַגמענט פון אַ גרעסערן ראָמאַן, דער יידישער בלוט־פראַגמענט אין גרויסן קאַמף פון אייראָפּע קעגן נאַצישן אָקופּאַנט — זענען סיטואירט אין אַן ערגעצשטעטל אין פוילן — אין וואלינא. דאָרט וווינט אַן עדה, וואָס איז לענגער פאַרשוינט געוואָרן פון נאַצישן אָקופּאַנט, ווי אַלע אַנדערע קהילות אַרום. די איינוווינער פון שטעטל — אַמאָליקע קליינע טעפּיך־פאַבריקאַנטן און מעלאַנכאָלישע פידל־שפּילערס — זענען איצט רעדוצירט צו זיין בחינמדיקע שקלאַפן ביים דייטשן קאָמענדאַנט פון שטעטל. זיי אַרבעטן, קרעכצן און האָפן...

אויף וואָס האָפן זיי? „יידן לעבן שטענדיק אין דערוואַרטונג פון נס״ — זאָגט דער רבי, דער צדיק פון שטעטל, דער גוטער ייד און מורה־דרך פון דער גאָטספאַרכטיקער עדה, און שטעלט זיך אַקעגן דעם פּלאַן פון ווינער ייד, ד״ר רובין, צו שאַפן אַ פּאַרטיזאַנקע און אַוועקגיין אין וואַלד אַריין, ווו עס געפינען זיך פּוילישע ווידערשטענדלער.

פאַר דעם צדיק איז די סיטואַציע אַ קלאָרע: יידן דאַרפן זיך נישט פאַרטיידיקן. די מלחמה צווישן די גרויסמאַכטן גייט די יידן נישט אָן. יידן האָבן נישט קיין מלוכה־מאַכט. די מלחמה ווידער, וואָס היטלער פירט קעגן יידן, קענען יידן נישט געווינען מיט זייערע כוחות. היטלערס סוף איז שוין אָנגעצייכנט. רשעות קומט און פאַרגייט, און נצח ישראל בלייבט שטיין. עס בלייבט בלויז צו וועלן פאַרשטיין די צייכנס פון דער געטלעכקייט, כדי נישט צו שטאַרבן אין אומוויסנקייט ווי עס שטאַרבן די מערדערס און די רשעים.

ווייניקער פאַראייַנפאַכט, אָבער נישט ווייניקער גורלדיק, זענען די געשעענישן פאַרן 16־יאָריקן זון פון צדיק, בוניע. אויף די וועגן פון קבלה

און פון העגעלס פילאָזאָפיע זוכט ער אַן ענטפער, אַ פאַרענטפערונג און אַ זין פאַר זיי. אויך פאַר אים זענען געשעענישן משל און צייכן, אָבער ווייל עס איז אַזוי, איז דאָך דער מיסטעריעזער אָנקום פון ווינער ייד אין געטאָ אויך אַ צייכן, און ער פאָלגט אים נאָך צוזאַמען מיט נאָך 28 יידן אין וואַלד אריין.

עס איז דאָ מענדל רויזן, אַ כאַראַקטער, וואָס רעפּרעזענטירט דעם המון. אויך ער וואַקסט אַרויס פון אַלט־יידישער דערפאַרונג, אָבער ביי אים ווערט די דערפאַרונג מגולגל אין אינסטינקט, אין אַ ווילן צו לעבן און איבערלעבן קעגן אַלץ און קעגן אַלעמען און מיט אַלע מיטלען. צו דער גרעסטער פאַראַכטונג פון ד״ר רובין, וואָס ביי בוניען איז זי געמישט מיט אַ ניואַנס פון איינזעעניש.

די פערסאָנאַזשן פון שטעטל: דער רבי, בוניע, מענדל רויזן, די אַנאָנימע עדה, זיי אַלע האָבן פאַר די געשעענישן איין ענטפער, הגם אין פאַר־שידענע וואַריאַנטן. פאַר זיי איז דער ענטפער — אַקצעפּטירונג פון געשיכט־לעכער דערפאַרונג. פאַר זיי ליגט דער ענטפער אין אַ געמיש פון נצח־ישראלדיקן בטחון מיט פיקחותדיקן יאוש.

אַן אַנדערן, קעגנזעצלעכן ענטפער פון רעוואָלט קעגן אָט דער געשיכט־לעכער דערפאַרונג האָט ד״ר רובין, אַ היינטצייטיקער מערב־אייראָפּעאישער ייד. דורך אַלע סכנות און געפאַרן קומט ער, דער ווינער ייד, פון פראַנקרייך אַנגעטאָן אין אַ דייטשן מונדיר, באַקומט זיך אַריין אין שטעטל און אָרגאַניזירט דאָרטן אַ פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג. 28 זענען זיי צוזאַמען מיט בוניען נאָכצופאָלגן דעם ד״ר רובין, וועלכער פירט זיי אַוועק אין וואַלד צו קעמפן אונטער דער אָנפירונג פון זיין אַמאָליקן פריינד, דעם פוילישן גראַף סקאַרבעק.

געערכט איז אָבער געווען דער צדיק, ווען ער האָט געזאָגט, אַז פאַר יידן האַנדלט עס זיך בלויז אין אויסוויילן צווישן צוויי טויטן: דעם טויט פון מאַרטירער אָדער טויט פון מערדער. בעת אַ צווייטאָגיקער אָפּוועזנהייט פון גראַף סקאַרבעק, קוילענען די פּאָליאַקן אויס די יידישע פאַרטיזאַנער, ווען די יידן ווילן זיי נישט אָפּגעבן זייער געווער.

ווען סקאַרבעק קומט צוריק, טרעפט ער אַן בלויז אויף דריי לעבעדיקע ייִדן: זײַן פרײַנד רוביק, דעם שווער־פאַרוווּנדעטן בוניע און מענדל רויזן.

די עדה ייִדן אין שטעטל איז שוין פריער אומגעקומען מיטן מאַרטי־ר׳ער־טויט פון אַלע קהילות. פון צדיק, וועמענס טויטער קערפּער וואַלגערט זיך אין שניי, שלעפּן פּאַליאַקן אַראָפּ די מלבושים. די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד זענען אויסגעשאָכטן. די דריי געבליבענע באַהאַלט דער גראַף אין אַ קלויסטער.

דריי לעצטע רעפּרעזענטאַנטן פון אַן אומגעקומענער עדה און אפשר פון אַ גאַנץ פאַרשניטן פאָלק: עס איז דאָ דער יונגער פאַרטרעטער פון אַלט־ייִדישקייט, בוניע, פאַר וועמען אַקצעפּטירן איז נישט בלויז בלינדער גורל, נאָר אויך באַוווּסטזײַן, עס מיינט אויספירן דעם קאָנטראַקט פון נעשה ונשמע, וואָס אַלע ייִדישע נשמות האָבן אים פאַרנומען אויפן באַרג סיני און קיין שום אויסמײַד איז נישט פאַראַן. בוניע איז בײַ זײַן גאַנצער ענג־ייִדישער אויפפאַסונג דער אוניווערסאַלסטער פון אַלע פּערסאָנאַזשן. ער איז דער איינציקער, וואָס זעט „ייִד" און „גוי" געבונדן צו און דורך די זעלבע אייביקע ווערטן.

עס איז דאָ מענדל רויזן, אָביעקט פון געשיכטע מער ווי סוביעקט. ער איז דער פּראָדוקט פון אַ געשיכטע, וואָס דערגייט נישט צו זײַן באַוווּסטזײַן. און עס איז דאָ ד"ר רוביק, וואָס בויט זײַנע אַקטן אויף פאַרלייקענונג פון געשיכטע און דורך דער פאַרלייקענונג באַקומען זיי אַ באַרעכטיקונג.

אידענטיפיצירט זיך דער מחבר, פּסיכאָלאָג און פילאָזאָף, מיט איינעם פון זײַנע פּערסאָנאַזשן? פון פאַרענטפערן די דאָזיקע פראַגע וועט זײַן אָפּ־הענגיק דער ענטפער אויף אַ צווייטער וויכטיקערער פראַגע: צי מאַנעס ספּערבער שטעלט בלויז די פּראָבלעמען פון אונדזער צייט, אָדער פּרוּווט ער אויך פאַר זיי געפינען אַן ענטפער.

לאָמיר איינעם פינאַל פון דער דערציילונג זוכן אַ באַשייד: דער יונגער רבי, בוניע, שטאַרבט אין קלויסטער פון זײַנע וווּנדן. פאַרן טויט אַנטפּלעקט ער זיך נאָך, ער, דער ייִדישער רבי, ווי אַ בעל מופת און דווקא אין קאַ־טוילישן קלויסטער: ער היילט אויס אַ קראַנק פויליש קינד פון אַ פּאַראַליזש.

און הגם ספּערבער איז דעם נס מקרב צום שכל, בלייבט נאָך אַלץ איבער גענוג אומנאַטירלעכקייט.

דווקא אין נס פון רבין אין די געגעבענע אומשטענדן, איז דאָ אַמווייניקסטן יידישקייט. אָבער ספּערבערן גייט דאָ אין אַרויסברענגען די אוניווערסאַלע ליבע און הייליקע פּרישות פון יונגן צדיק. עס שרעקט אים דעריבער נישט אָפּ די געקינצלטקייט פון דער סיטואַציע.

נאָך בוניעס טויט פּאַרלאָזט רובין דעם קלויסטער צוזאַמען מיט סקאַרבעקן, קומט אָן קיין וואַרשע פּונקט אין פּסח 1943, ווען אין די פלאַמען פון ברענענדיקן געטאָ פאַרגייט אַ וועלט, פאַרמירט דורך דורות פון נסיונות. די פּאָליאַקן קוקן זיך צו, ווער גלייכגילטיק און ווער מיט שפּאַט. אַ קאַרוזעלע שפּילט. אַ וועלט גייט אונטער ביי דער גרעסטער גלייכגילטיקייט פון אַרום.

דער האַרטער רובין איז איצט שוין נישט אַזוי שטאַרק איבערצייגט אין דער ווירקעוודיקייט פון אַקציע און ענטפערן „מיט קראַפט אויף קראַפט". בוניעס איינפלוס און ווירקונג פון די געשעענישן עפענען אין אים אויף פאַרשטאָפּטע קאַנאַלן און פאַרשלאָסענע וועגן צו אַן אַנדערן קוק. ער זעט איצט די אַריינקייטלונג פון הווה אין דער אייביקייט, ער הייבט אָן זען געשיכטע אַנשטאָט צו פאַרלייקענען. ער הייבט איצט אָן זען פאַקטן מיט אַנדערע אויגן און אַפילו מענדל רויזענען פאַראַכט ער מער נישט פאַר זיין עקשנות צו וועלן לעבן אין אַלע באַדינגונגען.

רובין אַליין ווערט ווי אַ סינטעזע פון אַלע פראַגן און אַלע ענטפערס. ער געפינט אַ וועג קיין ארץ־ישראל און פּרוּווט זיך דאָרט אַריינבאַקומען אין מיטן ברען פון דער מלחמה. ער גייט דאָרט אַהין ווי איינער וואָס ווייסט איצט, אַז אין המשך, אין געשיכטלעכן גורל, ליגט דער ענטפער. ער רעדט צו סקאַרבעקן פאַרן שיידן זיך מיט אים, מיטן לשון פון בוניען. ער הייבט אָן צו זען, אַז געשעענישן, ווי טראַגיש זיי זאָלן נישט זיין, ווען זיי ווערן גענומען אין זייער איזאָלירטקייט, זענען בלויז אָפּגעריסענע עפּיזאָדן, וואָס פאַרלירן זיך אין דער געשיכטע ווי אַ טרער אין ים. ער הייבט אָן זען דאָס גאַנצע, די באַהעפטונג פון די רינגעלעך אין איין קייט און געפינט צוריק, אַוועקגייענדיק, אַ זין אין לעבן.

אין דאָזיקן גילגול פון רובינען, אין זיין דערגיין צו אַ גייסטיקער באַהעפטונג מיט געשיכטלעכן וועלט־באַנעם פון בוניען, זעען מיר אַ פּרווו פון מחבר צוזאַמענצוגיסן אַלע ענטפערס אין איין ענטפער, וואָס זוכט אַריינצופלעכטן דעם איצט אין דער לאַנגער קייט פון פליסנדיקער צייט, „ווייל נאָר דויער איז ממשותדיק", ווי דער רבי האָט געזאָגט. אויב דער „פּאַרוואָס" איז דערמיט נישט פאַרענטפערט, איז ער לכל הפחות אויפגע־קלערט.

*

עס וועט זיין דער באַזונדערער פאַרדינסט פון מאַנעס ספּערבער, דעם פראַנצויזיש־יידישן שרייבער, אָפּשטאַמיקן פון גאַליציע און תלמיד פון דער ווינער שול פון אַדלערס פּסיכאָלאָגיע, צו האָבן אַנטפּלעקט פאַר דער נישט־יידישער וועלט אַן אַלטע גייסטיקייט, אַ פילאָזאָפיע פון לעבן און פילאָזאָפיע פון אמונה, פאַר האָבן באַוויזן דאָס פּנים באַגאָסן מיט בלוט פון אַן אַלטער לעבנס־חכמה, וועלכע שעפּט אין די נסיונות אַליין, כוחות פאַר ווייטערדיקן קיום.

1952

# די טונקעלע יאָרן און די העלע פּערספּעקטיוון

פראַנצויזיש־יידישע שריפטשטעלער, פראַנצויזן פון קולטור, פון גייס־טיקער פאָרמאַציע, פון מענטאַליטעט, אָבער יידן פון אַטאַוויזם, און פון אַ געוויסער סביבה־טראַדיציע, פאַרנעמען זיך אָפט מיט דער ישו־טעמע. עס ווילט זיך זיי אפשר באַווייזן, אַז הגם ס'טיילט זיי אָפּ פון דער פראַנצויזישער מערהייט אַן אַנדערע רעליגיעזע טראַדיציע און הגם זיי האָבן גאָרנישט בדעה דעם דאָזיקן אונטערשייד צו פאַרווישן, איז ער אָבער נישט גרויס, ווייל מער ווי עס טיילט אָפּ, לויט זיי, יידנטום פון קריסטנטום, טרעפן זיי זיך צונויף אין די עיקר־פּונקטן.

נאָך מער איז פאַר דעם דאָזיקן מין שריפטשטעלער געוואָרן די טעמע אַקטועל איצט, ווען דער באָדן, אויף וועלכן די צוויי מאָנאָטעאיסטישע אמונות האָבן זיך אַנטוויקלט — אין אַ יידישער סביבה — איז ווידער געוואָרן יידיש און במילא היסטאָריש ענלעך צו יענע צייטן פון פאַר צוויי טויזנט יאָר צוריק, און ווען פון דער צווייטער זייט האָט אַ קריסטלעך פאָלק מיט דער הילף פון אַנדערע קריסטלעכע פעלקער דורכגעפירט אַזאַ אויסראָט קעגן אַלע יידן פון אייראָפּע, אָן אונטערשייד פון קולטור־פאָרמאַציע און גייס־טיקער שייכות מיט זייערע שכנים.

צום שבח פון ראָבער אַראָן, דעם מחבר פון די „טונקעלע יאָרן פון ישו", מוז מען גלייך צוגעבן, אַז ער האָט וועגן גרינדער פון קריסטנטום אָנגעשריבן זייער אַ וואַרעם... יידיש בוך.

אונדזער היימישער שלום אַש, דער ייד פון קוטנע, דער מחבר פון „קידוש השם" און פון „תהילים־ייד", האָט אין דער יידישער שפּראַך אָנגע־שריבן אַן עוואַנגעליש, פאַרגויאישט בוך וועגן „גאָטס זון". דאַקעגן האָט דער פראַנצויזישער ייד, דורכגעדרונגען מיט פראַנצויזישער און גריכיש־לאַטיי־נישער קולטור, ראָבער אַראָן, אָנגעשריבן וועגן ישו הנוצרי אַ שיין יידיש בוך, אַריינגעשטעלט אין ראַמען אויסגעפילטע מיט יידיש־היסטאָרישער און יידיש־מאָראַלישער אַטמאָספער.

זיין אַרויסגאַנג־פּונקט איז אַ פּשוטער: די עוואַנגעליעס, דער נייער טעסטאַמענט ווייסט צו דערציילן וועגן ניסמדיקן געבורט פון ישו, וועגן זיין מאַרטירער־טויט, וואָס איז געקומען אין רעזולטאַט פון זיינע משיחישע דרשות פון די לעצטע דריי יאָר פון זיין לעבן. אָבער זיי דערציילן גאָר־נישט וועגן די 30 יאָר, וואָס ער האָט געלעבט, ביז צו זיינע לעצטע דריי יאָר פון אינספּיראַציע און רעוועלאַציע.

וועגן אָט די יאָרן, וואָס דער „ברית החדשה" פאַרשווייגט, וועגן אָט די טונקעלע יאָרן רעדט ראַבער אַראָן און באַווייזט, אַז זיי זענען פּשוט געווען דאָס, וואָס זיי האָבן געמוזט זיין — יידישע יאָרן, די יאָרן, ווען זיין פאָטער, דער סטאָליער יוסף, האָט אים געפירט אין דער שול אַריין, אין דער סינאַגאָגע פון נצרת, ווו ער האָט געלערנט, געדאַווענט, ווו ער האָט זיך דורכגענומען מיט אמונה, געלערנט דערנאָך אַ מלאכה אויפן יידישן שטייגער: אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות, און דאָרט זיך אויך צוגעגרייט צום ערשטן מאָל עולה רגל צו זיין מיט זיינע עלטערן קיין ירושלים אויף פּסח צו זיין בר־מצוה.

דאָס גיט דעם מחבר ראַבער אַראָן אַ גוטע געלעגנהייט אויפצושטעלן אַ פול בילד פון ארץ־ישראל אין יענער תקופה, וועגן איר טאָג־טעגלעכ־קייט און איר שבת און יום־טוב, וועגן דער הייליקייט אין דעמאָלטיקן יידישן לעבן, וואָס האָט נישט געלאָזט קיין שום אָרט פאַר וואָכעדיקייט, פאַר פּראָפאַנאַציע.

עס איז אָנגעגאַנגען אַ כסדרדיקע אַקטיוויזירונג זיך צו שלייפן ווי אַ גוי קדוש, צו רעאַליזירן משהס געבאָט, צו גרינדן און אָנהאַלטן אַ ממלכת כוהנים.

דערביי שטרייכט אונטער דער מחבר מיט רעכט, אַז אין יענע צייטן האָט זיך אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן אַן אונטערשיד צווישן דער שול, דער סינאַגאָגע, דעם לאָקאַלן בית־המדרש און דעם בית־המקדש. די פאָלקס־פירער, די פּרושים, די חכמים, די בעלי משנה, זענען געווען יידן פון בית־המדרש און האָבן כסדר געלערנט און משפּיע געווען אויפן פאָלק אין אַלע קלענסטע ערטער און אין אַלע שטעט און דערפער.

דאַקעגן איז דאָס בית־המקדש געווען הערארכיזירט, באַהערשט פון די

כוהנים און כוהנים גדולים, וואָס זענען געווען צדוקים און געניגט צו קאָלאַבאָרירן מיט דער רוימישער אָקופּאַציע־מאַכט און מיט זיי איינצוגיין אויף פּשרות אויך אין דער יידישער אויפפאַסונג פון ריינעם מאָנאָטעאיזם.

די פּרושים, די חכמי התלמוד, וואָס זענען אין די עוואַנגעליעס און קריסטלעכע שריפטן אידענטיפיצירט געוואָרן מיט צבועקעס, ווערן דאָ ביי ראַבער אַראָן צוריקגעשטעלט אין זייער אמתן ליכט. ער באַווייזט ווי שטאַרק ישו איז דווקא אונטער דער השפּעה פון די חכמים פון זיין צייט, ווי הלל הזקן און אַנדערע, וואָס האָבן שוין פון געבאָט „ואהבת לרעך" געמאַכט פריער אַ גרויסן פּרינציפּ.

זייער שיינע זייטן אין בוך זענען די, וווּ ער קאָנסטרואירט די „עבודה" אין בית־המקדש, די עולי־רגל מיט זייערע קאַראַוואַנען, די רוימישע סאָל־דאַטן מיט זייער שפּאָט און די באַפעלקערונג מיט איר שנאה צום אָקופּאַנט.

די עוואַנגעליעס, וואָס פאַרשווייגן אינגאַנצן ישוס 30 יאָר, רעדן בלויז פון איין מאָמענט: זיין באַזוך אין בית־המקדש און זיין „וויכוח" מיט די חכמים, ווען ער איז אינגאַנצן אַלט געווען 12 יאָר.

דאָס גיט דעם מחבר ראַבער אַראָן די מעגלעכקייט צו געבן אַ פּסי־כאָלאָגיש בילד פון בעל החלומות, וואָס ישו איז דעמאָלט געווען, פון די רעאַקציעס פון אַ פּראָווינצער קינד אין דער הויפּטשטאָט, דער הייליקסטער, אָבער אויך דער צומייסט פאַרשוועכטער דורך דער אָנוועזנהייט פון די רוימישע געצנדינער. ראַבער אַראָן גיט דערביי אַ שאַרפן אַנאַליז פון די צוויי וועלטן, דער יידיש־רעליגיעזער און דער רוימיש־גריכישער.

ער באַווייזט, אַז דאָס אַריינרייסן זיך פון דער רוימיש־גריכישער פּראָ־פאַנער קולטור אין דער יידישער וועלט פון הייליקייט, האָט גורם געווען צום גרויסן מיספאַרשטענדעניש אין קאָנפליקט יידנטום־קריסטנטום. די יידישע נביאים, די יידישע אגדה און די יידישע חכמים האָבן גערעדט מיט דער שפּראַך פון אַלעגאָריע, פון משל, פון מעטאַפאָר. די גריכיש־לאַטיי־נישע וועלט, אַפילו די יידישע, וואָס איז געווען אונטער איר השפּעה, ווי, למשל, דער ראַציאָנאַליזם פון פילון האלכסנדרוני און בכלל פון די יידן פון אַלעקסאַנדריע, און שפּעטער די קריסטן, האָבן אַלץ גענומען בוכשטעבלעך אינעם אויסטייטש פון די פּסוקים. דאָס שפּעטערדיקע קריסטנטום, וואָס

האָט געטייטשט די ווערטער פון „גאָטס זון", האָט אויך אַזוי געהאַנדלט, גע־נומען דעם יידישן משל פון בן אלוהים און בן אדם קאָנקרעט, בוכשטעבלעך.

ראָבאָר אַראָן פאַרענדיקט זיין אינטערעסאַנט בוך מיט אַ פאַרנעפּלטער טעאָריע, לויט וועלכער די צייט פון שאַרפע חילוקי דעות צווישן קריסטנ־טום און יידנטום זענען שוין אַדורך.

ביז ווען די געצנדינערישע רוימיש־לאַטיינישע קולטור־וועלט האָט זיך אַריינגעריסן אין יידישן לעבן און האָט עס פּראָפּאַנירט, האָט דאָס קריסטנטום געהאַט די מיסיע צו דאָמינירן די דאָזיקע פּראָפּאַנאַציע דורך אַ מאָנאָטעאיזם, צוגעפּאַסט צו דער דאָזיקער וועלט.

איצט אָבער שטייט די וועלט פאַר אַ נייעם שווערן קריזיס. ווען דער מאַטעריאַליסטישער אַטעאיזם פאַרלייקנט בכלל יעדע הייליקייט אין לעבן, באַדאַרפן ביידע אמונות, וואָס ביידע האָבן זייער אָרט אין לעבן, צו קעמפן קעגן איין פיינט, מיינט ראָבער אַראָן.

און דער מחבר דערוואַרט, אַז אויך דאָס מאָל זאָל די „לייזונג" קומען פון ישראל, ווו ביידע אמונות טרעפן אויפסניי זיך און ווו עס קומט אויך פאָר אַ נייער עקספּערימענט פון בויען אַ געזעלשאַפטלעך לעבן אויף נייע יסודות אין קיבוץ, אָן דער באַטייליקונג פון ברוטאַלן ראַציאָנאַליזם און אַטעאיזם.

צי מען קען פון די „טונקעלע יאָרן" פון ישו אַרויסציען אַזעלכע „העלע" דערוואַרטונגען, ווייס איך נישט. אָבער איך ווייס, אַז די יידיש־קריסטלעכע באַציאונגען זענען שוין לאַנג נישט מער קיין וויכוח צווישן קירך און סינאַגאָגע, נאָר צווישן פאַרוואָרצלטע פאָראורטיילן פון דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט פון איין זייט, און פון אַ פאָלק־קרבן פון אָט די פאָראורטיילן, פון דער צווייטער זייט.

ווי עס זאָל אָבער נישט זיין, פאַרדינט דאָס בוך פון ראָבער אַראָן אויפ־מערקזאַמקייט פון היסטאָרישן און פון דערציילערישן שטאַנדפּונקט.

1961

# אַן אידיליע פון אויפלייזונג

זעלטן האָט אַ ליטעראַריש ווערק אַרויסגערופן אַזוי פיל ליידנשאַפט־לעכע דיסקוסיעס, אַזוי פיל עפנטלעכע וויכוחים, ווי דאָס בוך פון ראָזשע איקאַר „די קינדער פון אַווראָם", וואָס טיילט זיך אין צוויי חלקים: ערשטער טייל „איבערפלאַנץ פון פרילינג", צווייטער טייל „געמישטע וואַסערן".

זענען שוין די וויכוחים אַליין אַ באַווייז, אַז איקאַרס בוך איז אַ ווערק, וואָס איז געקומען אין זיין צייט, אַז די פּראָבלעמען, וואָס פליסן אַרויס פון דערציילטן, וועקן אינטערעס. לאָמיר קודם כל דאָס פאַרצייכענען ווי אַן אומדירעקטע פּאָזיטיווע דערגרייכונג.

מיר האָבן זיך נאָר וואָס אויסגעדריקט „פּראָבלעמען וואָס פליסן אַרויס" און נישט „פּראָבלעמען וואָס מען באַהאַנדלט", ווייל דירעקט שטעלט דער מחבר נישט קיין שום פּראָבלעמען, ער לאָזט פאַר אונדז פריי פאַרבייפליסן דאָס לעבן פון אַ יידישער עמיגראַנטישער משפחה, און די פּראָבלעמען פליסן צוזאַמען מיטן לעבן אויף אַ גאַנץ נאַטירלעכן אופן. „נאַטירלעך" פאַרן מחבר, וועלכער פאַראיינפאַכט דאָס לעבן אַליין, פאַראיינפאַכט די סיטואַציעס און די כאַראַקטערן און פאַראיינפאַכט די לייזונג, וואָס נעמט ביי אונדזער מחבר אָן די פאַראיינפאַכטע פאָרעם פון אויפלייזונגען, פון אַריינפלוס אין די זיסע וואַסערן פון פראַנקרייך.

דער מחבר ראָזשע איקאַר, אַליין אַ קינד פון אַן עמיגראַנטישער משפחה פון מזרח־אייראָפּע, זעט יידישקייט, לכל הפחות די יידישקייט פון אַ יידי־שער מינדערהייט אין פראַנקרייך, ווי אַ הויקער, ווי אַן איבעריקע לאַסט, ווי אַ זאַבאָבאָן, ווי אַ פאָראורטייל, ווי אַ דעספּאָטיש שפּיל פון אַלטן אַווראָם פון וואָס זיין זון יאַנקל באַפרייט זיך האַלב, זיין אייניקל סימאָן באַפרייט זיך אינגאַנצן און וואָס הערט אינגאַנצן אויף זיין „קינסטלעכע עקזיסטענץ" ביים אייניקל מוכאַנאַוויצקי־סאָלניע, אַ האַלבער אַריער און גאַנצער פראַנצויז.

אָבער לאָמיר איבערגעבן בקיצור דעם תוכן: אין סאַמע סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט קומט אָן קיין פּאַריז אַ יונגער יידישער מענטש יאַנקל מוכאַנאָוויצקי פון אַ פאַרוואָרפן ליטוויש שטעטל ראַקוואָמיר. אין שטעטל לאָזט ער איבער אַ גאַר יונגע פרוי און אַן ערשט געבוירן קינד. אין פּאַריז נעמט ער זיך צו קאַשקעטן־מאַכעריי.

פון ראַקוואָמיר האָבן דעם יונגן מענטש, אַ געוועזענעם בונדיסט, אַרויסגעיאָגט: אָפּגעשטאַנענקייט, נויט און פּאָגראָם־פּחד. אין פראַנקרייך נעמען אים אויף: טאָלעראַנץ, פרייהייט און צוטריט צו אַלע קולטור־נכסים.

אַלץ וואָס איז יידיש דערמאָנט יאַנקלען אין געטאָ, אין שמוץ, אין ראַקוואָמירער אָפּגעשטאַנענקייט, אַלץ וואָס איז פראַנצויזיש איז פאַר אונ־דזער העלד פול מיט ליכט, מיט לויטערקייט און פאָרשריט.

יאַנקל לערנט פראַנצויזיש, פּאַרט אויף דער פּראָווינץ, אַקלימאַטיזירט זיך, דעקראַצמאַניזירט זיך, ווי עס דריקט זיך אויס דער מחבר (קראַצמאַן — דער נאָמען פון אַ צווייטער משפּחה לאַנדסלייט פון יאַנקלען, ביי וועמען יאַנקל געפינט אַ היים אין די ערשטע חדשים נאָך זיין אָנקום פון ראַקוואָ־מיר. די משפּחה קראַצמאַן בלייבט אויפן פּלעצל און זעצט פאָר אַ געטאָ־לעבן).

ווען יאַנקל פילט זיך שוין כמעט ווי אַ פראַנצויז, און האַלט זיך שוין געַנוג באַרעכטיקט צו קוקן מיט ביטול אויב נישט מיט אַנטיפּאַטיע אויפן פּלעצל און זיינע איינוווינער, פאַלן אין אַ שיינעם העלן טאָג אַראָפּ פון שטעטל זיין ווייב חנה און זיין קינד רבקה.

עס איז אַן איבערלעבונג, כמעט אַן אומגליק. אָבער אַן ערלעכער מענטש איז אונדזער יאַנקל. קיין וועלט־איבערקערער און קיין אַוואַנטוריסט איז ער נישט. ער רעכנט זיך מיט פאַקטן און גיט זיי אויך זיך אונטער. זיין גורל הייבט צוריק אָן פליסן צוזאַמען מיטן גורל פון זיין משפּחה.

זיין ווייב, חנה, איז אַ פאַרפאַלענע ראַקוואָמירקע. קיין פראַנצויזיש וועט זי קיינמאָל נישט קענען, טראָץ איר יונגן עלטער (סך הכל 24 יאָר אַלט). קיין פּאָם־פּריט אַפילו וועט זי אויך נישט מאַכן ביי יאַנקלען, ביים פראַנצויזישן יאַנקל ווערט אַ פּלעצל־שטוב.

זיין אידעאַל וועט יאַנקל ערשט רעאַליזירן ביי זיינע קינדער. זיין ווייב

חנה ברענגט אים צו אין פּאַריז נאָך דריי קינדער: צוויי זין — סימאָן און פערנאַנד, איין טאָכטער — קלאַראַ.

מיט יאַנקלען הייבט זיך אָן די איבערפלאַנצונג פון פרילינג, מיט זיין זון סימאָן רעאַליזירט זיך די אידעע פון געמישטע וואַסערן. די אידעע פון וועמען? פון יאַנקלען? ניין, יאַנקל איז נישט אַנטשלאָסן אַזוי וויט צו גיין, פאַר אים איז געננוג נישט רעדן יידיש, וויניקסטנס נישט שטעכן דערמיט די אויגן אין גאַס, אָפּשאַפן זיין טאַטנס ווילדע דרכים און זיין אַ מוסטער פון אָנשטענדיקייט צו ווייזן די גויים.

די אידעע פון געמישטע וואַסערן געהערט דעם מחבר. און דער מחבר פאַרקנסט פייערלעך יאנקלס זון סימאָן מיט אַ שיקסל פון אַ פּאַריזער פּאַר־שטאָט און — די געמישטע וואַסערן ווערן געבוירן. עס קומען קינדער מיט שותפות־בלוטן פון יידישן היטלמאַכער יאַנקל מוכאַנאָוויצקי פון ראַק־וואָמיר און פון לאַנדווירט סאָלניע פון וויטרי נעבן פּאַריז.

די טענדענצן פון מחבר זענען שוין דערמיט מער אָדער וויניק דורכ־געפירט. אָבער ראָזשע איקאָר איז אַ קינסטלער. ער איז אַ געשיקטער דער־ציילער און טאַלאַנטירטער ראָמאַניסט. ער ווייסט וואָס איז מאָס און וואָס איז וואָג; ווו ער טרייבט איבער אין איין פּונקט, קאָמפּענסירט ער גלייך אויף אַ צווייטן און ווו ער שאַקירט אויף איין אָרט, פאַרגעלט ער אויף אַ צווייטן. דאָס איז ביי אים נישט קיין קאַפּריזנע שפּיל פון גלייכגעוויכט, נאָר קינסטלערישער אינסטינקט.

אָפּטמאָל ווערט ער ניצול פון שונדישער קאַריקאַטור, נאָר אַ דאַנק דער אינטואיציע פון זיין אמתן טאַלאַנט, וואָס איז ביי אים גובר די טענ־דענץ, להכעיס אים אַליין, אָבער נישט גענוג גובר, ער זאָל זיך נישט כסדר האַלטן אויף פלאַכע שטחים.

אַלע זיינע פּערסאָנאַזשן זענען גוט געצייכנט. איר קענט קיינמאָל נישט באַווייזן, אַז זיי זענען פאַלש אָדער בייזוויליק געשילדערט, אָדער אַז זיי זענען נישט קיין וואָרע געשטאַלטן פון לעבן. אַלץ שטימט, אָבער נאָר אין דער אויבערפלאַך.

עס דערקענט זיך, אַז דער מחבר האָט געצייכנט לויט גאַנץ לעבעדיקע

מאָדעלן, אַז ער האָט די סביבה גוט געקענט, אָבער דאָס זענען פּאָרטרעטן אָן אַ פּאַרטיפּטער אינערלעכקייט.

עס זענען רעאַליסטישע בילדער אָן דיסטאַנץ, אָן פּערספּעקטיוו, אָן וואָרצל, אָן אַחיזה. דער מחבר קען געוויסע יידן, אָבער ווייס גאָרנישט פון יידישקייט. איז עס ווי ער וואָלט געלערנט וועגן בלומען אין אַ בלומען־געשעפט און נישט אויפן פעלד אָדער אין גאָרטן, דאָס אָרט פון זייער אַרויסשפּראָץ און געדייאונג.

געוויס זענען דאָ אַזעלכע פרומע דעספּאָטן ווי דער אַלטער אַווראָם, דער פאָטער פון יאַנקלען — שפּעטער געקומען קיין פּאַריז מיט זיין ווייב ברײנע — אָבער יידישקייט האָט זיך ביי זיי קיינמאָל נישט רעדוצירט צו אַ פּרעס אין אַ כשרן טאָפּ. אַ ראיה, אַז איקאָר אַליין, ווען זיין טאַלאַנט איז גובר די טענדענץ, שיקט ער אים נאָך ארץ־ישראל שטאַרבן (פּאַקטיש וועט ער דאָרט נאָך לעבן אַ צוואַנציק יאָר), דאָרט צעטיילט ער זיין געלט און לעבט פון קצבה. זיכער, אַז נישט די קליינלעכע פרומע דעספּאָטיע האָט אים געטריבן צו פּאַרענדיקן אַזוי אידעאַליסטיש זיין לעבן.

האָבן בלויז אָפּגעשטאַנענקייט און עגאָאיזם געקענט דערפירן צו אַזאַ אומלאָגישער רעזיגנאַציע ?

עס באַגלייט נישט איקאָרס יידישע פּערסאָנאַזשן קיין טיפע יידישקייט, פּונקט, איבעריקנס, ווי עס באַגלייט נישט זיינע פראַנצויזישע פּערסאָנאַזשן קיין טיפע פראַנצויזישקייט. אָפּטמאָל זענען מיר רעדוצירט צום אויסער־לעכן אונטערשיד פון שפּראַך אָדער צו אַ מין קאָנקורענץ צווישן טשאָלנט און פּאָם־פריט.

רעאַליסטיש ווי איקאָר איז, וויל ער פונדעסטוועגן געוויסע צונויפ־טרעפן, געוויסע געשפּרעכן צוגעבן אַ סימבאָלישע באַדייטונג. אַזוי פירט ער גלייך אין פּראָלאָג צונויף די צוויי אַלטע מחותנים יאַנקל מוכאַנאָוויצקי און באַפּטיסט סאָלניע אויפן צמענטאַר, אויפן קבר פון זייער בשותפות־אייניקל זשאַן קלאָד, דערשאָסן דורך די דייטשן, ער גיט איןביידע אַריין, טראָץ אונטערשידן און געוווינהייטן און רעאַגירונגען, ענלעכע געדאַנקען וועגן מענטש, נאַטור, גאָט.

עס איז אַ שיינער רירנדיקער מאָמענט, אָבער דער סימבאָל איז אַ צו לייכטער, אַ פלאַכער.

די מענטשן קענען זיך זיין נאָענט אָן שום קרבן פון אויפלייזונג פון איין זייט. יאַנקל האָט דאָ גאָרנישט געמוזט מקריב זיין אויפן מזבח פון אַ פשוטער מענטשלעכער דערנענטערונג.

ראַקוואַמיר און פּאַריז קענען האָבן געגנוג מענטשלעכע שייכותן אין געדאַנק און געפיל, אַפילו ווען זיי בלייבן אויף זייערע באַזונדערע פּאַרטי־קולערע קולטור־היסטאָרישע פּאָזיציעס.

מען האָט אפשר איבערגעטריבן מיט די אַטאַקעס קעגן דעם בוך. מען האָט עס אַפילו פאַרשריגן פאַר אַן אַנטיסעמיטישס. ניין, עס איז ווייט פון אַנטיסעמיטיזם.

עס איז אַ בוך פון אַ ייד, וואָס פילט זיך גאַנץ באַקוועם אין זיין פּאָ־זיציע פון אידילישער אויפלייזונג, וואָס וואָלט דאָס זעלבע שטאַרק געוווּנטשן אַלע יידן פון פראַנקרייך, זיך אַריינצוגיסן אין די שטילע זיסע פראַנצויזי־שע וואַסערן, אָבער וועלכער פילט זיך נאָך כסדר מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַר די יידישע חסרונות, פאַרן „יידישן" מערקאַנטיליזם, פאַר אויפרייסן די אויגן. אין סך־הכל איז דער מחבר מער אַ יאַנקל ווי אַ סימאָן, ווייניקסטנס בנוגע דעם וועלט־קוק. ער וואָלט אונדז כסדר וועלן עצות געבן, צו זיין שטיל, רואיק, נישט איינרייסן, נישט שרייען. ער וואָלט אונדז וועלן ראָטן זיך צו באַפרייען פון עטלעכע שרייענדיקע פעלערס. אָבער אַזוי ווי ער איז נישט קיין גרויסער קענער פון יידישקייט, איז דאָס גאַנצע ביסל יידישקייט פאַר אים איין גרויסער פעלער, פון וועלכן עס וואָלט גאָרנישט געווען קרום זיך צו באַפרייען, ווי פון אַן אַלטן פּאַראור־טייל.

מיר וואָלטן בלויז אָפּגעשיקט דעם מחבר זיך אַ ביסל מער צו פאַר־טיפן אין דער געשיכטע און אין דער קולטור פון זיינע אבות פון ראַק־וואמיר און ערשט שפּעטער מיטן זיכערן טאַלאַנט וואָס ער פאַרמאָגט צו קאָמפּלעטירן זיין ווערק מיט אַ נייעם ערנסטערן טייל, ווו דער פערטער דור פון אברמען זאָל פילן יידישקייט נישט ווי אַ פּאַראורטייל, נאָר ווי די נאַטירלעכע ירושה פון אַ פאָלק.

איקאָר האָט געשילדערט די אויפלייזונג פון די בני אברם, עס פעלט אָבער די ירושה פון די בני אברהם.

איקאָר האָט דעם אינטערעסאַנטן סוזשעט אָנגעהויבן באַהאַנדלען. ער האָט געעפנט אַ וועג פאַר אַנדערע וואָס וועלן נאָכקומען געבן דעם אמתן פאַרטיפטן ראָמאַן פון יידישן עמיגראַנטישן לעבן אין פראַנקרייך.

1956

# מעמוארן פוו ראָמען גאַרי

תיכף נאָך דער באַפרייאונג, ווען אין פראַנקרייך האָבן זיך באַוויזן די ערשטע ביכער וועגן די רציחות פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, די גיהנום־ליידן, דעפּאָרטאַציעס און דעם העראָישן ווידערשטאַנד פון פראַנצויזישן אונטערגרונט — האָט אַ באַזונדערן אויפמערק אויף זיך געצויגן אַ קליין ביכל מיטן נאָמען „עדוקאַסיאָן אייראָפּעען" (אייראָפּעאישע דערציאונג). דער נאָמען פון מחבר: ראָמען גאַרי, דעמאָלט נאָך אַן אומבאַקאַנטער. דאָס בוך האָט געהאַט אַ זייער וואַרעמען אָפּרוף און באַקומען דעם „פּרייז פון קריטיקער".

דאָס בוך האָט באַזונדער פאַראינטערעסירט דעם יידישן לייענער, וועלכער איז נאָר וואָס אַרויס פון לאַגער און באַהעלטעניש אַ פאַרביטערטער און געקרענקטער, אַ פאַרוווּנדעטער אין זיין גוף און אין זיין נשמה, אַ צעהאַלבטער און צעפּערטלטער אין זיין משפּחה, אַן אויסגעוואָרצלטער פון היים און לעבן — און ער האָט זיך מיט בלוטיקן נייגער צוגעהערט און צוגעקוקט צו דעם אַלעם, וואָס עס רעדט און שרייבט די באַפרייטע וועלט וועגן זיין חורבן, זיין באַזונדערער באַטייליקונג אינעם וועלט־מבול.

אין דערמאָנטן בוך פון ראָמען גאַרי ווערט דערציילט וועגן יידן־אומקום און געראַנגל אין די שטעטלעך און אין די „מאַלינעס" פון מזרח־אייראָפּע, איבערהויפּט אין ווילנער געגנט.

שרייבן מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, ליבשאַפט און איבערגעגנומענקייט וועגן אונדזער חורבן קאָן נאָר אַ זייער נאָענטער; שרייבן מיט אַזאַ אומבאַהאַוונטקייט אין די פּרטים קען נאָר אַ פרעמדער, אָדער אַן אָפּגעפרעמדטער.

ווער איז אָט דער מחבר פון דעם מיט אַזוי פיל מענטשן־ליבע אָנגעפילטן בוך מיטן אומבאַקאַנטן נישט־יידישן נאָמען ראָמען גאַרי? פאַר מיר בלייבט עס אַ סוד.

אָנהייב פון די פופציקער יאָרן דערשיינט אין פּאַריז אַ נײַ בוך פון זעלביקן מחבר, וואָס איז זוכה צו גרויסער פּאָפּולאַריטעט. דאָס בוך באַקומט דעם גאָנקור־פּרײַז, ווערט פילמירט און זייער געלויבט דורך דער קריטיק. דעם מחבר ווערט גלייך צוגעטיילט אַ בכבודיקער אָרט אין דער מזרח־וואַנט פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור. דער נאָמען פון בוך: „וואָרצלען פון הימל". די טעמע: מלחמה אין אַפריקע. אַ בוך מיט אַ סך שײנקייט, אַוואַנטורע און הומאַניזם. די „וואָרצלען פון הימל" זענען די אַפּריקאַנער העלפאַנטן. ביי דער געלעגנהייט ווערן מיר געוואָר פון דער פראַנצויזישער פּרעסע, אַז דער מחבר איז פראַנצויזישער גענעראַל־קאָנסול אין לאָס־אַנדזשעלעס, אַז ער האָט זיך אין דער מלחמה אויסגעצייכנט און איז דערפאַר באַלוינט געוואָרן מיט דער העכסטער מיליטערישער אויסצייכענונג דורך דעם גענעראַל דע־גאָל.

איז די רעטעניש נאָך גרעסער: ווי קומט דער מלחמה־העלד פון אַפּריקע צו יידישע חורבן־טעמעס אין מזרח־אייראָפּע? און ווי קומט דער פראַנצויזישער אַוויאַציע־לייטענאַנט צו די מאַלינעס פון ווילנע?

זיין בוך „די הבטחה פון באַגינען", דערשינען אין יאָר 1960 (אין צווייטנצייט האָט ער פאַרעפנטלעכט נאָך עטלעכע ביכער, וואָס האָבן נאָך מער אונטערגעשטראָכן זיין פּלאַץ אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור) — פאַרענטפערט אַלע קשיות.

„די הבטחה פון באַגינען" איז אַ מעמואַריסטיש בוך פון מחבר מיט אַ שטאַרקער ליידנשאַפט און אַן איבערגעלאָדענער פאַנטאַזיע. עס איז אַ ווערק פון אַ גרויסן קינסטלערישן פאַרנעם; עקזאַלטאַציע פון געפיל, פערזענלעכע מחשבות איבער מענטשן און פעלקער, אַ זייער סענסיטיווו געמיט — דאָס אַלץ מישט זיך כסדר צונויף כדי צו שטערן דעם „רואיקן" געלויף פון דער „ריינער" קונסט.

אין „די הבטחה פון באַגינען" דערציילט זיך וועגן אַן אויסטערלישער ליבע פון אַ יידישער מאַמע צו איר זון. דער זון איז דער מחבר פון בוך. די מאַמע — אַ געוועזענע רוסישע אַקטריסע, וואָס איז זייער יונג, גלייך נאָכן געבוירן ווערן פון איר קינד, געבליבן אַן עגונה.

מיר ווערן שפּעטער געוואָר, אַז דער קליינער גאַרי האָט דערנאָך

עטלעכע מאָל געטראָפן זיין פאָטער אין פראַנקרייך. ער איז צוריקגעקומען פון דרום־אַמעריקע, גענומען אַ צווייטע פרוי, געהאַט מיט איר צוויי קינ־דער. די גאַנצע משפחה איז דעפּאָרטירט געוואָרן און אומגעקומען אין אוישוויץ.

בעת דער אויפנאַמע צום גאָנקור־פּריז, דערציילט גאַרי אין זיינע מעמואַרן, האָט ער צווישן די צוגעשיקטע באַגריסונגען באַקומען אַ בריוו, אין וועלכן עס ווערן אים דערציילט פּרטים וועגן אומקום פון זיין פאָטער. זיין פאָטער איז געשטאָרבן איידער ער האָט אַריבערגעטרעטן דעם איינ־גאַנג צום גאַז־קאַמער. ער איז געפאַלן אויף דער שוועל.

גאַרי דערציילט, אַז בעת דער שמחה פון זיין באַקומען דעם פּרייז, האָט ער זיך געפונען אין קאָרידאָר אַ האַלב־פאַרחלשטער. אלבער קאַמי, דער שפּעטער טראַגיש־אומגעקומענער פראַנצויזישער נאָבעל פּרייז־טרע־גער, איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען, אים דעליקאַט גענומען אונטערן אָרעם און אַ פאַרבלאָסטן אַריינגעפירט אין זאַל.

„דער פריער מיר כמעט אומבאַקאַנטער מענטש איז מיר דורכן בריוו פון אַן אומבאַקאַנטן געוואָרן אַ פאָטער אויף אייביק" — גיט צו ראָמען גאַרי.

אָבער דער אָנדענק פון פאָטער אין בוך איז בלויז געגעבן עפּיזאָדיש. דאָס בוך, אין גאַנצן גענומען, איז געהייליקט דער מאַמען, איר ליבשאַפט און געטריישאַפט צו איר בן־יחיד.

אַלץ וואָס ווערט דערציילט אין דאָזיקן בוך איז שפּאַנענדיק, אויס־טערליש ממש ביז אומוואַרשיינלעכקייט, העראָיש ביז אַוואַנטורע, אויפ־ריכטיק ביז ציניזם. אַלץ איז דאָ געגעבן אין גוזמאדיקע מאָסן, וואָס פּאַסן זיך אגב צו דער אויסערגעוויינלעכער ליבע פון דער מאַמע צו איר זון.

זי איז געווען אַן אַקטריסע אויף דער רוסישער בינע, און, ווי דער זון איז דערנאָך געוואָר געוואָרן פון עמיגראַנטישע רוסישע אַקטיאָרן, דער עיקר פון דעם גרויסן פילם־אַרטיסט איוואַן מאָזשוכין — אַן אָנגעזעענע בינע־קינסטלערין. זי איז אויך געווען, זאָגט עדות דער זון, זייער אַ שיינע פרוי. נאָכן געבוירן ווערן פון איר קינד און אַוועקגיין פון איר מאַן, האָט זי אָנגענומען דעם פעסטן באשלוס צו פאַרלאָזן אַלע בינע־ראָלעס און

אויסצופירן אַ גאַנץ לעבן בלויז די אייגע ראָלע — די ראָלע פון אַ מאַמע, וואָס גיט אָפּ אַלע כוחות אין דער צעיושעטער וועלט פון רעוואָלוציע און בירגער־קריג, דער קאַריערע פון איר בן־יחיד.

זי האָט פאַרלאָזט די רויט־אַרמייאישע בינע, ווו זי האָט געשפּילט טעאַטער איבער גאַנץ רוסלאַנד, אַוועק אין דער וועלט, געוואָרן אַ שניידע־רין אין ווילנע, אַ מאָדיסטקע אין וואַרשע, אַ ביזשוטעריע־רעפּרעזענטאַנ־טין, אַ שותּפטע צו אַ טאַקסי אין ניצע. אין די אַלע מלאכות, אָפּטמאָל מיט זייער ווינציק ברכות, האָט זי פאַרשווענדעט איר ענערגיע, איר טאַלאַנט צו געווינען דעם צוטרוי פון מענטשן, איר שאַרפן שכל, זייער אָפּט פאַר־בויגן איר כבוד, און דאָס אַלץ כדי צו האָדעווען איר קינד. די דאָזיקע מאַמע טראַכט און לעבט מיט איין־און־איינציקן ציל — מיט דער צוקונפט און קאַריערע פון איר קינד.

וועלכע קאַריערע וועט זי אויסקלייבן פאַרן בן־יחיד? פאַר דער דאָזי־קער מאַמע, וואָס איז מער יידיש לויט עמאָציאָנעלן אַטאַוויזם ווי לויט דערציאונג, און וועלכע פאַרמאָגט אַזוי פיל פאַנטאַזיע וויפל ענערגיע, זע־נען אַלע קאַריערעס מעגלעך; ער וועט אפשר זיין אַ דיכטער אַזוי ווי וויקטאָר הוגאָ, אַזאַ מיליטערישער גאון ווי באָנאַפּאַרטע, אַזאַ דיפּלאָמאַט ווי טיילעראַן, זי זעט יעדנפאַלס תּמיד די צוקונפט פון איר זון אין פראַנקרייך. דאָרט... דאָרט... אַזוי האָט זי שוין אַמאָל געזען איר קינד אין רוסלאַנד, שפּעטער אין ווילנע און נאָך שפּעטער אין וואַרשע.

איר זון האָט דערנאָך אין זיינע מעמואַרן אין פראַנקרייך געקענט מעלאַנכאָליש פרעגן: ווו ביסטו, אויסגעחלומט פראַנקרייך פון מיין מו־טער? האָסט קיין מאָל, פראַנקרייך, מיין אַדאָפּטירט פאָטערלאַנד, נישט דערגרייכט די הויכקייטן פון מיין מאַמעס פאַנטאַזיע!

נישט געווען קיין איין הבטחה פון די אַלע, וואָס זיין מאַמע האָט אים געמאַכט אין באַגינען פון זיינע יאָרן, וואָס זאָל נישט מקוים ווערן.

ווי אַ מיליטער־מאַן און נאַציאָנאַלער העלד האָט אים צו מאָרגנס נאָך דער באַפרייאונג דער גענעראַל דע־גאָל אויפן עטואַל־פּלאַץ עפנטלעך דעקאָ־רירט מיט דער העכסטער מיליטערישער אויסצייכענונג און זיך מיט אים צעקושט, פון וואָס דער סקעפּטישער שרייבער איז קענטיק נאָך היינט

שטאָלץ און צופרידן; פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַרן פאָטערלאַנד אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אים געגעבן געוואָרן דער הויכער דיפּלאָמאַטישער פּאָסטן פון אַ גענעראַל־קאָנסול אין לאָס־אַנדזשעלעס. אויך ער, ראָמען גאַרי, האָט זיינע צוזאָגן צו זיין מוטער געהאַלטן און פאַר איר געפּאָדערטן פּאַטריאָטיזם צו פראַנקרייך באַצאָלט מיט זיין פאַרוווּנדיקט לייב און מאָראַלישע וווּנדן אין זיין נשמה.

די קעגנזייטיקע צוזאָגן זענען אָבער דערגרייכט געוואָרן אַזוי אַנדערש, ווי די מאַמע און זון האָבן עס זיך פאָרגעשטעלט, און נאָך אַזוי פיל ליידן, אַז די מעמוּאַרן באַקומען דערפון אַן אמתע קוהלתדיקע באַפאַרבונג.

וועגן דער גלענצנדיקער קאַריערע וואָס דערוואַרט דעם קליינעם, דעמאָלט צעניאָריקן גאַרי, האָבן געוווּסט אַלע שכנים פון ווילנע, פון וואַרשע און שפּעטער פון ניצע.

אין ווילנע, אין הויף אויף גרויס־פּאָהולאַנקע 16, האָט זיך פון דער מוטערס באַרימערייען שטאַרק איבערגענומען דער יידישער שכן פּיעקעלני. ביים באַגעגענען דעם יינגל אויף די טרעפּ, רופט ער אים אַריין צו זיך, איז אים מכבד מיט צוקערלעך און זאָגט צו אים: „ראָמאַן, דו וועסט דאָך זיכער אַמאָל זיין אַ וויכטיקער מענטש, אַ מאַמע רעדט דאָך נישט בחינם, וועסט שרייבן אין די גאַזעטן, וועסט קומען צווישן אָנגעזעענע מענטשן, בעט איך דיך איין זאַך זיי צו זאָגן, אַז אויף גרויס־פּאָהולאַנקע 16 וווינט אַ מענטש מיטן נאָמען פּיעקעלני".

ווען אין יאָר 1943, דערציילט דער מחבר, איז ער געווען אין ענגלאַנד און ווי אַ פראַנצויזישער לופט־אָפיציר מיט זיין אָפּטייל דעפילירט פאַר דער ענגלישער קעניגין, האָט די קעניגין מיט אַמאָל געווענדט אירע טריט גלייך צו אים, זי האָט זיך האַסטיק דערנענטערט און דערלאַנגענדיק אים די האַנט, געפרעגט פון וועלכן טייל פראַנקרייך ער שטאַמט. — פון ניצע, מאַיעסטעט, — האָט געענטפערט דער פראַנצויזישער לופט־אָפיציר און גלייך צוגעגעבן: „אין ווילנע אויף גרויס־פּאָהולאַנקע 16 וווינט אַ ייד מיטן נאָמען פּיעקעלני". „די קעניגין איז אַוועק אַ דערשטוינטע, אָבער איך האָב געהאַט אַ ריין געוויסן" — שרייבט ראָמען גאַרי.

„איך האָב שפּעטער נאָך געהאַט פאַרשידענע געלעגנהייטן — דערציילט דער מחבר — אין עליזיי־פּאַלאַץ, אין אַמעריקאַנער ראַדיאָ און אויף דיפּלאָמאַטישע באַנקעטן צו דערמאָנען יענעם שעמעוודיקן ייד, וואָס איז שפּעטער דורך די היטלעריסטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זייף. איך האָב מיר מיינע צוקערלעך פון די קינדער־יאָרן כשר פאַרדינט" — גיט ער צו מיט אַ מין מאַקאַברישן הומאָר.

זיין „אייראָפּעאישע דערציאונג", וועגן מטורפדיקן יידן־געיעג אין דזשונגל אייראָפּע, האָט ער געשריבן אין די אַפריקאַנער פרייע סטעפּעס. ער האָט דעמאָלט געפירט איינע פון זיינע ראָמאַנטישע אַוואַנטוריסטישע ליבעס מיט אַ יונגער, שלאַנקער נעגערין, וואָס האָט שפּאַצירט אין איר נאַטירלעכן חוה־קאָסטיום אין איר פרייען אַפריקאַנער גן־עדן, און נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג פון אייראָפּעאיש־ציוויליזירטער בושה. אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך אויף איר קערפּער באַוויזן אַ פאַרדעכטיקער פלעק. דאָס מיידל איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל פאַר מצורעים און איר געליבטער האָט מער קיין מאָל נישט געהאַט רעכט זי צו זען.

אויף אַלע זייטן פון דעם מערקווירדיקן בוך לייגט דער מחבר ברייט אויס זיין אייפערדיקע שטרעבונג צום אַבסאָלוטן אמת, זיין ליידנשאַפטלעכן ווידערווילן צו אַלע אידעאָלאָגישע אָפּגעטער, וואָס אָנשטאָט צו זען אין מענטש אַ הייליקן ציל, זעען זיי אין אים אַ מיטל און אַ קרבן אויף זייערע אומריינע מזבחות.

דער מחבר איז אָבער ווייט פון ניהיליזם. ער בלייבט אַ קעמפערישע נאַטור, גרייט צו יעדער מלחמה קעגן פאַרשקלאַפונג פון מענטש.

יידיש, לויטן געמיט, לויטן געפיל, לויטן מענטשלעכן שטאָלץ, איז אָבער אין „די הבטחה פון באַגינען" נישטאָ קיין שום רמז און קיין שום פערזענלעכע שטעלונג צו יידישע פּראָבלעמען און יידישע וועלט־ענינים.

זייענדיק רייך אין דערפאַרונגען, מיט אַ שטורמישער יוגנט, אויסגעפילט דורך דער מוטערס זודיקן טעמפּעראַמענט און זיין אייגענער איבערגעטריבענער אינטענסיוויקייט, האָבן די מעמואַרן פון דאָזיקן נאָך היינט יונגן מענטש (בערך 45 יאָר) אָנגענומען דעם טאָן פון אַ זקן, אַ סקעפּטיקער. אָבער די צעזייטע איבער אַלע זייטלעך שיין־דערציילטע אויסטער־

לישע עפּיזאָדן גיבן צו דעם בוך אַ באַזונדערן רייץ און אַ מעלאַנכאָלישן הומאָר.

איינעם אַזאַ עפּיזאָד וואָלט זיך פּשוט שטאַרק וועלן, אַז ער זאָל זיין לעבעדיקער אמת און נישט די פּרוכט פון אַ רייכער פאַנטאַזיע:

ווען עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון לאַנדונג אין דרום־פראַנק־ און ער, ראָמען גאַרי, האָט באַדאַרפט זיין פון די ערשטע צו פּאַראַשוטירן אויף פראַנצויזישער ערד, האָט ער דורך פאַרשידענע שליחים פון דער אונטערערד און דורך מיליטערישע עמיסארן געפּרוווט זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט זיין מוטער, זי צו אינפאָרמירן וועגן זיין נאָענטן אָנקום.

ער איז ענדלעך אין פראַנקרייך און — גלייך אין ניצע. מיט אומגע־דולד און האַרצקלאַפּעניש לויפט ער צו דער מאַמען. אויפן אַמאָליקן אַד־רעס געפינט ער זי נישט. נאָך לאַנגע זוכענישן ווערט ער געוואָר, אַז זיין מאַמע לעבט שוין נישט מער ווי צוויי יאָר... ער האָט דאָך אָבער פון איר רעגולער באַקומען בריוו ביז דעם לעצטן טאָג? וויזט זיך אַרויס, אַז זיין גרויסע פאַרזאָרגערין האָט אים אויך פאַרזאָרגט מיט פּאָסט אויף דער גאַנצער מלחמה־צייט. פאַרויסזעענדיק איר נאָענטן טויט, האָט זי די בריוו אים איבערגעשיקט דורך דער פאַרמיטלונג פון אירער אַ פריינדין אין דער שווייץ.

לעבעדיקע, זודיקע מוטער־ליבשאַפט באַלזאַמירט אין תכריכים. איז נאָך פאַראַן אַ גרויליקערע איראָניע פון גורל?

פון דאַנען די ביטערע פּילן צוגעמישטע צו די קינדערישע זיסקייטן אין זיינע זכרונות, דער חוזק־טאָן, וואָס רייסט אָפּטמאָל איבער דעם ערנסט און דעם אידעאַליזם פון די מעמואַרן; און פון דאַנען דער יאוש און סקעפּ־טיציזם וואָס באַשאָטענען אַזוי די הייטערקייטן פון די ווילנער און וואַר־שעווער הייפן און פון די בחורישע יאָרן אין ניצע, איבער ליציי, אוני־ווערסיטעט, מיליטער־שול, מלחמה אין אַפריקע.

1962

# „בלוט פון הימל"

דער ייד איז געווען דער טאָטאַלער קרבן. דער דייטש — דער טאָטאַלער מערדער; די אַנדערע פעלקער — ווער אין אַ גרעסערער, ווער אין אַ קלענערער מאָס — די משרתים פון רוצח.

אַזאַ פאַראייניפאַכונג איז נישט נושא חן ביים מחבר פון „בלוט פון הימל" פיאָטר ראַוויטש, אַליין דער קרבן, אַליין דער עדות, פסיכאָלאָג און פילאָזאָף פון גרויסן פאָגראָם.

זיך דעצידירנדיק צו דער טאָטאַלער פאַרטיליקונג פון אַלע יידן אין אייראָפּע, זענען דעם נאַצי גזיטיק געוואָרן נישט בלויז פאַבריקן פון טויט, נאָר נאָך מער, פאַבריקן פון טומאה. דער דייטש האָט קודם כל געמוזט אָרגאַניזירן אַ קלימאַט פון אַבסאָלוטער פסולת און אין אים אַריינציען גרויסע שיכטן פון אַלע פעלקער: פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים, פיזיקער, כעמיקער, פסיכאָלאָגן, פסיכיאַטרן, מאָביליזירן די מאַסן־מערדער פון אייגענעם פאָלק און פון די אונטערגעוואָרפענע פעלקער. און ער האָט אויך אריינגעצויגן אין די נעצן פון טומאה יידן אַליין. דער קרבן גופא האָט געמוזט ביישטייערן צו זיין אומקום.

די גאַנצע מאַסע פון צעשפּרייטן יידנטום אין אַלע אָקופּירטע לענדער פון אייראָפּע איז געוואָרן דער טעגלעכער פאַנג־שטאָף פון אלע חיות רעות און פון אַלע פעבלס. אָבער אַ מינדערהייט, וואָס איז דורכן מערדער געוואָרן באַשטימט ווי אַן אינסטרומענט אין דער באַטייליקונג פון אייגענעם אויסראָט, האָט געמוזט כסדר באקומען די אילוזיע, אַז זי וועט געשוינט ווערן, אַז אירע פּריווילעגיעס פאַר געוויסע „לייסטונגען" זענען נישט קיין פּראָוויזאָרישע.

צו דעם צוועק זענען פונאַנדערגעשפּרייט געוואָרן נעצן, מאַטעריעלע און פסיכאָלאָגישע, זענען פונאַנדערגעשטעלט געוואָרן פּאָסטקעס, פּולאַפּקעס, שטרויכלונגען צו פאַנגען תמימים און קאַריעריסטן, זיי צו געבן אילו־

זיעס און אליביס, דורך וועלכע זיי זאָלן געשטרויכלט ווערן. דורך אָט די שטרויכלונגען־אַליביס זענען אַדורך די „געטאָ־קיסרים", די פּאַרזאָרגערס פון פּאַפּירן אין די אַרבעטס־לאַגערן, די קאַפּאָס, די אָרגאַניזירערס פון רעטונגס־אילוזיעס און אַנדערע „פאַלשע משיחים", ווי עס רופט זיי אָן דער מחבר פון „בלוט פון הימל".

מיט אָט די פּאסטקעס, דעם שפּינוועבס, אין וועלכן די פליג פאַלט אַריין מיט אַזאַ אומשולדיקער שולד, אָט מיט דער אַטמאָספערע פון אומ־רייניקייט פאַרנעמט זיך פּיאָטר ראַוויטש אין זיין גרויסן אויסטערלישן בוך פון מאָראַלישן חורבן, וואָס די סטרא אחרא האָט פּראָוואָצירט, אָרגאַניזירט און צוגעגרייט פאַר יידן אין דער ערשטער ריי, פאַר די אַנדערע פעלקער און די אַנדערע שפּעטערע, נאָך־זיג־עטאַפּן.

און די סטרא אחרא אַליין, איז זי געווען דאָס אויסשליסלעכע ווערק פון דייטש, די שאַפונג פון מענטש בכלל, אָדער אפשר גאָר אַ מעטאַפיזיש גורל־דיקע, אין וועלכער דער דייטש גופא איז דער געפאַנגענער, דער גע־שטרויכלטער פון די דעמאָנען, וואָס ציען די שטריקלעך?

ראַוויטש שטעלט קיינמאָל נישט בפירוש די דאָזיקע פראַגע, אָבער דער גאַנצער קלימאַט פון די עפּיזאָדן, דער טאָן, די שפּראַך, דער סאַרקאַזם, דער תליה־הומאָר, זעען אויס צו זיין באַשאַפן ארום אָט דער שיקזאַל־פראַגע.

אַ פאַרגלייך אָדער אַ קאָנפראָנטאַציע צווישן „בלוט פון הימל" פון פּיאָטר ראַוויטש און דעם בוך פון אַנדרע שוואַרצבאַרט „דער לעצטער פון די צדיקים", קומט ביים לייענען אויטאָמאַטיש אויפן געדאַנק.

איך וועל אָבער, מיין איך, גאָרנישט איבערטרייבן, ווען איך וועל באַהויפּטן, אַז ביי דער גאַנצער קידוש־השם־פולקייט פון שוואַרצבאַרטס בוך און ביים גאַנצן צומיש פון ציניזם אין ראַוויטשס בוך, איז דאָס לעצטע פיל נעענטער צום מהות פון מאַרטיראָלאָגיע, און דערמיט תוכיקער יידיש, ווי „דער לעצטער פון די צדיקים".

פאַר פּיאָטר ראַוויטשן איז נישט געשטאַנען אין דער ערשטער ריי דער קידוש־השם־מאָטיוו, נישט דער גרויסער פּאַסיווער קידוש השם פון אומ־

שולדיקן קרבן און נישט דער אַקטיווער קידוש השם פון יחידים, וועלכער קומט אין זיין בוך בלויז עפּיזאָדיש צום אויסדרוק.

פאַר דעם מחבר פון „בלוט פון הימל" שטעלט זיך די בלוט־וואַקכאַנאַ־ליע אין איר גאַנצער אַבסורדאַלער משוגעת ווי אַ קאַטאַסטראָפע, אין וועל־כער כביכול אַליין האָט פונאַנדערגעלאָזט אַלע דעמאָנישע טרייב־כוחות פון מאָרד און געפאַלנקייט.

ווי קאָן אַ מענטש, איך בעט אייך, וואָס שילדערט מיט אַ מאַקאַבערישער פּייערלעכקייט די צערעמאָניע פון באַטאָפּן זיין העלדס „מילה" דורך אַ טמאדיקן דייטשן לייטנאַנט, אַן אוקראַינישן געלערנטן און מיליטערישע כירורגן, נאָך רעדן וועגן קדושה, אַפילו פון קרבן?

אָט די אַלע גרויסמוטיקע עקספּערטן קענען נישט אומברענגען קיין אומשולדיקן אַריער, אויב עס איז אמת, אַז ער, דער באַזיצער פון די פּאַפּירן אויפן אוקראַינישן נאָמען, יורי קאַלעץ, איז טאַקע אַן אַריער; זיי קענען אָבער נאָך וויניקער עובר זיין אויפן געבאָט פון נישט לאָזן לעבן אַ ייד, אויב דער געמלהטער איז דאָס, אויף וואָס עס וויזט דער אות ברית אין זיין אבר.

איז עס טאַקע אַ רירנדיקע חקירה ודרישה לטובת דעם אמת פאַר די ס. ס. און געלערנטע. אָבער דער מחבר פון בוך האָט נישט בלויז אריינ־געבליקט אין שאול תחתיה, נאָר פיל ווייטער און טיפער — אין סאַמע תהום פון פאַרברעכן און אַבסורד און דאָס וואָרט פון קדושה, אַפילו פון די קרבנות, גייט אים נישט איבער די ליפּן.

און ווי קאָן אַ מענטש, וואָס האָט געזען זיינע ברידער אין געטאָ, אין די קאָרידאָרן פון טויט, האַנדלען מיט זייער לעצטער סחורה (אַ, הייליקע קרעמער, שליחים פון מלאך המוות) רימען מיט מאַקאַבערישער התלהבות זייער סם, וואָס גיט די באַפרייאונג פון לעבן און געציילטע סעקונדן, נאָך ברענגען איבערן מויל רייד פון קידוש השם?

און ווי קאָן אַ מענטש, וואָס האָט געזען דעם ראש הקהל פון געטאָ ליפערן זקנים צום טויט, ווייל „עס איז דאָך לאָגישער און עטישער מקריב צו זיין זקנים, ווי קליינע קינדער", וואָס האָט געזען דעם הויפּט־דאָק־טאָר פון יידישן שפּיטאָל מאכן ענלעכע קאַלקולאַציעס מיט פלעגע־שוועס־

טערן אין זיין שפּיטאָל, ווייל אַלץ איינס מוז מען דאָך מולכן געבן זיין פּייער־אָפּפער. ווי קען נאָך דאָ זיין א רייד פון קדושה, אָן חילול השם פאַר די רייד גופא?

נייַן, ראַוויטש גיט אונדז דעם שווידערלעכסטן אוניווערס פון דער סטרא אחרא. די וועלט פון באַרויבטן צלם אלוהים. און אַלע עפּיזאָדן, פּערסאָנאַזשן, אַלע ווערטער, דער גאַנצער סטיל און ביטערער חוזק, וואָס איז אויסגעגאָסן אויף אַלע שילדערונגען, אויפן גאַנצן אינהאַלט, זענען בלויז די באַשיידנסטע מענטשלעכע מיטלען אַרויסצוברענגען וואָס שאַרפער, ווי ווייט בולטער די לופט, דעם קלימאַט, אין וועלכן עס אָטעמט, עס גוססט און פאַרגייט אָט דער שווידערלעכער אוניוועריס.

*

דאָס בוך פון פּיאָטר ראַוויטש איז נישט קיין אויטענטיש־דאָקומענטאַרע שאַפונג. עס איז סימבאָל און תמצית און גיט דעם מחבר אַ מעגלעכקייט פון פרייער באַוועגונג אין אַלע דריי הויפּט־אָפּטיילונגען פון גיהנום־געטאָ.

אין ערשטן אָפּטייל, אין געטאָ, ערגעץ ווו אין אַ פאַרבאָטענער שטאָט, וואָס קען זיין לעמבערג, לאָדזש, ווארשע, קראָקע, אָדער ערגעץ־אַנדערש־ווו פון אַלע געטאָס פון ימי היטלער, זשיפּעט, גוססט אַ יידישע באַפעלקערונג, פאַרמשפּט צום טויט; אַלע טאָג ווערן זיי פאַרמינערט, איינגעשרומפּענער. אַקציעס, שחיטות, גירושים זענען די טאָג־טעגלעכע אַנזאָגן פון פולער אויסראָטונג. בלויז אַ הייפל צייטווייליק פּריווילעגירטע קאָמבינירן נאָך צו דערגרייכן פאַר זיך אַ „נדחה".

באַריס, דער העלד פון ראָמאַן — ווייל דאָס בוך איז געשריבן אין פאָרעם פון אַ ראָמאַן, אין דריטער פּערזאָן — באַריס איז אַ זון פון אַ רייכן אָפּשטאַם, אַ יונגער באַראָן, זעט און אָבסערווירט. ער שמועסט. מען פאַרטרויט זיך פאַר אים. ער קען די פּריווילעגיעס און קען די פּריווילעגירטע. ער זעט ווי די רעדער דרייען זיך און דרייען אַלע מיט אין ענדגילטיקן סוף אַריין. אין טאָג פון פולער ליקווידאַציע באַקומט ער זיך אַריבער מיט זיין כלה אויף דער אַרישער זייט.

די צווייטע אָפּטיילונג פון בוך איז אויסגעפילט מיט די פּחדימדיקסטע עפּיזאָדן, אוואַנטורעס און שאַנטאַזשן, וואָס האָבן זיך נאָר געקענט טרעפן אַ ייד אין זיינע וואַנדערנישן אין פרייען דזשונגל פון איירָאָפּע אין יענע צייטן.

דער דריטער קאַמער פון גיהנום, איז די תפיסה, ווו ער פאַלט ענד־לעך אַריין, ווען ער געפינט זיך אויף אַ וואָקזאַל.

עס זיצן דאָרט בכבודע מערדערס, קיילערס, שמוקלערס, אָבער אַלע זענען זיי פיינע אַריער און אַלע האָבן זיי בלויז איין טענה צו דער יידישער חוצפּה פון יורי גאַלעץ איינצורעדן דער וועלט, אַז ער איז נישט קיין ייד... „אַפילו אַוועקגיין פון דער וועלט וויל ער ווי אַ ליגנער" — זאָגן די אָרנט־לעכע מערדערס און קיילערס צו אים אין תפיסה.

ביי זיין גאַנצער אַפּאַטיע און עקל צום לעבן, ווילט זיך אים דווקא, דעם „אַריער" יורי גאַלעץ, פאַרט ארויסרייסן דאָס לעבן פון ייד באַריס פון די גויאישע רוצחישע הענט, וואָס געלונגט אים אויך קעגן אַלע געבאָטן און געזעצן פון היטלערס דזשונגל.

אין מינוטן פון פולן יאוש, באַווייזט זיך אים אין דער פאַרטאָגס־דע־מערונג אַ ליכט פון די קינדער־יאָרן, דאָס דריי־פלאַמיקע אות (די שין פון שדי).

געשטאַרקט דורך אָט דעם צייכן פון לעבן, קעמפט ער ווי יעקב מיטן מלאך און רייסט אַרויס זיין לעבן פאַרן פרייז פון אָנפילן זיין גאַנץ נפש מיט עקל און ווידערווילן, פון וואָס דער תליה־הומאָר אין בוך איז דער שאַרפסטער אויסדרוק.

עס איז אַ בוך פול מיט די אויסטערלישסטע און שווידערלעכסטע עפּי־זאָדן אַפילו פאַר אָט דער תקופה און פאַר יענע אומשטענדן פון סאַמע גי־הנום פאַר יעדן ייד.

עס איז אַ בוך פון איבערלעבונגען, דורכגעגאַנגענע דעם פילטער פון דיסטאַנצירטע דורכטראַכטענישן און קאָמענטאַרן, געמישט פון מעלאַנכאָ־לישער איראָניע און פאַרנעפּלטן מיסטיציזם, פון אַ געניאַלער בליציקייט און פון אָפּט מאָל קאַלטער פסיכאָלאָגישער אַנאַליזע פון אַ האַלוציני־רנדיקן רעאַליזם און פאַנטאַסמאַגאָרישער פּאָעטישקייט.

עס איז דאָס בוך פון אַ גרויסן חורבן: דעם מאָראַלישן חורבן פון אַ חרובער מענטשהייט, וואָס האָט געקאָנט געשריבן ווערן פון אַ מחבר, וואָס האָט זיינע איבערלעבענישן לאנג אַנאַליזירט, פסיכאָלאָגירט און פילאָזאָפירט.

*

דאָס בוך איז געשריבן אין פראַנצויזיש. דער מחבר שטאַמט אָפּ פון מזרח־גאַליציע, געקומען קיין פראַנקרייך ערשט נאָך דער מלחמה.

ער רעדט פליסיק אין עטלעכע אייראָפּעאישע שפּראַכן, אויך פּויליש און רוסיש.

## הערש מענדלס מעמואַרן *

משה גראָסמאַן האָט אַנומלט אויסגעבויט אַ ראָמאַן פון די אים דער־ציילטע שטורמישע אַוואַנטורעס פון הערש מענדלס לעבן. ער האָט דאָס בוך, וואָס ער האָט אָנגערופן „אַ ווידוי פון אַ רעוואָלוציאָנער", באַצייכנט ווי אַ „פּאָליטישן ראָמאַן". איצט איז געקומען דער לעבעדיקער העלד פון ראָמאַן, וועמען עס האָט אַפּנים נישט באַפרידיקט די קינסטלערישע באַל־זאַמירונג פון זיין לעבעדיק לעבן. איז ער אַראָפּ פון די פּיקציע־בלעטער, וואָס דער ראָמאַניסט האָט פאַר אים באַשטימט און זיך אַליין איבערגע־שריבן אויף זיין אייגענעם לשון.

קען דאָס איבערגעשריבענע בוך זכרונות אויסהאַלטן דעם פאַרגלייך מיט דער בעסטער מעמואַריסטיק פון דעם מין און אויפן ספּעציעלן געביט פון יידישער רעוואָלוציאָנערער מעמואַריסטיק וועט דאָס בוך זיכער גע־הערן צו די זעלטנסטע.

דער מחבר פון די זכרונות איז ווייניקער פון אַלץ אַ סתם־אַוואַנטו־ריסט, אַ זוכער פון אויסטערלישע פּאַסירונגען. ער איז קודם־כל געווען און געבליבן אַן אידעאַליסט. דאָס דאָזיקע קינד פון דער אָרעמקייט פון סמאָטשע־גאַס האָט פּשוט געבענקט נאָך מסירת־נפש, האָט פּשוט געזוכט זיך צו ברענגען פאַר אַ קרבן פון „אידעאַל לטובת דער מענטשהייט". אויף אָט דעם וועג פון זוכענישן האָבן אים אָפּגעוואַרט אויסטערלישע פאַלן און צופאַלן.

הערש מענדל האָט דורכגעמאַכט אַלע מינים פּאָליטישע און פאַר־

* „זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער". פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב 1959. פּרעמירט אין כתב־יד דורך דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס אין פראַנקרייך. הקדמה: יצחק דויטשער.

טייאישע גלגולים, ווייל מיטן דאָזיקן מענטש האָבן קיינמאָל נישט געלענקט קיין דאָגמעס, נאָר דער גייסט פון אַ רעוואָלוציאָנער. אָט דעם בונטאַרישן מהות און תוך פון זיין כאַראַקטער איז ער דורך אַלע גלגולים און מעטאַ־מאָרפאָזעס טריי געבליבן.

איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געזען הערש מענדלען אין אָנהייב מלחמה אין פּאַריז. אין די בונדישע קרייזן, ווו איך האָב אים דעמאָלט געזען, האָט מען מיר אָנדערציילט לעגענדעס און נסים וועגן זיין פאַרגאַנ־גענהייט. ר׳איז שוין דעמאָלט געווען נאָך אַלע זיינע גרויסע קאָמוניסטישע אַוואַנטורעס. ער האָט דעמאָלט געהאַלטן ביי נעאָ־בונדיזם מיט טראָצקיס־טישער באַפאַרבונג. פון אַלע זיינע רייד און באַוועגונגען האָט אָפּגעקלונגען מיט פאַרגאַנגענער גדלות.

די בונדישע בגדים האָבן אויף אים אויסגעזען לויז, אומגעפּאַסט.

אין יאָר 1943 — איך האָב דעמאָלט געלעבט ווי אַ באַהאַלטענער ייד אין אַ דאָרף נעבן ליאָן — האָט זיך אין דאָרף אַראָפּגעלאָזט דער שטאָב פון די לינקע פּועלי־ציון מיט זיין צענטער פון הילף און ווידערשטאַנד. הערש מענדל איז געווען צווישן זיי.

אויך די נייע ציוניסטישע בגדים האָבן דעמאָלט אויף אים אויסגעזען אומגעפּאַסט, צו ענג, אָדער צו ברייט. דאָך האָט ער זיך אין זיי פּרייער באַוועגן. דאָס האָט אים דער באַראָכאָוויזם, דער יידיש צוגעשניטענער מאַרקסיזם, צוגעגעבן גייסטיקע פליגל און פרישקייט. דער דאָזיקער העלד פון זיין אייגענעם ראָמאַן, וואָס איז אַרויס פון די סמאָטשער אָרעמע קע־לערס אָן שום בילדונג, איז עפּעס ווי געבוירן געווען פאַרן מעטאַדישן דענ־קען און ספּעציעל פאַר מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק. ער האָט נישט בלויז תופס געווען דעם מאַרקסיזם אין אַלע זיינע פּירושים און אָפּצווייגונגען, נאָר פּשוט אויסגעזען ווי פאַר זיי באַשאַפן. נאָכמער, ווי ער וואָלט זיי אַליין באַשאַפן.

דאָרט, אין באַהעלטעניש, באַקענען מיר זיך נענטער. מיר שמועסן זייער פיל. אויף מיין סקעפּטיציזם בנוגע אַלע טעאָריעס, שמייכלט ער. אָבער ער האָט ליב מיט מיר צו רעדן. איך פון מיין זייט באַוווּנדער זיין חריפותדיקע תפיסה. איך פאַרשטיי נישט ווו ער האָט גענומען זיין נייגונג

צו אַנאַליזירן אַלע געשעענישן אין ליכט פון טעאָריעס. איז ער דאָך פון די קינדער־יאָרן אָן געווען אַרומגענומען מיט די האַרטע צוואַנגען פון פּראַקטישן לעבן.

ווידער בהלה, ווידער פחד, ווידער געלויף. דער געשטאַפּאָ־וואָגן האָט זיך לעצטנס מערערע מאָל באַוויזן אין דאָרף. דער פּועלי־ציון־שטאַב אַנט־לויפט אין דער איטאַליענישער זאָנע. איך באַשליס צו בלייבן.

אין די דאָזיקע טעג פון קאָנספּיראַציע, פון אומלעגאַלקייט, האָט זיך הערש מענדל אייגנטלעך געפילט כמעט ווי באַקוועם. ער איז געווען אין זיין עלעמענט. עס האָט אים בלויז ווײי געטאָן, וואָס צוזאַמען מיט אים איז אַ גאַנץ פאָלק געוואָרן אומלעגאַל.

סוף 1944 טרעפן מיר זיך אין פּאַריז ווי באַפרייטע, אָבער מיט הערצער באַשווערטע. מיר קענען איצט דעם טרויעריקן בילאַנס. ער, הערש מענדל, האָט נאָך באַזונדערע פּערזענלעכע סיבות, וואָס דריקן אים: זיין פרוי, זיין חברטע פון תפיסה, פון קאַמף און פון אַנטוישונגען, האָט געטיילט דעם גורל פון די יידן אין וואַרשעווער געטאָ, ווו זי איז געבליבן.

און איצט מיש איך די בלעטער פון זיינע זכרונות און איך קאָנפראָנ־טיר זיי מיטן מענטש, וואָס איך קען און עס איז מיר זייער גוט פעסטצו־שטעלן, אַז די האַנדלונגען פון דאָזיקן מענטש זענען תמיד געלענקט געוואָרן דורך אַ הויכער פאַר אים אינסטינקטיווער מאָראַל.

דאָס דאָזיקע קינד פון דער שוידערלעכסטער אָרעמקייט האָט, ווי ער דערציילט אין די מעמוארן, שוין אין די יינגסטע יאָרן דורך זיין ברודער און דורך דער „גאָס״, געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער אונטערוועלט. אָבער צווישן איר און די סאָציאַליסטן, וואָס פירן קעגן איר אַן אויסראָטונגז־מלחמה, ווילט ער אויס די סאָציאַליסטן.

דאָס איז פאַר אים סימבאָליש פאַר זיין גאַנץ לעבן. ווען ער שטייט פאַר אַן אויסוואַל צווישן דעמאָראַליזאַציע און מאָראַל, צווישן דעגענעראַציע און הומאַניזם, וואַקלט ער זיך קיינמאָל נישט. דער טעאָריעס־ליבהאָבער וואַרפט אַוועק דאָגמעס און תורות און שטעלט זיך אויף דער זייט פון דער מאָראַל.

דער מענטש, וואָס איילט זיך פון פּאַריז, ווו ער געפינט זיך שוין בעת דעם ערשטן וועלט־קריג, צו זיין אויף דער ערד, פון וואַנען עס קומט די

בשורה פון דער רעוואָלוציע; דער מענטש, וואָס געפינט זיך אין די ערשטע רייען צו שטורמען דעם מאָסקווער סאָוויעט, ווען ער איז באַזעצט דורך די ווייסגוואַרדייער; דער מענטש, וואָס געפינט זיך אין די פאָדערשטע רייען צו פאַריאָגן קאָרנילאָוון; דער מענטש פון אַזויפיל יאָרן פוילישע תפיסות, פון טויט־אורטיילן; דער מענטש, וואָס די פאַרטיי שיקט אין יאָר 1928 צו שטודירן אין דער מאָסקווער לענין־שולע; דער דאָזיקער מענטש וואַקלט זיך נישט, ווען ער זעט שוין דעמאָלט אין מאָסקווע דעם זיג פון דער סטאַלי־ניסטישער דריי־אייניקייט: חניפה, מסירה און מאָרד, צו פאַרלאָזן פריער פון אַלע „זיין" פאַרטיי, אויף אייביק מיט איר איבערצורייסן.

די שפּעטערע פאַזע פון ירידה, די מאָסקווער פּראָצעסן, דער פאַקט מיט היטלערן, דער מאָרד פון טראָצקי און אַלע האַנדלונגען נאָך דער מלחמה, זענען פאַר אים שוין בלויז אַ פּועל יוצא פון דעם, וואָס ער האָט שוין אין מאָסקווע געזען אין די יאָרן 1928 און 1929.

*

איצט זיצט הערש מענדל אין ישראל, שוין עטלעכע יאָר. ער זעט דאָרט די פאַרווירקלעכונג פון אַן אמתער מענטשלעכער רעוואָלוציע און זעט דאָרט זיין אָרט.

און „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע" זענען די ווערטער, וואָס זענען אים געבליבן צום נאָענטסטן.

1959

# לעבן און דיכטונג פון אַ זשעני

זיך אַ זשעני אויף אונדזער ערד איז נישט פון די באַקוועמע זאַכן, נישט פאַרן זשעני און נישט פאַר די אַרומיקע. די מיטלמעסיקייט איז גוט אָרגאַניזירט. אַלע אויסגעטראָטענע וועגן ווינקען מיט זייער גלאַטיקייט און באַקוועמלעכקייט, אַלע שטרויכלונגען זאַמלען זיך אונטער די פיס פון באַן־ברעכער. איז דער אויסוואַל טאַקע די מאָס פאַר דער עכטקייט פון כאַראַק־טער: צי האָבן מיר פאַר זיך אַ פסעוודאָ־רעוואָלטירער, וואָס וועט פריער אָדער שפּעטער געלאָקט ווערן דורך גלאַטיקע וועגן, אָדער מיר האָבן פאַר זיך איינעם פון יענע זעלטענע טיטאַנען פון גייסט, וואָס קענען זייער נאַקן נישט בייגן, וואָס זייער פּערזענלעכע אחריות איז אַ שטיק פון דער וועלט־אחריות, ווייל זיי זענען נישט בלויז ברואים, געשאַפענע, נאָר אויך בוראים, שעפער.

אויך אין דער ליטעראַטור, קונסט, פּאָעזיע, שטייען די גלאַטיקע וועגן גרייט. אַלע אימיטאַטאָרן, מעלי־גירה און פסעוודאָ־קינסטלער גייען אויף זיי. אויך דאָ זענען אַלע נייקייטן פאַרדעכטיק אין די אויגן פון דער מיטל־מעסיקייט. אָבער יענער, יענער זעלטענער גייסטיקער גלאָבטראָטער, יענער גרויסער זעער און גרויסער באַנעמער, פאַר אים איז דער אויסגעטראָטענער וועג צו ענג פאַר זיין שפּאַן, די גרייטע ראַמען צו שמאָל פאַר דעם געזעענעם און באַנומענעם.

מיט איינעם אַזאַ אויטענטישן טיטאַן פון גייסט, מיט אַזאַ פּאָעט פון עכטן מעטאַל, מאַכט אונדז, יידישע לייענער, באַקאַנט דער מחבר פון בוך „זשאַן אַרטור רעמבאָ" (ארויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג „אידישער קעמפער", ניו־יאָרק 1950), מלכה לאָקער. מיר זאָגן דער דיכטער רעמבאָ אפשר נאָר דערפאַר, ווייל פאַר אונדזערע אָרעמע שפּראַך־מיטלען זענען באַקוועמער פאַראַלגעמיינערונגען ווי פּרעציזירונגען. אין דער אמתן האָבן מיר דאָ פאַר זיך אַ גיגאַנטישן נאַטור־כוח, אַ פייער־שפּייענדיקן ווולקאַן, וואָס זיינע

ברענענדיקע און בליצנדיקע פייער־ווערטער באַלייכטן דאָס אומבאַקאַנטע, דאָס אומאַנטפּלעקטע.

ווייניק מענטשן פאַרשטייען רעמבאָ, ווייניק מענטשן האָבן זיך געגעבן די מי אַריינצודרינגען אין דעם, וואָס ער אַליין האָט אָנגערופן „די אַלכעמיע פון וואָרט", זיין אַלכעמיע, זיין מאַגישע קאָמבינאַציע פון ווערטער, קלאַנגען און אינהאַלטן. אָבער די ווייניקע, וואָס פאַרשטייען אים, בלייבן אויף אייביק זיינע געפאַנגענע, עקזאַלטירטע אָנהענגער און חסידים. צו די ווייניקע געהערט דער מחבר פון בוך.

מלכה לאָקער ווערט נישט מיד צו לערנען אַליין און לערנען מיט אונדז אַ פּרק רעמבאָ. נישט בלויז פאַרשטייט זי אים, נישט בלויז פאַר־טייטשט זי אים, נישט בלויז זעצט זי אים איבער און פאַרזעצט גלייך דעם טעקסט מיט התפעלותדיקע הערות, נאָר זי אידענטיפיצירט זיך מיט אים ווי אַ גוטער לייענער פון „זוהר" באַהעפט זיך מיט די הייליק־פאַרשיכורנ־דיקע ווערטער פון ספר ביז צום ווערן אַליין אַ בעל־„זוהר".

און רעמבאָ האָט באמת אַ סך פון אַ יידישן מקובל. ווי אַ מקובל גיט ער צו אַ גרויסע באַדייטונג דעם אָפּקלייב פון ווערטער. ענלעך ווי די מקובלים איז ער מצרף ווערטער און קלאַנגען. אין ערשטן עסיי וועגן רעמבאָ שרייבט מלכה לאָקער: „ווערטער זענען סימבאָלן, נעמען פון באַגריפן, פון מינים, פון זאַכן, פאַר די מקובלים זענען דאָס אותיות, נקודות שוין געווען. מיט דער הילף פון צאָלן האָבן זיי פאַרויסגעזען די צוקונפט פון דער וועלט פון אונדזערע אייגענע. חוץ דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט האָבן זיי תופס געווען אַ העכערע מיט כלערליי ספירות".

זיך דערשלאָגן צו די העכערע ספירות מיט נייע אויסדרוק־מיטלען, דורך „זעען", דאָס ווערט זיין שטרעבונג, זיין ציל. ווערן אַ זעער, אַ חוזה. אין אַ בריוו צו זיין פּראָפעסאָר איזאַמבאַר (ציטירט לויט דער איבערזעצונג פון מלכה לאָקער) שרייבט ער: „איצינד פאַרגראָב איך זיך אַליין. פאַרוואָס? איך וויל זיין אַ דיכטער און איך אַרבעט דעריבער צו ווערן זעעוודיק. מען דאַרף גיין צו דער גרענעץ פון אומבאַקאַנטן, די יסורים זענען אין לשער, ביטער פאַרן האַלץ, וואָס ווערט געוואָר, עס איז אַ פידל". אין אַ צווייטן בריוו, ציטירט דורכן מחבר, שרייבט ער: „דער פּאָעט מאַכט זיך זעענדיק

דורך אַ לאַנגער, אומגעהייערער, אויסגערעכנטער אַנטרעגלונג פון אַלע זינען, אַלע פאָרמען פון ליבע, פון ליידן, פון משוגעת. ער זוכט אַליין, ער שעפּט אויס אַלע גיפטן, כדי נאָר צו באַהאַלטן דעם קווינטעסענץ". און די עסייאיסטין גיט צו פון איר זייט: „אַזוי שטייט רעמבאָ איינער אַליין אין חלל און ראַנגלט זיך צו דערגיין צו כאַאָס, ראַנגלט זיך צו דערגרייכן צום מחוץ פון גוף און נשמה".

אינגאַנצן פיר יאָר האָט רעמבאָ געשאַפן און דאָס איז געווען אין די קינדער־יאָרן צווישן 15 און 19 יאָר. אין דער צווייטער העלפט פון זיין לעבן, וואָס האָט אויך נישט מער געדויערט ווי 19 יאָר, האָט ער אַלץ געטאָן צו פאַרגעסן און מאַכן די וועלט פאַרגעסן, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ דיכטער. ער האָט דעמאָלט נישט געשריבן קיין פּאָעזיע, נאָר געלעבט פּאָעזיע. איך זאָג נישט געלעבט פּאָעטיש, ווייל דאָס לעבן אויף די גרויסע וועגן פון דער וועלט איז אפשר נישט געווען פּאָעטיש. אָבער ער, ער האָט געלעבט פּאָעזיע, איבערגעלעבט פּאָעזיע, אַזוי ווי ער האָט פריער געשריבן פּאָעזיע. עס זענען אפשר געווען די יאָרן פון קבלה מעשית (פּראַקטישער קבלה), אַנשטאָט וואָס פריער איז עס געווען קבלה עיונית (טעאָרעטישע קבלה).

„די פּאָעזיע וועט נישט מער ריטמירן די טאַט, זי וועט איר גיין פאָרויס". די פּאָעזיע, הייסט עס, וועט נישט מער באַזינגען דאָס געטוענע, נאָר ווערן דער נביא פון דער טאַט. רעמבאָ האָט דאָס שפּעטער באַשטעטיקט אין זיין לעבן. זיינע פיר יאָר דיכטונג זענען טאַקע געווען אַ פאָרויסגאַנג צו דער טאַט, צו דער גרויסער, טראַגישער אַוואַנטורע.

ווען ער איז געווען ווייט, ווייט פון דער פּאָעזיע (שבכתב), ווייט פון פראַנקרייך, האָט מען אין פראַנקרייך געפייערט מיט גרויס ענטוזיאַזם זיין דיכטונג. ער האָט אָבער איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך אָפּגעזאָגט פון איר, פון איר און פון די אָפּשאַצונגען וועגן איר. דאָרט, ערגעץ ווייט אין אַבי־סיניע, איז ער געווען אַריינגעטאָן אין וווּנדערלעכע אַוואַנטורעס. ער האָט דעמאָלט אויסגעלעבט די וויזיע פון זיין באַרימט ליד „די שיכורע שיף", ווו ער גיט אַן אויסטערלישע וויזיע פון אַ שיף אָן אַ רודער, וואָס גייט מיט לאָדונג פון אַמעריקע איבער אָקעאַנען. די רודערער זענען אַוועק און די

שיף טראָגט זיך אַליין דורך טעג און נעכט איבער ימים, פאַרפלייצטע איינזלען אין באַגלייטונג פון שטורעמס, בליצן, דונערן, דורך הפקרות און פיין, פרייהייט און כאַאָס.

דער שטורעם האָט געבענטשט מיין אָקעאַניש דערוואַכן
מיט כוואַליעס סכנות, געפאַלענע קרבנות,
ווי אַ קאָרעק געטאַנצט האָב איך, לייכט מיט די דראַכן,
צען נעכט לאַנג, נישט געדורשט נאָך היים און בטלנות.

זינט דעמאָלט בין איך געבוירן אין שירה
פון ים, באַלויכטן פון מילך־פלאַנעטן,
פאַרגאָסן פון גרינע אַזורן, וואָס צירן
בלייך דערטרונקענע אויף ווייכע וואַסער־בעטן.

לויט דער איבערזעצונג פון מלכה לאָקער

אויב יעדער אמתער דיכטער קען אויף זיך זאָגן די ווערטער פון תהילים „מבשרי אחזה אלהי", פון מיינע אינערלעכקייטן זע איך גאָט, און צומייסט מיטן אַקצענט אויפן מ ב ש ר י, אויפן פּערזענלעכן, האָט רעמבאָ געשטעלט דעם אַקצענט אויפן אחזה, אויפן זען. ער האָט געהאַלטן די מדרגה פון זען פאַר די העכסטע אין דער דיכטונג.

„וואָלט אונדזער צייט נוטה געווען צו קאַנאָניזירונג, וואָלטן מיר געדאַרפט זאָלבן אַ נייעם הייליקן סאַנקט־אַרטור" — רופט אויס מיט באַגייסטערונג דער מחבר.

מלכה לאָקער וויקלט אונדז אויף די מגילה פון רעמבאָס לעבן מיט אַ סך זיין פאַרן דאַזיקן לעבן, מיט אַ סך אינטערעס לייענט זיך דער אויסטייטשערישער טייל פון בוך, די הערות, באַמערקונגען, לירישע פירושים און ציטאַטן. עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַ גרויס לעבן, אַ גרויסער גערעאַנגל פון אַ גיגאַנטישן גייסט, פון דער משפחה פון מיטאָ־לאָגישן פּראָמעטעאוס. אויך ער איז גרייט געווען צו גנבענען פייער און וואַרפן פאַר די מענטשן. ער איז גרייט געווען אויף אַלע אינערלעכע טאָר־

טורן פאַר פּרוּוון פון אויסלייז. עס געלינגט דעם מחבר פון בוך „זשאַן אַרטור רעמבאָ" אונדז קלאָר צו מאַכן די ריזיקע געשטאַלט פון גאוניש איבעררייפן קינד, וואָס צו 19 יאָר האָט ער שוין נישט מער געשריבן, און איצט, 80 יאָר דערנאָך, האָט אים נאָך אַלץ די וועלט נישט אויפגעהערט אויסצוטייטשן און אין אים אַריינצוטייטשן.

ווען מיר קומען אָבער צו די איבערזעצונגען אַליין האָבן מיר דעם איינדרוק, אַז עס איז נישט געלונגען דער איבערזעצערין צו געפינען אַלע־מאָל דעם געהעריקן עקוויוואַלענט פון רעמבאָס אויסדרוק אין דער יידישער שפּראַך. דאָס מאַכט דעם אַזוי אויך ווייניק צוגענגלעכן דיכטער נאָך ווייני־קער קלאָר.

דאָך, נאָך אַ פאַרטיפערונג פון עטלעכע מאָל איבערלייענען די טעקסטן פון רעמבאָ מיטן שליסל־פּירוש פון מלכה לאָקער, ווערט מען פאַרהיימישט און צוגעוווינט צו די ווערטער פון דיכטער, די ווערטער באַקומען אַ זין און די אָפּגעריסענע זאַצן קריגן זייער אייגענע לאָגישע באַהעפטונג.

די דיכטערין מלכה לאָקער האָט אונדז אַריינגעפירט אין די מיסטע־ריעזע וויזיאָנערישע וועלטן פון איינעם פון די גרעסטע מייסטער פון דער פראַנצויזישער סימבאָליסטישער פּאָעזיע. מיט דעם האָט זי זיך פאַרדינט געמאַכט פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

1950

# אַלבער מעמיס „פּאָרטרעט פון אַ ייד“

דער מחבר פון בוך „פּאָרטרעט פון אַ ייד“, אַלבער מעמי, איז אַ ייד פון טוניס, דערצויגן אין דער פולער יידישער טראַדיציע פון זיין שבט; שפּראַכלעך און קולטורעל האָט ער זיין גייסטיקע פאָרמירונג קאָמפּלעטירט אין דער פראַנצויזישער שפּראַך און אין דער פראַנצויזישער הויכשול. ער איז היינט אַ באַדייטנדיקער שריפטשטעלער, אין די אינטעלעקטועלע קרייזן פון יונגן לינק־געשטימטן לאַו־דווקא קאָמוניסטישן פראַנקרייך, געניסט ער פון דער רענאָמע פון אַ גערעכטיקייט־זוכער, פון אַ מענטש, וועלכער האָט זיין צייט, זיינע פעיקייטן און זיין וויסן געווידמעט דעם גורל פון אונטערדריקטן.

ער איז אַן אויסגעצייכנטער סאָציאָלאָג, אַ פּסיכאָלאָג און אַ פּסיכאָ־אַנאַליטיקער. די אַלע עלעמענטן און קוואַליפיקאַציעס פון אַ שריפטשטעלער, פון אַ פאָרשער, אַנאַליזירער און שילדערער, טוט ער אַריין מיט אַ ברייטער האַנט אין די ווערק, וואָס ער שרייבט.

איידער ער האָט מיט צוויי יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט זיין „פּאָרטרעט פון אַ ייד“, האָט ער פריער פאַרעפנטלעכט אַנדערע „פּאָרטרעטן“, וואָס זענען אים דעמאָלט געווען בילכער: „דער פּאָרטרעט פון אַ קאָלאָניזירטן“, „דער פּאָרטרעט פון אַ קאָלאָניזאַטאָר“, דערציילונגען „די סטאַטוע פון זאַלץ“ און ווערק פון ריין סאָציאָלאָגישן און פּסיכאָלאָגישן אינהאַלט.

ערשט אַ סך שפּעטער, אַ 15 יאָר נאָכן סוף פון די אויסראַט־יאָרן, איז דערשינען זיין „פּאָרטרעט פון אַ ייד“.

דאָס שטימט מיטן גאַנג און דויער פון אַלע זיינע גילגולים, וואָס ער אַליין דערמאָנט אין דער הקדמה צום פּאָרטרעט: פאַר וואָס דאָס דאָזיקע בוך?

זיי אַנטוויקלונג, אַחוץ שפּראַכלעך, איז געגאַנגען אין דער זעלביקער

ריכטונג, ווי ביי אַ יידישן אינטעליגענטן בחור פון פוילן. חדר, ראַבינער־סעמינאַר, שולע פון „אַליאַנס איזראַעליט", מיטלשול און הויכשול.

פּאָליטיש: אין אָנהייב — יוגנטלעכער ציוניזם, חלוציזם, שפּעטער זעען אים די אַלע ספּעציפיש־יידישע קנינים אויס צו בלייך, צו באַגרע־נעצט, צו מינדערווערטיק לגבי די אַלע גרויסע זאַכן פון דער וועלט: די סיטואַציע פון קאָלאָניזירטן, די סיטואַציע פון פּראָלעטאַריאַט.

ער איז נאָך זייער אַ יוגנטלעכער, ווען עס ברעכט אויס דער בירגער־קריג אין שפּאַניע, וואָס דערשיינט פאַר די יידישע יונגע מענטשן, עמפּינד־לעך פאַר אַלע פרייהייטן און פאַר אַלע פאַרפאָלגונגען, ווי דאָס דעצי־דירנדיקע געשעעניש, וואָס וועט געבן דער מענטשלעכער געזעלשאַפט אַ נייע ווענדונג, אַ גליקלעך פּנים.

אין פראַנקרייך טריומפירט דעמאָלט דער פאָלקס־פראָנט.

אָ, גרויסע וועלט, האָפענונגספולע וועלט, עפן ברייט דיינע טויערן! אונדזערע יידישע האָפענונגען, אונדזער יידיש גליק וועלן זיך שוין איינ־זאַפּן אין גרויסן גליק פון דער וועלט.

מיט צוויי יאָר שפּעטער ברעכט אויס די וועלט־מלחמה. דער היטלער־סטאַלין־פּאַקט, דער ווישי־רעזשים גיבן דאָס צווייטע בילד פון דער וועלט, שחיטות, פּאָגראָמען און אויסראָט פון אייראָפּעישן יידנטום.

די מלחמה איז פאַרענדיקט מיטן זיג פון דער גערעכטיקייט. עס הייבן זיך אָן די מלחמות פאַר דער באַפרייאונג פון די קאָלאָניזירטע פעלקער. אָלבער מעמי, ווי אַ טונעזישער ייד, באַטייליקט זיך אין דער מלחמה פאַר „זיין" פאָלק, פאַר באַפרייען זיך פון פראַנצויזישן יאָך.

זיינע טונעזישע חברים זענען פול מיט איראָניע: וואָס צערייסט ער זיך אַזוי דעם יאַשטשיק? ער איז דאָך אַ ייד.

ווען טוניס איז פריי, פאַרלאָזט ער מיט דער גאַנצער משפּחה דאָס לאַנד. ער קומט אָן קיין פראַנקרייך, זעצט פאָר זיינע שטודיעס, ער ווערט דאָ אַ פראַנצויזישער שריפטשטעלער.

ער ווייסט וואָס מיטן אייראָפּעישן יידנטום איז געשען. ער קען אויך דעם בראָך פון פראַנצויזישן יידנטום אונטערן שותפותדיקן רעזשים פון אָקופּאַציע און ווישי. ער האָט אַליין געלעבט אונטער דער אָקופּאַציע אין

טוניס, אָבער דאָרט האָט זיך, צום גליק פון די טוניסער ייִדן, די געסטאַפּאָ זיך נישט פאַרנומען מיט דעפּאָרטאַציעס.

דאָרט, אין טוניס, האָט ער בלויז מיטגעלעבט מיט דער סיטואַציע פון זיינע ברידער אויפן אייגענעם פראָנט. אַלץ איז זיי צוגעזאָגט געוואָרן אין באַפרייטן לאַנד, אָבער גלייך ווי דאָס לאַנד איז באַפרייט געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן דער עקזאָד. אַזוי גרויס איז געווען דער קעגנזייטיקער צוטרוי.

אַלבער מעמיס „פּאָרטרעט פון אַ ייִד" דאַרף אָבער נישט באַטראַכט ווערן ווי אַן אויסדרוק פון אַן אָפּגעפונענער ייִדישקייט, ווי אַ צוריקגאַנג צו זיך. ער איז, וואָס אַן אמת, קיין מאָל נישט אַוועק ווייט פון ייִדישקייט. אָבער ער איז אויך נישט צוריקגעקומען צו זיין פאַרגאַנגענהייט מיט פרייד.

עס איז נישטאָ קיין שום פרייד, קיין שום נחת, קיין שום קול פון שאַלונג אין דאָזיקן צוריקקום.

ער איז אַוועק פון די אונטערדריקטע, וואָס זענען אַליין געוואָרן אונ־טערדריקערס און ער איז צוריקגעקומען צו די, וואָס זענען אים, לויטן שטאַם און אונטערדריקונג, די נאָענטסטע, אָבער דאָס איז בלויז צו קאָנסטאַטירן די אַנטי־ייִדישע פאַרשווערונג, וואָס גייט אָן אין דער גאַנ־צער וועלט אין אַלע צייטן, אָן דעם צו געפינען אין ייִדישן לעבן טרייסט, אָדער געפילן פון אויסדערווײלטקייט און ווען אַפילו אויסדערווײלטקייט פון יסורים.

דאָס בוך איז געשריבן ווי פון אַן אָרנטלעכן קרוב פון דער משפחה, וועלכע דערווייטערט זיך נישט, האַלט נישט אָן קיין דיסטאַנץ, אָבער וועלכער זעט נישט קיין שום שמחה אין אָפּגעפינען קרובים.

שוין די עפּיגראַפן, צוגעקליבענע צו יעדן פּרק פון בוך, אַנטפּלעקן אַ טרויער, ווייזן אויף אַ שווערן עלעגישן טאָן, מיט וועלכן דאָס גאַנצע בוך איז דורכגעזאַפּט.

דער הקדמה פון בוך „צו וואָס דאָס בוך?" ווידמעט ער אַ ציטאַט פון זיינע אייגענע כתבים, וואָס שרייט מיט אַ מוראדיקן פּעסימיזם: „ווען איך זאָל קומען פון אַ בערבערישן שבט, וואָלטן מיך די בערבערן נישט אָנער־קענט, ווייל איך בין אַ ייִד און נישט קיין מוזולמענער, אַ שטאָטישער און

נישט קיין באַרגמאַן; ווען איך זאָל טראָגן דעם געניעוויען נאָמען פון מאלער, וואָלטן מיך די איטאַליענער נישט אויפגענומען, ווייל איך בין אַן אַפרי־קאַנער און נישט קיין אייראָפּעער, איך בין אַלץ תמיד מרדכי אַלעקסאַנדער כעניִלושע, אַן איינגעבוירענער אין לאַנד פון קאָלאָניזאַציע, אַ ייד אין אוניווערס פון אַנטיסעמיטיזם, אַפריקאַנער אין אַ וועלט פון אייראָפּעישן טריומף״.

דער טאָן און דער משקל פון די שורות קלינגען ווי אַ פּאַראַפראַזע פון פּעסימיסטישן דיכטער פון העברעישן מיטלאַלטער: „לו יהיו נרות סחורתי, לא יאסיף שמש עדי מותי; לו יהיה סוחר בתכריכים, לא יגוענו אישים כל ימי״ (ווען איך זאָל האַנדלען מיט ליכט, וואָלט די זון נישט אונטערגעגאַנגען; ווען איך זאָל זיין אַ סוחר פון תכריכים, וואָלט קיינער נישט געשטאָרבן). *

בלויז וואָס דאָס אומגליק און דער פּעסימיזם זענען דאָ נישט קיין אויסדרוק פון אינדיווידועלע צרות, נאָר פון קאָלעקטיווע.

דער ערשטער קאַפּיטל פון טעקסט טראָגט דעם נישט־פריילעכן נאָ־מען: „דאָס אומגליק צו זיין אַ ייד״. אים איז געווידמעט אַן עפּיגראַף פון דער תוכחה: „צווישן די פעלקער וועסטו נישט זיין רואיק און דו וועסט נישט האָבן קיין רו פאַר די שפּיצן פון דיינע פיס. דער אייביקער וועט דיין האַרץ מאַכן ברויזנדיק, דיינע אויגן בענקענדיק, דיין נשמה אַ ליידנדיקע, דיין לעבן וועט הענגען איבער דיר. דו וועסט ציטערן טאָג און נאַכט אין אַנבליק וואָס דיינע אויגן וועלן זען״ אאַז״וו.

אויך אויפן טעקסט פון די פּרקים רוט דער פּחד פון דער תוכחה און דער טרויער פון קלאָג און פון קינה.

דאָס בוך איז פאַרטיילט אין פיר הויפּט־פּרקים, יעדער פּרק — אין מערערע אונטער־קאַפּיטלען. נאָך די פּרקים וואָס טראָגן די טיטלען: „דער אומגליק צו זיין אַ ייד״, „דאָס שאָטנדיקע פּנים פון ייד״, „ירושה״ — קומט אַ קאַפּיטל, וואָס הייסט „דער אונטערדריקטער״, וואָס אַנטהאַלט

* (דער אבן עזרא).

פּראָוויזאָרישע מסקנות. מיר זאָגן פּראָוויזאָרישע, ווייל דער מחבר זאָגט צו אַ צווייטן טייל פון פּאָרטרעט, געווידמעט די אויספירן.

אין די אַלע פּרקים, לאַנגע און אויספירלעכע, צעגלידערט מעמי דאָס בילד פון ייד איבער אַלע צייטן און אַלע שטחים. רייך דאָקומענטירט און מיט אומצאָליקע ציטאַטן פון אַלע ליטעראַטורן פון אַלטע און מאָדערנע צייטן, פון מענדעלע מוכר ספרים, פון שלום-עליכם און פון להבדיל, אלף אלפי הבדלות, פון שטרייכערן און פון געבעלסן.

ער שרייבט דאָס בוך אין ערשטער פּערזאָן: אני הגבר, איך בין דאָס דער פּאָרטרעט, דער ביאָלאָגישער, דער עקאָנאָמישער, דער רעליגיעזער, דער קולטורעלער, דער עטישער.

ער קוקט אַריין אין זיך און אין שפּיגל, וואָס ער האַלט פאַר זיך. ער אַנאַליזירט שטריך ביי שטריך, סעפּאַרירט די ריסן פון זיין פּנים, פון זיין גוף און פון זיין נשמה, און דערגרייכט אומעטום צום זעלביקן סקעפּ־טישן סך־הכל: איך בין אַ ייד, איך בין ווייט און פאָרט ענלעך צום פּאָר־טרעט, וואָס די אַנטיסעמיטן האָבן פון מיר געמאַכט, וואָס די ליבעראַלן האַלטן אונטער און וואָס יידן אַליין אַקצעפּטירן, ווייל מ׳קען דאָך נישט תמיד האַלטן קעגן אַלץ און אַלעמען, אַז מען איז די גערעכטע.

אין שער פון בוך איז פאַראַן אַ ווידמונג „צו די יוגנטלעכע חברים פון החלוץ און דעם פרייען מענטש זשאַן־פּאָל סאַרטר“.

צוויי טריישאַפטן האָט דער מחבר פון פּאָרטרעט אָפּגעהיטן: זיינע חברים־חלוצים פון דער יוגנט און דעם פראַנצויזישן פילאָזאָף, אַנגעזעצ־נעם שריפטשטעלער און שעפער פון פראַנצויזישן עקזיסטענציאַליזם — זשאַן־פּאָל סאַרטר.

סאַרטר — דאָס זענען אַלע מודה — איז אַ פיינער הומאַניסט, פאַר־מאָגט נישט קיין שמץ פון אַנטיסעמיטיזם, פון דעם איז אויך ריין זיין נאָענטסטע פריינדין, די פיינע שריפטשטעלערין מאַדאַם סימאָן דע באָוואַר.

סאַרטר האָט פון דעסטוועגן נישט געפונען קיין שום פּאָזיטיווע דעפיניציע פאַרן מהות ייד, און אין דעם בוך צו דער יידן־פראַגע, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט גלייך נאָכן צווייטן וועלט־קריג, ווו ער חוזקט

ביטער אָפּ פון אַנטיסעמיטיזם, דעפינירט ער דעם ייד, ווי אַ מענטש, וועמען נישט־יידן האַלטן פאַר אַ ייד.

צו דער דאָזיקער פאָרמולירונג באַציט זיך אַלבער מעמי מיט רעזערוו, טראָץ זיין גרויסער פאַרערונג צום פילאָזאָף, אָבער אין דער דעפינירונג פון פּאָרטרעט געפינען מיר פּאָרט אַן ענלעכן צוגאַנג צום פּאָרטרעט פון די „אַנדערע". צום בילד, געמאָלן דורך נישט־יידן און די קאָנסעקווענצן געצויגענע פון דער גאַנצער וועלט צום בילד פון ייד, צוזאַמענגעשטעלט און אויפגעצוווּנגען דורך אַנדערע.

דאָס בוך איז געשריבן שטאַרק אינטערעסאַנט, מיט געפיל, אָבער דער געפיל פון פּחד איז גרעסער ווי דער „סענטימענט". עס מאַכט דעם איינדרוק פון נאַענטקייט און אויפריכטיקייט, אָבער אָן דעם געפיל פון פאָלקס־הנאה פון „וואָס מיר זענען, זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר".

פאַרענדיקנדיק צו לייענען דאָס גאַנצע בוך פון אַלבער מעמי, אָנגע־פּיקעוועט מיט געדאַנקען, מיט פּסיכאָלאָגיע, מיט סאָציאָלאָגיע, מיט דאָקו־מענטאַציע, מיט ציטאַטן, מיט אַנאַליזע, אָנגעפילט מיט צער, מיטן צער צו זיין אַ ייד, מיטן צער תמיד צו מוזן בלייבן בענילושע — קום איך צום אויספיר, אַז מעמין, דעם מענטש פון טיפן געפיל, פעלט באמת דאָס יידיש־אינטימע און, אפשר, אַפילו דער שפּראַכלעכער מכשיר.

ווען מעמי וואָלט געשריבן זיין ווערק אַ שטייגער אין יידיש, אין אַ שפּראַך פון יחידישע און שטאַמיק־דורותדיקע איבערלעבונגען, וואָלט „זיין ליד אַנדערש געקלונגען" און געווען דורכגענומען מיט מער סענטי־מענטן פון נחמה.

1964 אָקטאָבער